דער ניסטער

# פון מיינע גיטער



מעלוכע-פארלאג פון אוקראינע
1929

כ׳ווייס ניט פונוואַנען ס׳איז מיר געפֿלויגן, נאָר פּלוצים און אינמיטנדרינען האָב אַף מיין שטערן אַ נאַס בלאָטע־לאַטקעלע דערפילט. כ׳האב זיך אַרומגעקוקט — ווער קאָן דאָס זיין און ווער האָט דאס געוואָרפן. האב קיינעם ניט באַמערקט, און גלייך מיט דער האַנט דאָס לאַטקעלע אַראָפּגענומען, און זע: אַ מאַטבייע.

און אַזוי ווי א שטיק צייט בין שוין שלינג־און שלאַנג ארומגעגאנגען און נישט געגעסן און קיין רעכטע אכסאַניע נישט געהאַט, האב איך זיך דאס מאָל פארגעניגן געוואָלט אָנטאן, און בין אַוועק און אין א גוטן רעסטאָראַן אַריין און האָב אפגעגעסן, זאַט געוואָרן, און נאָך דער זעט, בין אין שטאָט און מיט אין קעשענע נאָך אויסגאָב אַפן שפּאַציר אַרויס. און אַזויווי אַ שיינער טאָג איז געווען און אפן האַרצן מיר נישקאָשע אופגעלייגט, און פאַרביי דעם שיינעם שטאָט־און שפּאציר־פּלאַץ בין דורכגעגאנגען, און דאָרט זיינען געצעלטן און בידלעך אויסגעשטעלט געווען, וואו מ׳האט ביכער פארקויפט און וואו פיל מענטשן, גרויסע און אויך קינדער, האבן געקויפט, ווייל אין גאנצן לאַנד איז א ביליקע בוך־וואָך אויסגערופן געוואָרן, און ביכער האָט מען אין די ביידלעך געפּלעט, און יעדער פּלעט, איז געשריבן געווען, האָט געמוזט געווינען, — האָב אויך איך איינגעשטעלט און אַ גוירל־קוויטעלע געצויגן, און אַז דער פאַרקויפער, וואָס פאַרקויפט באַםביידל, האָט דאָס קוויטעלע צעוויקלט, האָט ער מיר א ביכעלע אונטערגעטראָגן:

דער אַווטאָר — דער ניסטער!

דער נאָמען — שריפטן פון אַ דולן; און אַפן שאַאר־בלעטל איז אויך אַ געמעל געווען: א בלאַס־מעשוגענער איז אין א לאנג מעשוגאָאים־העמד אָנגעטאן געשטאַנען.

כ'האב איבערגעמישט, און דאָס בוך הויבט זיך אָן: און דער ניסטער קלאָגט זיך, אַז צען בערן האָט ער אַף קעסט געהאט, און די בערן האבן אים דעם קאָפּ אָפּגעגעסן און האבן אים בעדיל-האַדאַל געשטעלט. און אַז ער האָט שוין גאָרניט געהאט און קיין פּרוטע נישט פאַרמאָגט, און אַליין פלעג שוין אין די הייזער אומגיין און בעטלען, האבן זיי אַלץ נאָך פון אים ניט אָפּגעלאָזט, פלעגן אָפּט נאָך אים באַזוכן, פלעגן זיך באַ זיין טיש אויסזעצן, און וואָס יענער האט געבראכט, וואָס ער האט אין די הייזער און אַף די שוועלן צונויפגעזאַמלט, פלעגן זיי בא אים פאַדערן און ער פלעג זיי מוזן אָפּגעבן.

דאָס לעצטע מאָל, אַז ער איז אהיים געקומען, האָט ער זיי ווידער בא זיין טיש געטראָפן, פיר אַנטקעגן פיר באַ דער לענג פון טיש, איי-נער אַנטקעגן אַנדערן אין דער ברייט, און די, וואָס אין דער לענג, זיינען יונגערע געווען, און די, וואָס בא דער ברייט — צוויי עלטערע און בע-קאָוועדיקע. און זיי האבן געשוויגן אַלע און געוואַרט, געקוקט אף אים און געהייסן האָט עס: עסן...

און אַז דער ניסטער האט זיי אַף דער שטוב אָנגעוויזן: און זאָלן זיי זעען — ער האָט ניט, און אויך אַף דער זאַמל-טאָרבע — און אויך דארט גאָרניטאָ, און אז די איינציקע שאפע זיינע שטייט אָפן, און די פאָלעצעס ליידיק, און אַף די וועגט קיין קלייד, און אין די ווינקלען פון די ווענט נאָר שפינען, און אויך די שפינען טויט, און אויך זיי אין כאַלאָשעס — האָבן זיי ווידער געשוויגן.

און דער ניסטער האָט זיך געטראַכט: און וואָס נאָך זאל ער זיי פאָרלייגן, אַז ער האָט גארנישט, און אז ער איז באַנומען, און סאַידן נאָר זיינע צען פינגער, מעגלעך... און ער האט זיי געזאגט: און אָט דאָס האָב איך און דאס פארמאָג איך, און מער — כאָטש די נעשאמע, און טוט וואָס איר ווילט מיט מיר... און די בערן האבן אף די פינגער געקוקט, און די בערן האָבן מאַסקעם געווען: און פינגער איז פינגער, און אויך פינגער איז אן עסן.

און דער ניסטער איז צום ערשטן און צו איינעם א קליינעם בער צוגעגאן, און ער האט אים איינעם א מינדסטן אַף אפבייסן דערלאנגט, און יענער האט אפגעביסן, דעם צווייטן פינגער — צו א צווייטן, און אויך יענער דאָסזעלבע, — און אזוי פון איינעם צום אנדערן אין איין זייט

טיש, און דער ניסטער האט שוין אין איין האַנט קיין פינגער נישט געהאַט, און אנשטאט פינגער — בלוט אוןביינער אָפגעריזעט, און די אַנדערע האָבן געקוקט און אויסגעוואַרט און בעקאָוועד באַלעקט זיך.

און דער ניסטער איז צו דער צווייטער זייט טיש געקומען, און שוין פון דער צווייטער האַנט ווידער איינעם א מינדסטן, און א צווייטן ווידער, וואס נאָכן מינדסטן, און אזוי ווייטער, און ביז אין דער צווייטער האַנט זיינען אים נאר צוויי פינגער שוין געבליבן, און צוויי בערן נאר אף באַטיילן — איינעם א יונגן בער בא דער לענג פון טיש, און איינעם אַן עלטסטן באַ דער צווייטער ברייט.

און דער יונגער האט שוין קיין געדולד געהאַט, ווייל ער האט געזען, אַז אלע עסן שוין, און אלעמענס מיילער זיינען שוין מיט בלוט און מיט ריזען פאַרנומען, און דער אפעטיט האָט זיך אין אים דערוועקט, און גרויסער כיישעק האט זיך אין אים צעשפילט, און אַז דער ניסטער איז צו אים צוגעגאנגען און זיין פינגער אים דערלאַנגט, האָט ער געאיילט און א כאַפּ געטאָן, און פון גרויס איילעניש האט ער ביידע פינגער מיטאַמאל אין מויל אַריינגעכאַפּט, און דער עלטסטער און דער לעצטער בער איז אָן עסן און אָן א פינגער געבליבן, און א ברויגעזער איז ער געזעסן, און בעקאָוועדיק זייער, און ער האָט געוואַרט, און, זעלבסטפארשטענדלעך, אַז אָן גארנישט וועט אים דער ניסטער דאָך נישט אָפּקומען, און וואס איז ער ערגער פון אַלע, און, פאַרקערט, און ער איז עלטער און ס׳קומט דאָך אים מערער . . .

און דער ניסטער איז שוין מיט צוויי בלוטיקע הענט געשטאנען, זיי אַף ארוף געהאלטן און דאס בלוט איז אים אין די ארבל גערינען, און דער ווייטיק איז גרויס און וואָס זאל ער מיטן בלוט טאָן, און ער קאָן זיך אפילע נישט פארבינדן און מיט קיין האנטעך ניט פאַרבאַנדאַזשעווען.

און דער ניסטער איז צום עלטסטן בער צוגעגאַן און געזאָגט: זע, און מער האב איך ניט. און מער קאָן איך גארנישט ניט טאָן, און אַפילע איך זאל וועלן; און דאָס אויסהערנדיק, האָט דער בער שטיל און בעקאָוועדיק זיין לאַפּע אַפן ניסטערס ברוסט אַרופגעלייגט און געפרעגט: „און דאס, וואס איז?״

— דאָס? — האט דער ניסטער געענטפערט, — ס׳איז גאָרניט, ס׳איז א זייגערל אַ נישטיקס, און ס׳פאַלשעוועט און ס׳גייט שוין שלעכט . . .

— א זייגערל איז אַ זייגערל, — האט דער בער געענטפערט און די האַנט פון דער ברוסט נישט אַראפגענומען, און זי אַלץ ש״יל געהאַלטן.

און דער ניסטער האט געזען, אַז ס׳פארפאַלן, אַז ער וועט איצטער מיט זיין האַרץ און מיט זיין ברוסט זיך מוזן אָפגעזעגענען, און דאָס איז שוין דאך געוויס דאָס לעצטע, און נאָכדעם וועלן שוין אויך שפּינען אין שטוב מוזן אויסשטאַרבן, און נאָכדעם וועט ער שוין אפילע אין די הייזער נישט קאנען גיין.

און ער איז געשטאַנען א ווײַלע און ער האט אפן בער געקוקט, און דאָ האט זיך אים זיין פינגער-ווייטיק געשטאַרקט, און גרויסע ליידן צום נישט-איבערטראָגן, און אַ גרויס געשריי האָט זיך פון אים געריסן, און ער האט דאס אופגעהאלטן, און ער האָט די איבעריקע בערנס-סודע נישט שטערן געוואָלט. און דערנאָך, און אַז אַלע האבן שוין אפגעגעסן, און דער עלטסטער בער האט זיין לאפּע אף דער ברוסט נאך אלץ געהאַלטן, און ער איז הונגעריק געווען און אף זיין פּאָרציע, און אַפן ניסטערס ברוסט געוואַרט, האט דער ניסטער זיך אָנגערופן און געזאָגט:

— הערן מיינע בערן, איר מאָנט בא מיר דאָס לעצטע, און אז איך וועל אייך אָפּגעבן, וועלן א י ך און א י ר שוין מער ניט האָבן, און מיר מוזן זיך איצט געזעגענען, און אַזויוי מיך און מיינע אָרעמקייטן און אין מיינע לאַגעס ביטערע האט איר געזעען, און אין מיינע רייכקייטן מיך קיינמאל ניט, וויל איך זיי איצט פאַר אייך ארויסציען און אייך וועגן זיי דערציילן, און איר זאלט זעען, אז אזוי ווי פון רייך קאן מען ארעם ווערן, קאָן מען דאך מעגלעך פון ארעם אויך צוריק רייך... און עפשער, ווען איר וואָלט מיר איצט דאָס לעצטע איבערגעלאזט, ווער ווייסט און מעגלעך וואָלט איר אויך דערנאך קיין כאַראָטע ניט געהאַט, און עפשער פאַר איין מאָל ניט עסן, וואלט איר דערנאך דערפאַר מיט פיל סודעס באלוינט געווארן...

און מיינע פינגער, וואָס איר האָט מיר אפגעריזעט, טוען מיר ווי, און די ביינדלעך, וואָס וואַרעמען זיך און קאָכן זיך שוין אין בויך בא אייך, האבן מיר בלוט-ברענענדיקע וואונדן געלאזט, און א געשריי שטייט מיר אין גאָרגל, און נאר צוליב אייער סודע האב דאס ניט אויסגעשריען, און אַ גרויס געשריי שטייט מיר ערשט פאָר, און בעשאס דאס הארץ וועט מיר ארויסגענומען ווערן, אבער דערווייל, און ס׳איז נאך בא מ י ר דאס

הארץ, און וויפל ס'איז מיר נאָך מיט דעם איניינעם זיין באשערט, וויל איך דאס אויסנוצן און כאטש צום לעצט מיט דעם זיך אָנפרייען,— איז דערלויבט מיר דערום צום לעצט, און הערט וועגן מיינע רייכקייטן:

און וויסן זאלט איר זיין, אז אין די הויכסטע ערטער האב א אייגע־נעם לייטער געהאט, און אפט פלעג איך ארוף, און איינמאל בין איך לאַנג דארט אויך פאַרבליבן. און אויבן, ווי אונטן, זיינען ערטער פאַראַן פאַרשיידענע, שיינע און אויסטערלישע און אויך מיעסע און בלאָטיקע. און, ווי געוויינלעך, האב איך זיך מיט די שיינע פריער געזעטיקט און לאַנג אין זיי פאַרבראַכט, און דערנאך האָב זיי פאַרלאָזט, און איך האב די גרענעצן אַריבערגעטראטן, און אין אַ קויטיק און אין א בלאָטיק אָרט איינס האב געטראָפן.

און אַ אישעוו איז דאָרט געווען, און דער אישעוו איז העכער האַלב אין בלאָטע פאַרזונקען, און וועגט פאַרשמירט, און ווייסקייט און נישט־קויטיקייט איז דאָרט א כידעש. און מענטשן האבן ביז איבער די קנעכל אין בלאטע געטיאָפּקעט, און די ביניאָנים—בלאָטע, און מיט בלאָטע זיינען זייערע דעכער געדעקט, און אַז ס'האט גערעגנט, און אַז די דאַך־בלאָ־טעס האָבן זיך צענעצט, איז דער שמוץ אויך אין די הייזער אַריינגע־רונען, און וואָס אין די הייזער האָט זיך געטאָן דעמאָלט, איז שוין פאַרשטענדלעך, און ווי אינעווייניק באַ די קויטיקע ס'האט אויסגעזעען, קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן. און אַזוי ווי די מענטשן אליין, אזוי אויך די פאַרנאָסעס זייערע. און פון קויט האָט מען בולקעס געקנאָטן, און אַף שמוץ זיי געבאַקן, און אומגעוואַשענע זיי אויך געגעסן...

און ווער ס'איז צו זיי אַ גאַסט פון דער פרעמד געקומען, האט די ערשטע צייט, נאַטירלעך, געליטן, געהונגערט און צום מויל נישט גענו־מען, אָבער לעסאָף פלעג נישט אויסהאַלטן, ווייל עסן האט ער דאָך געמוזט, און ער פלעג זיך אונטערגעבן, און ווילנדיק נישטווילנדיק, אין זייערע קויט־סודעס אנטייל מוזן נעמען. און אויך איך,— אַז איך בין אַהין פון די שיינע ערטער אָנגעקומען, האָב די ערשטע צייט שטאַרק פון הונגער געליטן, פון הונגער און פון קעלט, ווייל נישט דאס עסן זייערס האב געגעסן, און אויך פון זייערע געלעגערס האט מיך גע־עקלט. אָבער, אַז אַ שטיקל צייט איז פאַרביי, און אַלץ מיינס שיינס, און אַלע מיינע פאַרגרייטונגען פון יענע ערטער זיינען מיר אויסגעגאַנגען,

האָב איך בעאיין־ברײרע זיך אונטערגעבן געמוזט, און צי כ'האָב געוואָלט, צי ניט געוואָלט (און, פאַרשטענדלעך, נישט) האָב דאך פון זייער קויט־ברויט געמוזט אָפּברעכן און אין זייער שמוץ־שיסל אַ לעפל אריינשטעקן.

און איך האָב געגעסן, און באלד האב אויסגעבראָכן, און איך האב א צווייט מאָל געגעסן, און איך האָב ווידער געבראָכן, און די קויט־לייט האָט דאָס פאַרדרסן, און וואָס פאַר אַ מעפונעק בין איך זיי, און פאַרוואָס זיי מעגן, און פאַרוואָס זיינען זיי געוואוינט, און פאַרוואָס אויך אַנדערע און אויך גֿעסט ווערן צוגעוואוינט, און פאַרוואָס איך נישט, און וואָס בין איך עס פאַר אַ מעיוכעס?

און זיי האבן מיך פיינט געהאַט. און אַז איך בין פון זייער עסן קראַנק געוואָרן און זיך אַוועקגעלייגט, איז קיינער צו מיר נישט צוגעגאַנגען, און קיינער האָט מיר, ווי פאר אַ כוילע, קיין אַנדערע מאַכאָלים נישט פאַרגרייט און נישט אונטערגעטראָגן, און אפילע אויך נישט ווי פאַר קיין כוילע — און זיי האבן ביכלאַל אין מיר פאַרגעסן, און אפילע שוין אויך זייערס און דאס געוואוינלעכע שמוציקע מיר נישט דערלאַנגט.

און איך בין אָפּגעצערט געוואָרן און קיינער האט זיך אף מיר נישט אומגעקוקט, און אז איך בין ווייטער געלעגן און שוין מיט קיין אייווער נישט געקאָנט רירן, און אז כ'האָב זיך אין שטוב בא מיר אַמאָל א טרונק געבעטן, און אז קינד אין שטוב, ווען די עלטערן פלעגן אוועקגיין, אָדער ווען אַן אַלטער, א פאַרבליבענער, פלעג מיר אמאָל אף מיין געבעט זייערס אביסל וואַסער דערלאַנגען, און דאס וואַסער, ווי דאס עסן זייערס, איז שוואַרץ און שמוציק געווען, און איך האב אַ זופּ געטאָן און מיין קרענק געוואָלט שטילן און מיין דאָרשט לעשן, — און איך האב אויך דאס וואַסער אויסגעבראָכן, און מיט דער וואַסער שוין דאס לעצטע און מיט דער וואַסער די גאַל, און גרין בין איך געוואָרן און געשריען ברעכנדיק, און אז דאס קינד, וואָס האָט מיר דעם טרונק דערלאַנגט, אָדער דער איבערגעבליבענער אַלטער, פלעגן זיך דערשרעקן, און לויפן און די שטוב־מענטשן רופן, די אייגענע אָדער נאָענטע און שכיינים, פלעגן יענע זיך נישטוויסנדיק מאַכן און, מערסטנטייל, אַפילע נישט הערן וועלן, און ווען שוין יאָ געהערט, און ווען שוין יאָ אַמאָל געקומען און

אז זיי זיינען אריין און האָבן מיך א גרינעם, א ברעכנדיקן און אין כאַלאָשעס געטראָפן, — פלעגן זיי שטיין און קוקן אף מיר און שפּייען, און „אַן אָנשיקעניש" פלעגן זאָגן, „ווער האָט אים באַדאַרפט, ווער אים גערופן, וואָס איז ער געקומען, און באַלד וועט ער דאָך שטאַרבן און זיי וועלן זיך מיט אים נאָך א טויטן דאַרפן פּאָרען און אים נאָך אַ קייוועי דאַרפן גראָבן — טאָמער ווייסטו"...

און העלפן, נאַטירלעך, האָבן זיי מיר נישט געהאָלפן, און העלפן האָבן זיי אויך נישט געהאַט מיט וואָס, אַז פאָרט, און ווי ס'זעט אויס, בין איך א איסטעננעס געווען, פאָרט מיינע קישקעס אפּאָנעם אַנדערע, און איך בין א פרעמדער נאָך דערצו, און וואס, בעעמעס, בין איך דאָ, און וואס האָב איך צו זיי, און צו וואָס זאָל איך זיין אַן אָל אף זיי.

און געזונט ווערן, האב געזעען, וועל בא די שמוץ־און קויט־פאַרשוינען שוין נישט ווערן, ווייל קיין עסן און קיין רעפועס פון שמוץ זיינען קיין עסן און רעפועס ניט. און שטאַרבן באַ זיי, האב איך אויך נישט געוואָלט, און אליין דער געדאַנק, אַז נאָכן טויט אַפילע וועלן זיך מיט מיר שמוציקע מיט שמוציקע הענט פּאָרען, האָט מיר — כאָטש באַ מיין שלעכטן לעבן דאָרט — דאך דעם טויט נישט ניכע געמאַכט.

און איך האָב זיך געשטאַרקט, און איך האב אַלע קויכעס צונויפגענומען, און איך האָב זיך פון שמוץ־בעט אופגעהויבן, האָב מיינע פאַרזשמורזשעטע דאָרט קליידער אָנגעטאָן, און ווי ניט איז, און אָן אַ וואָרט צו זאָגן און אָן מיט קיינעם זיך צו געזעגענען, האָב זיך צו דער טיר צוגעשלעפּט, איבער דער שוועל אַריבערגעטראָטן, און אין דרויסן אַרויס...

און פון דעם געדאַנק, אַז איך בין שוין אינדרויסן, איז מיר גוט געוואָרן, און פון דער האָפענונג, אז, מעגלעך, און מיט די לעצטע קויכעס, און איך וועל זיך דאָך ווי־ניט־ווי ארויסשלעפן פון שמוץ, האָט מיר קויעך אונטערגעגעבן, און איך האָב גענומען פיס אין דער בלאָטע שטעלן.

און שטוב־לייט האָבן דאס דערזעען, און אז איך בין פון בעט אופגעשטאַנען, און אז שטילערהייט און אָן אַ זיי־געזונט פאַרלאָז איך זיי, און אַז איך בין אף דער פרישער לופט ארויס, און די לופט איז מיר ניכע, און מיינע אויגן קוקן מיט גענעזונג, און זיי האָבן געשפּעט און געלאַכט פון מיר, און זיכער, האבן זיי געגלויבט, אז איך וועל זיך ביז

דער גרענעץ זייערער נישט דערשלעפן, און אויך אַ פּאַרדראָס האָבן זיי דאָך, ווי געזאָגט, אף מיר געהאַט, און, ווי געזאָגט, אַף מיר, ווי אַף א מעפּונעק, האַס געטראָגן, און „זע — האָבן זיי געשריען,— ער גייט אַוועק פון אונז, ער פאַרלאָזט אונז, אונזער מעדינע איז אים צו ענג, אונזער בלאָטע שמעקט אים נישט, און ער זוכט זיך נייע לענדער, די פּעגירע...״

און די שכיינים האָבן זייער קאָל דערהערט, און אויך די שכיינים זיינען פון זייערע הייזער ארויס, און אויך זיי האָבן „זע״ געשריען, און אויך די שכיינימס קוילעס האָבן נאָך שכיינים ארויסגערופן, און אזוי מער און מער און ווייטער און ווייטער, און דאס גאַנצע פאָלק שוין אַפן גאַס, און אלע אין איין קאָל, און אלע אין איין אויסגעשריי: „די פּעגירע גייט אוועק! די פּעגירע פאַרלאָזט אונז!״

און אייניקע האָבן מיך מיט זידל - ווערטער באַגלייט, און אַנדערע האבן מיר בלאָטע נאָכגעוואָרפן, און פריער די קליינע קינדער, דערנאָך אויך די פּאָטערס און די עלטערע. און דער אוילעם איז אין ראַש אריין, און דער אוילעם האט זיך צו דער ערד געבויגן און בלאָטע גענומען, און בלאָטע איז גענוג געווען, און ווי זיך באַגיין מיט בלאָטע האט דער אוילעם געוואוסט, און דער אוילעם האט געוואָרפן, און יעדער וואָרף האט זיך צו מיר צוגעקלעפּט, און פריער די פלייצע פול, און אז כ׳האב זיך אויס־געקערעוועט און אַף צוריק צו די וואַרפער א קוק געטאָן, איז אויך מיין פּאָרנט און מיין פּאָנעם באַקלעפּט געוואָרן, און דער קאָפּ און אויך די האָר פון קאָפּ, און איך בין נאַס און כוישעך געוואָרן, און פון בלאָטע — א שווערער... און איינס נאָך איינס איז שוין געפלו־גן, און די ערשטע וואָרפן האָב נאָך געפילט, און די שפּעטערדיקע האב שוין אופגעהערט צו פילן, און א באַבלאָטיקטער און א באשמוצטער האב זיך קוים פון דעם אין מיר וואַרפנדיקן און מיר נאָכלויפנדיקן אוילעם דערווייטערט.

און מיט גרויסע שוועריקייטן, און א שטאַרק־קראַנקער האָב לאַנג אין די בלאָטעס דאָרט געריזנעט און א שטיק וועג בין אָפּגעגאַן און פיל מאָל האָב זיך אָפּגעשטעלט און אינמיטן בלאָטע אָפּגעאָטעמט, און פיל מאָל האב איך געמיינט, אַז ס׳איז אַן עק שוין, איך וועל נישט דערגיין, און אין שמוץ שוין די נעשאָמע לאָזן, און ביז לעסאָף, און איך בין אַרויס פונדאָרט, און א נאַסן פוס אף דער טרוקענער גרענעץ שוין גע־שטעלט, און ווידער אין א שיין לאַנד - אָרט אָנגעקומען.

און באַלד האבן מיך די גרענעץ-לייט דערזען און זיי האבן זיך עפעס שטאַרק פאַרוואונדערט, און זיי האָבן געקוקט אַף מיר, און ווי מיט גרויס אָפשיי עפעס גרויסע אויגן אף מיר צעעפנט, און איך האָב פאַרשטאַנען, און איך האב מיר זייער וואונדערן-זיך דערקלערט, און געדענקט האב איך, אַז דאס קוקן זיי אַף מיר, ווי מע דאַרף טאַקע אַף מיר קוקן, ווי אף א מעס, וואס איז אין א לעבעדיק לאַנד אָנגעקומען, אָדער ווי אף אַ קויטיקן און אויסגעוואדזגעטן, וואס האט זיך אין א זויבערער זאַל אַריינגעשטעלט, ווייל קראַנק בין איך דאָך געווען, און זיכער, מיסטאַם, אויך טויט-סימאָנים אף מיין פאָנעם, און אויך מיט בלאָטע פאַרוואָרפן, און ביידע צוזאַמען — אי קראַנק, אי אויסגעוואַדזגעט, — און דאס האט געוויס דעם וואונדער זייערן ארויסגערופן.

אָבער, אַז כ'האב ווייטער געקוקט, האב איך געזעען, אַז מער ווי וואונדער איז זייער אָפשיי צו מיר גרויס, און גוואַלטיקער דערעכערעץ האַלט זיי פונווייט פון מיר, און גלייך נישט קיין קראַנקער און נישט קיין אָרעם-שמוציקער האט זיך צו זיי באַוויזן, נאָר פאַרקערט, א רייכער זייער, און דאָס אַשירעס שרייט אַראָפ פון אים, און גלייך זיי, די גרענעץ-לייט און די פון יענעם לאַנד-איינוואוינער, האָבן קיינמאָל ניט געזען אזוינעם, און גלייך אַף גאָלד טרעט ער, און גלייך מיט גאָלד איז ער פון קאָפ ביזן די פיס באַהאַנגען...

אוןווירקלעך: און אז איך האָב די האַנט אויסגעשטרעקט, און די בלאָטע פון פאָנעם געוואָלט אַראָפנעמען, זיך אַביסל פון שמוץ באַפרייען און פאַר דעם שיינעם אָרט זיך אַביסל שענער מאַכן, און איך האָב דאָס ערשטע שטיקל פאַרדאַרטס און בלאָטע-טרוקן אַראָפגענומען און דאס אין דער האַנט געהאַלטן, אַזוי האָב איך אין דער האַנט נישט קיין בלאָטע, נאָר טאַקע גאָלד דערזען. און איין מאָל אראָפגענומען — איין שטיק גאָלד, דאס צווייטע אַראָפגענומען — ווייטער גאָלד, און אַז כ'האָב זיך אף מיין גאַנצן באוואָרפענעם קערפער ארומגעקוקט, האב זיך א דורכויסיקן און אַ גלאַנציקן, א גאָלדענעם און ווי אין א פאַנצער מיט גאָלדענע ליסקעס געטראָפן.

און קלאָר איז מיר געוואָרן, פאַרוואָס די גרענעץ-לייט האָבן מיר קאָוועד אָפגעגעבן, און פאַרשטענדלעך אויך, פאַרוואָס זיי האבן זיך פון מיר ווייט און מיט אַזאַ אָפשיי געהאַלטן. און איך האב זיך שטאַרק רייך

דערזעען און באלד זיך אויך אין קויעך דערפילט, און אזוי ווי פון די בלאָטע־לייט בין אן אויסגעמאַטערטער פון גאַנג און א קראַנקער פון דער קרענק און פון לאַנג נישט־עסן געקומען, און אזוי ווי איך האב זיך אין יענעם אָרט און גלייך שוין אף דער גרענעץ ארומגעקוקט, און שיינע קלייטן מיט גוטע שפייזן, און אויך קלייטן מיט פיינעם אָנטאָן און מיט פאַרשיידענע לוקסוסן דערזעען, אַזוי בין איך גלייך אין דער ערשטער קלייט אריין, און באַלעבאַטים און מעשאָרסים זיינען מיר באַלד אַנטקעגן געלאָפן און מיר מיינע באגערן דערלאַנגט.

און אז איך האָב זיך מיט דער אָפּגעקלעפּטער בלאָטע, וואָס איז באַ מיר אין האַנט באלד צו גאָלד געוואָרן, זיך געוואָלט צעצאָלן, און איך האב דעם באַלעבאָס א גאָלדענע מאַטבייע געגעבן און די זאַכן געוואָלט נעמען, האט ער מיך נישט געלאָזט, און „ניין", האט ער מיר געזאָגט, און איך זאָל זיך ניט מאַטריעך זיין און די מעשאָרסים וועלן מיר דאס געקויפטע שוין אַהיים ברענגען.

און דער באַלעבאָס האָט בא מיר אף מיין אָרט, וואו איך וואוין, געפרעגט, און מיין שטוב, וואו איך האב זיך אפּגעשטעלט, זאָל אים אָנווייזן, און איך מעג גיין, און באַלד וועט מען מיר אלעס אהיים צושטעלן און ברענגען.

און איך האב דאָך אינערגעץ ניט געוואוינט און קיין אָרט ניט געהאַט, און איך בין א ווײלע אין פאַרלעגנהייט געשטאַנען און דעם באַלעבאס פון קלייט קיין גאס און קיין נומער און קיין הויז נישט געקאָנט אָנגעבן.

און דער באַלעבאָס האט מיין פאַרלעגנהייט געזען, און ער האט מיך אף דער סיבע געפרעגט, און איך האב געזאָגט: איך בין א פרעמדער, און איך וואוין נאָך ניט אינערגעץ, און עפשער וואָלט ער אַזוי גוט געווען און מיר, וואו איך קאָן א דירע קריגן אנווייזן.

— און אָך, און מיט אלע קאָוועדן, — האט דער באַלעבאָס גלייך געענטפערט. און דער באלעבאס האט גלייך א מעשאָרעס ארויסגעשיקט, און יענער איז געלאָפן און גלייך מיר א וואוינונג אין א האָטעל באַשטעלט, און דער מעשאָרעס איז באַלד צוריקגעקומען, און פון באַלעבאָס האָט ער א באפעל באקומען, אז אויך אַפן וועג און מיך אין האטעל פירנדיק זאָל ער מיך באַדינען, און עפשער דאַרף איך עפּעס נאָך, עפשער פעלט מיר און עפשער אויך אין אנדערע געשעפטן, און דער מעשאָרעס

וועט מיט מיר גיין, וועט מיר אַלץ ווייזן, וועט פאַר מיר איינהאַנדלען, און אויך דאס דאָרטן־געקויפטע מיר מיטברענגען.

און איך האב אָפּגעדאנקט און איך בין מיטן באלעבאָס־מעשאָרעס ארויס, און וואו מיר זיינען געגאַן, האבן מענטשן אונז נאָכגעקוקט, און וואו נאָר פאַרקערעוועט, האבן זיך מענטשן פון זייערע געגג און באַשעפטיקונגען אָפּגעהאַלטן, זיך אָפּגעשטעלט און צו אונזער זייט זיך אויסגעדרייט. און אף די טירן פון די קראָמען איז מען ארויס, און באַלעבאַטים און מעשאָרסים האבן אונז מיט די אויגן און מיט פאַרוואונדערונג באגלייט, און אויך פון הייזער און פון פענצטער האט מען ארויסגעקוקט, און די גאנצע שטאָט, און אלע גאַסן, דורכוואַנען מיר זיינען דורך, האבן נאָר איין טועכץ און איין טעמע געהאט — מיך מיטן גאָלד, מיך אין גאָלד אָנגעטאָנענעם צו באַוואונדערן, און פון מויל און אויגן מיך ניט ארויסצולאָזן.

און דער מעשאָרעס איז מיט מיר פון קלייט צו קלייט געגאַן, און אין אלע קלייטן האבן מיר, וואָס כ׳האב באדארפט און נויטיק געהאט, איינגעקויפט, און דער מעשאָרעס האט מיך דערנאָך אין א האָטעל געבראַכט, אין רייכסטן און אין זויבערסטן, און דאס שענסטע צימער האט מען מיר אָפּגעגעבן, און מיט אלע באַקוועמלעכקייטן, און מיט זעלטן־שיינע ווענט, און מיט גרויסע טירן און פאָרהאַנגען, און מיט פענצטער אין א שיינעם גאָרטן ארויס, און מיט א שטאַרק שיין בעט און מיט גרויס מענוכע און מיט זעלטענער באדינונג. און פיל באדינער זיינען אף באדינען אנגעגרייט געשטאַנען, און אף יעדער וואָרט מיינס האט ווי אַן אנדערער פון זיי געוואַרט, און יעדער זאָג מיינער איז באַלד ווי צו א באַפעל און אף באַלד אויסגעפירט צו ווערן געוואָרן.

און באַלד האב איך אַלעמען אַרויסגיין געהייסן, און איך האב זיך אין בעט געלייגט און זיך אויסגערוט, און א דאָקטער האב איך מיר געהייסן רופן און דער דאקטער איז געקומען און ער האט מיך באַטראַכט, און ער האט שוין אין מיר קיינע סימאָנים פון שלאפקייט נישט געפונען, און אף גוטע קעסט בין געווען, און דער דאקטער האט מיר, אויסער די קעסט, נאָך גוטע רעצעפּטן פאַרשריבן, און ריכטיק, און אין אַ מעשעך פון איין־יקע טעג האב שוין אין אלעם פריערדיקן פאַרגעסן, און אין דעם בלאָטיקן אָרט און אין דער שלעכטער באהאנדלונג, וואס

מע האט מיך דאָרט באַהאנדלט, און אויך אין דער בלאָטע, וואס מע האט מיך באווארפן, און די קרענק, וואס בין דאָרט קראַנק געווען, און געבליבן איז מיר פון דער בלאָטע דאָך גאָלד, און איך בין רייך און אָנגעזעען און אין א שיין אָרט געפין זיך, און אין שענסטן וואוינונג פון שענסטן אָרט, און דער באַלעבאָס, וואס איך שטיי בא אים, שטרייכט זיך אין מיר, און באַדינטע זיינע גייען ארום מיר אף די שפיץ פינגער אום, און וואָס גייט מיר אָפּ, און וואס נאָך האב זיך געקאָנט וואונטשן?

און טאַקע: און גלייך, און ווי איך האָב זיך גוט דערפילט, אַזוי האב איך זיך אנגעטאָן און אין שטאָט ארויס, און שטאָט האט דאָך מיך שוין פון מיין אָנקומען געקענט, און שטאָט-לייט האבן מיר איצט נאך מער נאָכגעקוקט. און פיל פון פארינטערעסירטע האב איך געזען, פיל סאכרים, מעקלער, און מענטשן, וואָס ווילן געשעפט מאַכן, האָב באַמערקט, גייען מיר נאָך, האָבן עפּעס צו מיר און ווילן מיר עפּעס פאָרלייגן, און דערווייל אישעוון זיך שטיל, האַלטן זיך נאך אָפּ אַ ווײַלע, קוקן מיר נאָך, זעען, וואוהין איך גיי, און וואַגן נאָך נישט צוצוגיין.

אבער שפּעטער אַביסל, און פריער האָט זיך איינער אונטערגעשטעלט און איז צו מיר צוגעגאנגען, און נאָכן ערשטן — אַ צווייטער, און נאָכן צווייטן — נאָך און נאָך. און באלד שוין בין איך פון א גרויסער מאַסע זייערער — סאָכרים, מעקלער און געשעפט-פאַרינטערעסירטע — אַרומגערינגלט געוואָרן, און אַלע האבן מיר פאָרגעלייגט, און יעדער איינער האָט מיר עפּעס וואָס צו פאַרהאַנדלען געהאַט.

און איינגערעדט האט מען מיר: אין לאַנד איז איצט א געלט-מאַנגל, און וויל איך אַ הויז, איז אַ הויז, וויל איך א קראָם, איז א קראָם, וויל איך א וואַלד, וויל איך פעלד, און איך קאָן איצט אַלץ פאַר ביליק קויפן און פאר בעזיל-האַזאָל קימאַט, און זאל איך דאס געלעגנהייט נישט פארזאַמען, און זאָל איך זיך לאָזן איינרעדן.

און איך האב זיך געלאָזט, ווייל אָן געשעפט וואָלט דאָך וואָס צו טאָן נישט געהאַט, און נישט מיט וואָס די צייט צו פאַרברענגען, און וואָס וועל זיך מיטן גאָלד ארומדרייען, און וואָס וועל איך פון דעם פאר נוצן האָבן, און אַז איך האַנדל, פארליר דאָך גארניט, און, פאַרקערט, פאַרגרעסער מיינע נוצן. ווייל כ'האָב זיך אָנגעפרעגט און געזען, אַז די פאָרגעלייגטע געשעפטן לוינען טאַקע, און אין לאַנד איז טאַקע, ווי מע

זאָגט, אַ קריזיס, און מע קאָן אים אויסנוצן, און פאַרוואָס ניט, און פאַרוואָס זאָל איך זיך דען אָפּזאָגן?

און איך האב געקויפט. און ווער א הויז האָט פאָרגעלייגט, האב אַ הויז געקויפט, ווער א קראם — קראָם, און ווער עפּעס אַנדערש, איז אויך עפּעס אַנדערש, און אין א קליין שטיקל צייט אַרום, אַז כ׳האָב זיך ארומגעקוקט. און אַז איך בין אין שטאָט מיט מיינע מעקלער און געשעפטנאַראַיער שפּאַצירן אַרומגעגאַן, און זיי האבן מיר אַף מיינע געקויפטע גיטער — אַף די הייזער און אַף די קראָמען אָנגעוויזן, האב געזען, אַז גאַנצע גאַסן זיינען שוין אין טאַש באַ מיר, פון גאנצע רייען קראָמען טראָג איך שוין די קאָנטראַקטן אַרום, און איך בין באַלעבאָס און איך באַפעל אַף אלעם, און א גרויס שטיק שטאָט־אייגנטום קער שוין צו מיר, און נאָך אביסל, און ניט לאַנג וועט שוין געדויערן, און די גאנצע שטאט מיט א י ר אַ ל ע ם וועט שוין צו מיר געהערן.

און ריכטיק: און אין אַ קליין שטיקל צייט אַרום איז אליין דער באַלעבאָס, וואָס איבער דער גאנצער שטאָט, צו מיר געקומען, דער, וואָס דער שטאָטס פלאַץ און ערד איז זיינע, און אַזויווי ער האט געהערט, אַז איך שטיי אין קויפן, און אין געלט האָב קיין מאַנגל, איז עפּשער וואָלט איך באַ אים די שטאָט געקויפט, די ערד און דאס רעכט אַף איר, מיט אלע ביניאָנים און מיט אלע פלעצער שטאָטישע, און מיט אַלץ, וואָס אַרום איר, און די גאַנצע האַכנאסע וועט צו מיר געהערן.

און איך האב געקויפט, און איך בין שטאָט־באַלעבאס געוואָרן. און אַף א קליין שטיקל־צייט האָב זיך מיט דעם באנוגנט און מיין קויפלוסט אנגעזעטיקט געהאַט, און דערנאָך, און אויך די שטאָט איז מיר שוין וויניק, און אָן אַרבעט צו זיצן — נימעס, און איך האָב יענץ אָרט, דאָס שיינע, און אויך די שטאָט מיט אלעם פון מיר איינגעקויפטן פאַרלאָזט, און זיך אין אַן אנדער ארט איבערגעקליבן. און אויך אין אנדערן האָב דאסזעלבע, וואס אין ערשטן, געטאן, און אַזוי אין צווייטן, אַזוי אויך אין דריטן און אזוי ווייטער און ווייטער, און איך האָב אלץ איינגעקויפט, און דער בוזעם־טאַש מיט פאַפּירן און דער טייסטער מיט קאָנטראַקטן בא מיר, איז באַ מיר אַלץ געוואַקסן.

און אין אלע ערטער איז מיין נאָמען גרויס געווען, און אומעטום און איבעראַל איך באוואוסט און אָנגעזעען, און גאנצע לענדער זיינען

צו מיין דינסט געשטאַנען, און גאנצע געגנטן האבן אף מיין באפעל געוואַרט; און סאָכרים און מעקלער זיינען שורעסווייז באַ מיין טיר געשטאַנען, אום אף פון מיר א וואָרט צו הערן ארויסגעקוקט, און האַכנאָסעס פון גאנצן לאַנד האָט צו מיר אין טאַש געפליסט, און אלע מיינע וואונשן זיינען פון אַ־עם דערפילט געוואָרן, און די שענסטע לאַנדטעכטער האָבן אף מיין זיי באגליקן געוואַרט. און ווען איך האב א וואונק געטאָן, האט מען מיר די בעסטע צו מיין פארגעניגן צוגעשטעלט, א האנט אויסגעשטרעקט — און די שענסטע קליידער פון די שענסטע לייבער זיינען לויז געוואָרן און זיך אפגעשפיליעט; און מיינע סודעס און בעלער, וואָס איך האָב געפראַוועט, האבן מענטשן דערנאָך זיי אַף כאַדאשים און יאָרן געדענקט, און רייכע האבן זיך אף אין מיין שטאנד צו זיין געוואונטשן, און אָרעמע פלעג איך זיך אַף די געלעגערס כאָלעמען, און אין כאָלעם האָבן צו מיר, ווי פון דר׳ערד אַפן הימל ארופגעקוקט, און איך בין אַף זייערע קעפ־ווי א גרויסע זון געשטאַנען, און זייערע אויגן זיינען צו קליין געווען אף מיין ליכט צו זען, און זייערע קעפ צו וויניק, זיי זאלן זיך אזאַ גרויס גוטס ווי מ ײ נ ס קאָנען פאָרשטעלן.

און איך האָב זיך נישט געזעטיקט און בין פון גוטס נישט איבערפולט געווען, און וויניק האָט דאָס שוין מיר אויסגעזען, און אלץ, וואס כ׳האָב געהאַט, האָט מיך נישט באַפרידיקט, און געוואָלט האב איך איבערן גאַנצן לאַנד און איבערן גאנצן קעניגרייך אַ הערשער זיין.

און אין א שיינעם טאָג האב אויך דאס דערגרייכט: און דער האַר פון אַלעם, און דער געוועלטיקער, וואָס האָט דאָרט צו שאַפן, האָט איינמאָל אינדערפרי צו מיר זיינעם א גרויסן מאַן־באַאַמטן צוגעשיקט, מיט זיין פוס־בענקעלע מיר, צופוס, און דאָס פוס־בענקעלע האָט ווי אַ קרוין אויסגעזען און אויך אַן אָרט, וואוהין די פיס אַוועקצושטעלן, האָט דאָס געהאַט, און דער מאַן האָט דאָס מיר אונטערגעטראָגן, און איך האב דערויף די פיס אַרופגעשטעלט.

און שוין: און ווייטער וואונטשן איז ניט געווען וואָס, און קיין גאלד אַף מיין לייב איז שוין נישט געווען, און די בלאָטע, וואָס מע האט מיך מיט איר באַוואָרפן, איז פון לאַנגן אין־רייכקייט־לעבן און פון פילוואַשן שוין אָפגעריבן געוואָרן, און געבליבן איז מיר נאָר אַפן שטערן

אביסעלע גאלד און אַ קליין בלאָטע־לאַטקעלע, וואָס נישט געקוקט אַף אַלע וואַשעכצן און זייפן, האט נישט געקאָנט אַראָפּ, און איך האב עס מיט די פינגער געקאַלופּעט, און ס׳האָט זיך גיט געלאָזט, און ס׳איז שטאַרק האַרט געווען,— און דאן, און אַז דער מאן האָט מיר דאָס פּוס־בענקעלע צוגעטראָגן, האָט מיך אַביסל אַ שוויס באַשלאָגן, פון אופגערעגטקייט און פון איבעראַשט צו זיין, און איך האָב די האנט צום שטערן געטר־מען, און אַ שטיק גאלד איז דאמאָלט אַראָפּ, אַ שטיק פאַרהאַרטעוועטס האט זיך אָפּגעקאַלופּעט, און אַז כ׳האָב עס אין דער האנט בא מיר דער־זען, און איך בין האָפּערדיק געווען, און דאָס גאָלד האט זיך מיר דאָס בעסטע גאָלד אויסגעוויזן, און ס׳איז טאַקע, אינדערעמעסן, דאָס בעסטע גאָלד געווען, און אַ זאָג געטאָן האָב איך דעם מאַן: אַ באַל מאַך איך, און זאָל דער הערשער קומען, און זאָל ער זען, אַז זיין פּוס־בענקעלע האט אונטער פאַרדינטע און ווירדיקע פיס געטראָפן, און זיין קרוין... און איך האב נישט פאַרענדיקט, און געמיינט האָב איך, אַז זיין קרוין אָבער איז אַף אַ קאָפּ אַף אַ גיט קיין פאַרדינטן און וויניק ווירדיקן.

און דער מאן איז רויט געוואָרן. אָבער פון גרויס אָפּשיי צו מיר, און ווייל ער איז פונם הערשער אין אַזאַ גרויס שעליכעס צו מיר געשיקט געוואָרן, און אליין דער הערשער האָט מיר דאָך זיין פּוס־בענקעלע צוגעשיקט, האט ער פון מיר דערום די קרוין־באַליידיקונג אויסגעהערט, מיר נישט אָפּגעענטפערט, און אַביסל פאַר דער בושע פון זיין האַר, און אַביסל אויך פאַר מוירע פאַר מיר דעם קאָפּ אָנגעבויגן.

און דער באַל איז געמאַכט געוואָרן, און די גרעסטע און שענסטע זאַלן זיינען פאַרפוצט געווען, און אלע טייערסטע בלומען פון לאנד געבראַכט אַהין און אלע שענסטע פרוכטן האָבן די טישן און די טענץ־זאלן פאַרפולט; און דינער האָבן אַף גאָלדן געשיר דערלאַנגט, און דערלאַנגען איז געווען וואָס: און מושעלן פון יאמים, און אויפעס פון ווייטע אינזלען, און ווייגען פון סראָרעס, און בעכערס פון די עלטסטע גוט־באַזיצער, און מוזיק איז די בעסטע אויסגעשריבן געוואָרן, און פויגלען און פאָפוגאי־שרייערס האָבן די מוזיק פאַרטויבן געהאלפן.

און אַ קליידונג האט מען דאָרט געזען, וואָס קיין אויג האט זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן, און אַ טיש־סערווירונג, וואָס אויך בא אלטע און ווען אַמאָל געוועזענע מעלאָכים — אַ כידעש. און דער אוילעם האָט

געגאפּט, און קיינער האט דאס רייכטום נישט באַוויזן צו באַטראַכטן, ווייל אלץ איז פאַר יעדן אַ איבעראַשונג געווען, ווייל וואוהין מע האט זיך ניט אַ ווענד געטאָן, האט מען זיך מוירע געהאט אָפּצוּאוועגדן, מע זאָל דאָס געזעענע נישט זעען ווייניק, און אויך דאָס אנדערע האט מען זען געוואָלט, און אויך דאס אנדערע נישט צו פאַרזאמען. און מענטשן זיינען ווי דולע געווען און נישט געזען, און נישט געוואוסט אַף וואָס פאַר אַ וועלט זיי זיינען און אַף וואָס פריער צו קוקן.

און דער מאן־באאמטער האָט דעם הערשער מיין ביטע איבערגעגעבן און דער געוועלטיקער איז געקומען, און אויך דער הערשער איבעראַשט, און אויך ער האט זיך מיט די אויגן פאַרלאָרן, און דער אוילעם איז אַזוי פאַרטראָגן געווען פון כידושים, און אויך די געסט און די דינער אַזוי, אַז קיינער האט אים נישט באַמערקט אַפילע, נאָר איך איינער יאָ, און איך האָב אים אַפן אויבנאָן אַרופגערופן און איך האָב אים לעבן זיך באַזעצט.

און אַ שטול איז אים פאַר געשטאנען און ער האָט געקווענקלט, און ער האָט אַף איר זיך מוירע געהאט צו זעצן, ווייל כאָטש אַ הערשער, אָבער זיינע אויגן האָבן קיינמאָל ניט געזען אַזוינס, און אַז ער האָט מיך שוין יאָ געפאָלגט און יאָ געזעצט, איז ער באַלד צוריק אופגעשפרונגען, און פון דער גרויסער סימכע און פון דעם אלעם־פאַרוואונדערנדיקן, וואָס אַרום אים, האָט ער זיך ווי קליין און ווי נישטיק דערפילט, און נישטוועלנדיק האָבן זיך זיינע הענט צו זיין קאָפּ אויסגעשטרעקט און ער האָט די קרוין אַראָפּגענומען, זי גענומען און מיר זי אַף מיין קאָפּ און ווי אַפן עמעסן און באַרעכטיקטן אָנגעטאָן . . .

און די סימכע האָט זיך געשטאַרקט, און אלע זיינען פון פרייד ווי פאַרשיקערט און פאַרטשאַדעט געווען. און די מוזיק האָט דעם טומל געגרויסט, און לייבער האָבן ווי אַף פליגלען געשוועבט, און פיס אַף גלאטיקע פאַרקעטן לופטיק, און פרויען האָבן די קערפּער נישט געפילט, און מענער — נישט די פרויען, און דער טאַנץ אין זאַל אַזוי גרינג און געהויבן און פון אַזאַ לופטיקייט און פאַרגעניגן, אַז נאָר מוזיק האט אים נאָכפאָלגן געקאָנט, און נאָר פרויען מיט יונגע און שמעקנדיקע בלוטן האָבן זיך אין זיין טאַקט געקאָנט אַריינפּאסטן.

און דאָ האָב איך טרונקען גענומען, און נישט געציילט האָב איך און נישט מיט קיין מאָס האָב איך געטרונקען, נאָר אַ באַזונדער דינער איז מיר באַ מיין רעכטער האַנט געשטאַנען, און פון אַ באַזונדער קיילע האָט ער מיר ווייַן אָנגעגאָסן, און אויך דער ווייַן איז א באַזונדערער געווען, און ער האָט מיר אין קאָפּ אַ שלאָג געטאָן — און אין די פיס מיר געקומען, און הייס איז מיר אין די ליטקעס געוואָרן, און ציטערנדיק און דרינגשענדיק — אין אַלע איווורים, און דער אוילעם האָט מיטגעטרונקען, און אַלעמענס אויגן פון ווייַן פולע, און מיין גליק איז איבער אַלעמענס, און אַף אַלע קעפּ איך דער געקרוינטער קאָפּ, און אַלע פרויען ווי פאַר מיר. און פיל אָפּגעזונדערטע כאַדאָרים זייַנען דאָך אין די זאַלן געווען, און אַז איך וועל הייסן און באַפעלן, און די מוזיק וועט שפּילן, און די שענסטע פרויען וועלן מיט מיר אין די אָפּגעזונדערטע און אָפּגעשלאָסענע כאַדאָרים, פון דער מוזיק באַלייטע און מיין רייכקייט אונטערטעניקע, נאָכגיין... און איך האָב נישט באַפוילן, און איך האָב קיין פרוי נישט גערופן, ווייל אַלע האָב איך געקענט האָבן און אַלע געקענט רופן, און איך האָב נאָר ווייטער געטרונקען, און די מוזיק האָט מיך פאַרטויבט און די פּאַפּוגאַי-שרייערס האָבן מיר דעם קאָפּ פאַרשריען...

און אַ געשריי האָב איך דאַן געטאָן, און אַלע קוילעס, סאַי פון די געסט, סאַי פון דער מוזיק און סאַי פון די פּאַפּוגאַי-שרייערס, האָב איבערגעשריען, און אויסגערופן האָב איך:

— זאָל דער שטערן-בער געבראַכט ווערן, און איך וויל מיט אים אַ בערישן טאַנץ טאַנצן.

און דער אוילעם איז אַנשטילט געוואָרן, און מוזיק אַנשוויגן, און פּאַפּוגאַיעס אין די שטייגן אופגעהאַלטן, און קיינער האָט זיך קיין ריר ניט געטאָן, און די גאַנצע זאַל ווי פאַרשטיינערט, און אַלע אויגן האָבן זיך צו דער טיר געווענדט, און אַלע האָבן דעם שטערן-בער אַריינגיין דערזען.

און דער שטערן-בער איז עפּעס ערנסט געווען, גלייך ער איז נישט גערן געגאַן, און אויסגעזען, ווי מע וואָלט אים פון זיינער אַן אַרבעט, אָדער פון שלאָף אָפּגעריסן, און דער אוילעם, וואָס האָט אַף אים געקוקט, האָט פאַר אים גרויס אָפּשיי געהאַט, און אַלע זייַנען שטיל געשטאַנען, און אַלע אויגן געווענדט צו אים...

און מיך האָט דאָס געאַרט, און מיך האָט דאָס אויך אַביסל פאַרדראָסן, פאַרוואָס ס׳קוקט אַף אים און נישט אַף מיר גאָר דער אוילעם, און איך האָב דאָך אים גערופן און ער איז אַף מיין באַפעל געקומען, און דער פאַרדראָס, און דאָס איבערנעמען זיך, דער שטאָלץ און מיין גרויס־זיך־האלטן — איז מיר אונטערן האַרצן אונטערגעקומען, און איך האָב אַ געשריי געטאָן אין דער שטילקייט, און אַף אַ קאָל צום בער זיך געווענדט:

— אָט הער און זע, שטערן־בער, און איך האָב דיין גאנצע מעלוכע אויסגעקויפט (און דערביי האָב איך די קאָנטראַקטן פון בוזעם־קעשענע אַרויסגעשלעפט און זי אים באַוויזן), און דער הערשער האָט מיר זיין קרוין אָפּגעטראָטן, און איך טראָג זי, און איך בין איצט דער רייכסטער אין לאנד, און אַלע לאנד־אונטערטאַנער זיינען איצט אַף אַ קיינמאָל אַזאַ נאָך נישט געזעענעם באַל בא מיר, און איך וויל זיך פאַרגעניגן אָנטאָן, און אַלע פאַרגעניגן פון דעם לאנד זיינען פאַר מיר אויסגעשעפּט, און איינער איז מיר נאָך פאַרבליבן: מיט דיר אַף מיין באַל פאַר אַלע אין די אויגן, און אונטער שטילער מוזיק אַ טאנץ צו טאנצן...

און דער בער האָט מיין קאָל אויסגעהערט, און דער בער איז אונטערטעניק אונטערגעקומען און ער איז שטיל אינדערמיט און אין דער ראָד, וואָס פון אוילעם געמאַכט, אַריין, און די ראָד אין שטיל געווען, און ווי אַ פאָרכטיקייט האָט אַרום איר געהערשט. און איך בין אים אַנטקעגן געגאַן און אויך איך אין דער מיט אַריין. און איך בין צוגעקומען און זיך מיט אים באַגעגנט נאָענט.

און צו דער מוזיק האָב א באַפעל געגעבן, זי זאָל שטיל זיין און נאָר אַ פידל איינער זאָל רעדן, און אַ פידל האָט אָנגעהויבן און איך בין צום בער צוגעגאַנגען און איך האָב אים אַרומגענומען, און ביידע טאנצן האָבן מיר אָנגעהויבן, שטיל, און ווי מע טאנצט מיט אַ בער, און ער האָט זיך אַף די אונטערשטע פיס געשטעלט, און די אויבערשטע האָט ער צו מיר אַפן אַקסל אַרופגעלייגט, און דעם קאָפּ האָט ער אַביסל אָפּגעדרייט געהאלטן און אַ שטיל שטערנדל האָט זיך אים אין קאָפּ באַוויזן, און די ליכט אין זאל האָט זיך פאַמעלעך לעשן גענומען און זיך אויסגעלאָשן, און דער אוילעם פינצטער, און נאָר איך מיטן בער אין ראָד איינמיטן, און דאָס שטערנדל האָט אונז באַשיינט, און איך האָב אים

געפּירט, און דער בער איז מיר נאָכגעגאַן, און פּאַמעלעך, און נאָך דער מוזיק, און איך האָב זינגען אָנגעהויבן:

— דער בער, דער בער, און דאָס איז מיין העכסטער גליק, און ווייטער האָב איך ניט מער: נישט וואוהין צו גיין, און וואָס זיך צו וואונטשן...

און דער בער האָט זיך מיט מיר געדרייט, און מוזיק האָט אונז שטיל באַגלייט. און אוילעם איז אין אַ פינצטערער און צונויפגעדריקטער מאַסע געשטאַנען, און שוואַך באַלויכטענע אונזערע טריט נאָכגעקוקט.

און גוט איז מיר געווען, און דער קאָפּ האָט זיך מיר פאַרדרייט פון גוטסקייט, און נאָך בעסער איז מיר בעאייסן טאַנצן געוואָרן... און פריער האָב איך דעם בער געפירט, אָבער וואָס אַמאָל ווייטער, האט ער שוין מיך פירן גענומען, און אוילעם האָט אונז אין אויג געהאַלטן, און קיילעכדיק פינצטערניש האָט אונז פאַרייניקט און קליין שטערנדל האָט אונזער פאַרייניקונג באַשיינט, און איך האָב טאַנצנדיק די אויגן געשלאָסן, און דער קאָפּ האָט זיך מיר אַף מיין אַקסל אַראָפּגעלאָזט, און באַלד האָב שוין ניט געזען גאָרניט, און גלייך נאָך די אויגן פאַרשליסן, האָב שוין ניט געוואוסט, וואָס ס'קומט פאָר מיט מיר, כ'האָב נאָר געפילט, ס'אַ סימכע אין מיר אַ גרויסע און מיין העכסט גליק ווערט איצט צום טאַנץ געפירט.

און מיטאַמאָל, און דער ווײַן און דער שיקערער שטאָלץ האט מיר אין קאָפּ אַ שלאָג געטאָן, און אין גרויסן ראָד־און טאַנץ־שטילקייט האָב די אויגן אַן עפן געטאָן און זיך באַשיינט און אַליין מיטן בער זיך געאָרעמט דערזעען, און איך האָב נאָכאַמאָל אַ געשריי געטאָן אין שטילקייט: „בער, בער, איך האָב דיין גאנצע מעלוכע אויסגעקויפט, און אָט זיינען די קאָנטראַקטן באַ מיר”...

און דער בער האָט נישט געענטפערט, און ער איז אלץ ווי פריער ערנסט געווען, און ער האט מיך נאָר ווייטער געפירט...

און מיטאַמאָל, און אויך דאָס שטערנדל אין קאָפּ באַם בער האט זיך אויסגעלאָשן, און ראָד און אוילעם זיינען מיר פאַרשוואונדן, און אויך דעם בער איז שוין ניט צוזען געווען, נאר זיין אומארמונג און זיין פעלץ צו פילן, און ווידער מיטאַמאל, און אָנשטאט דער ראד, האט זיך מיר אין דיל א טיפע לאָך געעפנט, אַ גרוב, אַ גראבן און אן אפּגרונט אַ

גוואַלטיקער און איך מיטן בער באַ דער ראַנד אין זוים פון אפגרונט, און בער האט זיין מויל צו מיין אויער צוגעבויגן און מיר אַריינגעזאגט:

— דולער נאַר און אוישער גוואלדיקער, און האסטו מיין מעלוכע געקענט אויסקויפן, און באַרימסט דו זיך מיט די קאנטראַקטן אין טאַש, איז נידער אַראפּ און באַוויז, און פּרואוו דארט איין נאר צענדליק קינדער מיינע, מיינע ערד־בערן צו שפּייזן... און אט האסטו דיר די לאָך, און אט האסטו דיר דעם אפגרונט, און אט איז דער לייטער, וואס ביסט אַף אים אַרוף. און אט גיב איך דיך אַ שטויס, און זע, כאַפּ זיך פאַרן לייטער אָן און פאל ניט, שעדיק זיך ניט און ווער נאר ניט גע־נערעגט...

און דער בער האָט מיך אַ שטויס געטאָן, און איך א פלי, און פאַרן לייטער אָנכאַפּן זיך האב איך ניט באַוויזן, און מיינע הענט אומבאַהאָלפן, און מיין קערפּער האט זיך נאָר אין די שטאַפּלען אָנגעשלאָגן, שלאָג נאָך שלאָג, און שלאָג און גיך געשלאָגן, און מיין גוף איז איבער די לייטער־שטאפּלען געפלויגן, און ווי א ווינט האב זיך איבער זיי גע־טראָגן, און פליענדיק האָב דעם זינען פאַרלאָרן...

און ווי מיינע ביינער האָבן זיך מיר אַפן וועג ניט צעשאָטן, ווייס איך ניט, כ'ווייס נאָר, אַז כ'בין שוין אונטן געווען, און אַז כ'בין אַ צעבראָכענער אַף דער ערד לאַנג געלעגן...

און א צייט, ווייזט אויס, איז אוועק, און באַטאָג איז עס געווען, און פון פליען און פאַלן האָב זיך שוין געהאַט פאַריכט אַביסל און אויך אויסגערוט, און איך האָב זיך אופגעהויבן און אַף די פיס געשטעלט.

און גיין האָב זיך געלאָזט, און מיין לאַנד און מיין שטאָט איז דאָס געווען, אָבער מענטשן, וואָס האָבן מיך באַגעגנט, האָבן ניט געוואוסט פון מיר, און עפעס האט מען זיך אָפּגערוקט פון מיר, און אייניקע האָבן מיר נאָכגעקוקט, און אַנדערע האָבן אַף מיר די אויגן געגראַטשעט, און גאָר אַנדערע האָבן מיר אויך אין פּאָנעם געלאַכט.

און איך האָב ניט פאַרשטאַנען, און אינזינען איז מיר נאָך די גאַנצע געשיכטע מיטן רייכקייט און מיטן באל, מיטן בער און מיטן פאַלן געווען, און איך בין עפּעס ווי אין צווייפל ארייננעפאַלן, און איך האָב געוואָלט זיך איבערצייגן און זיך דערמאנען און בא זיך אליין פעסטשטעלן, צי ס'איז וואָר און צי ס'כאָלעמט זיך מיר ניט דאס אלעס, און איך האָב

די האַנט פון פאַרלוירנקייט און פון דעם, וואָס ס'האָט מיך אַביסל אַ שוויס באַשלאָגן, צו מיין שטערן צוגעטראָגן, אַ רייב טאָן געוואָלט, און אַזויערנאָך צו דערוואַכן און צו מיינע געדאַנקען צו קומען, און מיין האַנט האָט אף מיין שטערן עפּעס ווייכס אָנגעטאַפּט, און אַז כ'האָב דאָס אָפּגעקלעפּט, דאָס אַראָפּגענומען און פאַר די אויגן גענומען, האָב איך אין דער האַנט באַ מיר אַ קליין שטיקל ערד-בלאָטע, אַ נישער פון מיין גאָלד דערזען.

און איך האָב זיך נאָך פאַר רייך געהאַלטן, און פאַרן פריערדיקן אוישער, וואָס געווען, און איך בין דערום אַ זיכערער צו אַ קלייט צו-געגאַנגען, אַריין און זיך געהייסן זייף געבן און וואַש-מאַכשירים, קליי-ניקייטן, און אַלץ, וואָס כ'האָב צום באַלדיקן געברויך באַדאַרפט, און מע האט מיר געגעבן.

און אַז כ'האָב זיך באַדאַרפט צעצאָלן, און איך האָב אַף מיין שטערן אָנגעוויזן, און געמיינט, אז אף מיין שטערן איז גאָלד, און ס'הייסט, און מ'זאָל מיך דערקענען, ווער איך בין און פונוואַנען איך קום, און מע וועט מיר זיכער געטרויען,— האָט מען זיך צעלאַכט, און דער באַלעבאָס האָט מיך מעשונע אָנגעקוקט, און מעשאָרסים האָבן מיך ווי א דולן אַרומגערינגלט. און איינער איז צו מיר צוגעגאַנגען און פאַמעלעך די געקויפטע און אַיינגעפּאַקטע זאַכן צוריק באַ מיר פון האַנט אַרויסגענומען.

און איך האָב זיך ניט געלאָזט, און אַף אים, און אַף אַלע, וואָס האָבן זיך אין קלייט געפונען, האָב זיך צעשריען: „וואָס הייסט עס, און זיי גלויבן מיר ניט, צי זעען זיי דען ניט, און צו קאָנען זיי דען מיך ניט דערקענען? און זיי האָבן ווייטער געלאַכט און געזאָגט: „יאָ, זיי דערקענען...” און זיי האָבן אף דער טיר אָנגעוויזן, מיך אַרויסגעבעטן, און זאָל איך ניט שטערן, און די צייט איז זיי טייער...

און א גרויסער פאַרדראָס האָט מיך אָנגענומען, און איך האָב זיך נאָך מער צעשריען: „אידיאָטן און נאַראָנים”, און איך האָב די האַנט אין טאַש אַריינגעטאָן און פונדאָרט אַ פּאַק פּאַפּירן פון די קניעס און פון מיינע גיטער זיי באַוויזן, און „זאָלן זיי זעען — האָב איך געשריען— „וויפל איך פאַרמאָג, און אָט האב איך וועקסלען אַפן פאַרמעגן”...

און דער באַלעבאָס און די מעשאָרסים האָבן ריכטיק, ווייזט אויס, טאַקע קיין צייט נישט געהאַט, ווייל אַנדערע קוינים זיינען זיך דערווייל אין קלייט

אָנגעגאַנגען, און קוינים האָבן אף באַדינט ווערן געוואַרס, און פון מיין געשריי איז מען זיך אויך פון דרויסן און פון אויסער דער קלייט אָנגע־לאָפן, און איך האָב ווירקלעך דעם באַלעבאָס און דעם פידיען געשטערט, און איינער א יונג איז אף דער קלייט־שוועל ארויס, און צום גאַס האט ער זיך געקערעוועט און צום וואַכמאַן און צום אָרדענונג־היטער האָט ער אַ געשריי געטאָן, און יענער איז באַלד אַריין, און ער האָט מיך פאַר דער האַנט אַף מיך אַרויספירן אָנגענומען. און אַז איך האָב נישט געוואָלט, זיך געווערט, און זיך נאָך מער צעשריען, און א גרויסן טומל אופגעהויבן, האָט ער שוין זיין האַנט צווישן מיין האַלז און קאָלנער אַריינגעשטעקט, מיך פעסט געפּאַקט. און א געניטער און אונטער זיין געזונטער האַנט א שוואַכער, האָב געמוזט נאָכגעבן און פון אים זיך פירן לאָזן...

און ערגעץ אַוועקגעפירט האָט מיך דער וואַכמאַן, און ערגעץ האָב אַ נאַכט אַף א וואַך איבערגענעכטיקט, און אַפּמאָרגן, אַז די באַאַמטע פון דער וואַך האָבן מיך שוין אַן איינגעשטילטן דערזען, און מער, האָט זיך זיי געדאַכט, וועט שוין אזוינס מיט מיר ניט טרעפן, און אַז מער וועל שוין די קלייטנס און די באַלעבאַטימס רו ניט שטערן, האָבן זיי מיך באַפרייט און צוריק ארויסגעלאָזט.

אָבער אַזויווי קיין היים האָב ניט געהאַט, נישט וואו צו זיין, און נישט וואו צו נעכטיקן, און אזויווי אויך אַנדערע זאכן, וואָס מענטשן נויטיק האָבן, האָבן מיר אויסגעפעלט, האָט זיך דערום ווייטער דיזעלבע געשיכטע איבערגעכאַזערט: — און ווידער בין איך אין א קלייט, און ווייטער איינגעקויפט, און ווידער מיטן זעלבן זיך געוואָלט צעצאָלן, און נאָך אַ מאָל האָט מען מיך ווי א דולן באַהאַנדלט, און ווידער פון מיינע מאַטבייעס געלאַכט און מיין בעטיכעס פאַר נישט געגוגנט געהאַלטן.

און איך האָב זיך געקאַעסט און דער סאָף איז אין דער צווייטער קלייט, ווי אין דער ערשטער געווען, און אַ וואַכמאַן איז דעם באַלעבאָס און די מעשאָרסים צוהילף געקומען, און ער האט מיך פאַרנומען, און— ווידער אַף דער וואַך.

און אייניקע מאָל האט זיך עס איבערגעכאַזערט, און פריער האָט מען מיך נאָך ווייניק געקענט. און אז כ׳פלעג אין א קלייט אַריינגיין, פלעג מען מיך לעכאַטכילע און איידער ס׳איז צום צאָלן געקומען, ווי אלע

קוינים און ווי אַלע, וואָס קומען קויפן, באַהאַנדלען, אָבער שפּעטער, און אז איין מאָל און צוויי מאָל האט זיך מיט מיר דאָס אומאַנגענעמענע געטראָפן, און אָפּט, און אַן אײַנגעלויף פלעג דאָך ווערן, און ניט נאָר די מעשאָרסים פון איין קראָם, נאָר אויך די מעשאָרסים פון אַ גאַנצער גאַס קראָמען פלעגן זיך צונויפקלייבן, און איך בין אַ מעפורסעם געוואָרן, און ווי נאָר איך פלעג זיך אַף א שוועל פון א וואָסער ניט איז קלייט באַווייזן, אַזוי פלעג מען מיר שוין אַנטקעגן גיין, מיך דערקענען און מיך פון דער שוועל פאַרטרייבן...

און נישט נאָר קלייטן האָבן מיך שוין געקענט, נאָר אויך אינגלעך און גאַסן־קינדער פלעגן זיך, ווען איך פלעג זיך ערגעץ באווייזן, אַרום מיך פאַרזאַמלען. און „זע — פלעגן זיי שרייען — אָט גייט ער, דער הימל־מאַן, און דער אוישער", און, „עי, דו — פלעגן זיי מיר נאָכשרייען — באַווייז, וואָס האָסטו דאָרט איינגעהאַנדלט, און וואו זיינען די וועקסלען דיינע אף ציקאַוועס?"

און אַמאָל האָט עס מיך געאַרט, און אַמאָל אויך נ י ט געאַרט, און איך האָב זיך נישטוויסנדיק געמאַכט, אָבער טאָמער פלעג זיך פון זיי מוזן אויסבאַהאַלטן, פלעג אין א הויף, אָדער אין אַ קאָרידאָר זיך מוזן פאַרשטעלן, ווייל ווען ניט, פלעגן נאָך די געשרייען, אַמאָל א שטיין, און אמאָל אויך פיל שטיינער אין מיר פליען. און איינמאָל האָט מען מיר טאַקע שטאַרק אויך דערלאַנגט און מיר געטראָפן, און דא האָב שוין ניט אויסגעהאַלטן, און ס'איז מיר שווער געוואָרן, און פון שווער־קייט פון נאָכן שטיין בין אַפּן וואַרפער אָנגעפאַלן, האָב אים געפּאַקט, און, פאַרשטענדלעך, אַז פון מיינע הענט האָב אים שוין אַ ברוינעם און אַ בלאָוון ארויסגעלאָזט...

און מענטשן האָבן זיך פאַרזאַמלט, און א גרויסער אוילעם האָט גע־זען, ווי איך שלאָג און בין זיך נויקעם אומבעראַכמאָנעסדיק, און ווער ס'איז צוגעגאַן און דעם וואַרפער געוואָלט העלפן און אים פון מיינע הענט אַרויסשלעפן, האָט אויך ער פאַר זיין הילף געקריגן, און פיל זיינען פון מיר געשעדיקט געוואָרן דעמאָלט, און אַסאַך געניזעקט און זיך מיט בלוט פאַרוואַשן...

און מענטשן האָבן דאס צוזעענדיק איינס צום אַנדערן און אַלע צו אלע געשריגן: וואָס שטייט מען, און וואָס קוקט מען אַף אים,

ס'איז דאָך א דולער, און ער קאָן דאך אַ וועלט מאַזיקן, און זאָל מען אים בינדן.

און באַלאָנים האָבן זיך געפונען, און אייניקע איינשטעלערס פון צווישן אוילעם, און מ'איז צו, און מ'האָט מיר די הענט אַף אַרונטער פאַרנר־מען. און איך האָב זיך געוואָרפן און געריסן, און שוים האָט פון מיר געזעצט, און מע האט אויך שטריק געקריגן און מיך געבונדן, און אַ וואַכמאַן איינער און אַ צווייטער, האָבן צום גאַס־געזעמל, און צום אָרט, וואו דאָס געשלעג איז פאָרגעקומען, צוגעאיילט, און מע האָט אַ פירל צוגערופן, און מע האָט מיך אַרופגעזעצט און מיך אַהין, וואו מע פירט אָפּ אַזוינע, אָפּגעפירט.

און אין עפּעס א צימער האָט מען מיך געבראַכט, און מיך אַ געבונ־דענעם אַהינצו אַריינגעוואָרפן. און אין צימער, וואו איך בין געלעגן, איז די פאָל אַ שטיינערנע, די פענצטער גראַטעס, און די טיר פון אייזן, און אַ שטיק צייט בין אַליין דאָרט אָפּגעווען, און קיינער האָט זיך צו מיר נישט באַוויזן. און לעסאָף, און אַ מענטש האָט זיך אַהין אַריינגע־שטעלט, אַ הויכער און אַ געזונטער זייער, מיט אַ פעסטן קאַרק און רויטן פּאָנעם, און דער מענטש האָט אין דער האַנט עפּעס אַ מין מאַלבעש, און עפּעס ווי אַ העמד אַזאַ געטראָגן, און ער איז צו מיר צו, און ער האָט מיך פון די שטריק באַפרייט, און פריער מיט גוטן האָט מיר גע־הייסן אַף זיך דאס העמד אַרופציען, און מיט גוטן האָט מיך אויך גע־פרעגט, ווער איך בין און פונוואַנען, און איך — אַף זיין גרויס און גוואורע קוקנדיק, האָט זיך מיר פאַרוואָלט אים שלעכט אָפּענטפערן, און כ'האָב געזאָגט: „איך קום פון אויבן, און כ'האָב פיל גיטער פונויבן, און אין איינעם א גוט האָב דאָרט אָט אַ הונט אַזאַ...“

— ווי ווער?

— ווי דו — האָב איך געזאָגט, און אים אין די אויגן אַ קוק געטאָן.

און דער מענטש איז, ווי געזאָגט, געזונט זייער, און מיט א שטאַרק־געזונטן פויסט איז ער מיר אין פּאָנעם, און העכער דער נאָז און אונ־טערן שטערן פאַרפאָרן, און איך בין געפּלעפּט געבליבן...

און עפּעס האָט ער מיר דערנאָך געטאָן, און מיך איז דאָס שוין ניט אָנגעגאַן: צי האָט ער מיך גלאַט געשלאָגן, צי מיך מיט די פיס גע־טראָטן, צי מיך געבונדן, צי מיך באַפרייט, איז מיר אַלציינס געווען, און

איך געדענק ניט גאָרניט. איך געדענק נאָר, אַז אין א צייט אַרום האָב זיך ווי נאָך אַ שווערער קרענק אופגעכאַפּט, און איך האָב זיך ווי שוין אָן שום פּאַרדראָס, שוין אָן גיטער, און אויך אָן שום וויי, וואָס כ'האָב פאַרלוירן די גיטער, דערפילט.

און אין אַ שטילן הויף און אין אַ הויז־פליגל האָב זיך געטראָפן, אַליין אַ שטילער און אין אַ צוזאַמענוואוינונג מיט נאָך שטילע. און מיט אַלעמען בין דאָרט פאַרזאָרגט געווען, מיט אַ העמד נישקאָשע און מיט אַ קראַנקן־כאַלאַט אַ לייוונטענעם־לאַנגן, און אויך מיט עסן־טרינקען, ווי ס'געהער, און מיט שטאַרקער רו און שוין מיט צופיל רו; און פון די הויז־איינוואוינער האָט קיינער קיינעם נישט געשטערט, קיינער איז קיינעם זיין וועג נישט איבערגעטראָטן, און יעדערער האָט זיך ווי מיט זיין אָפּגעזונדערט לעבן געלעבט, און יעדערן איז פון זיין פריערדיקער וועלט עפּעס טויטלעכע און ווי נעפּלדיקע נאָר געדעכענישן פאַרבליבן.

און אייניקע ווי איך, וואָס האָבן נאָך דעם מעשאָרעס ערשטע קלעפּ געדענקט, האָבן זיי אים איצט שוין מויכל געווען, און אַף אים קיין האַס און קיין פאַרדראָס ניט געטראָגן. און אַנדערע אָבער, וואָס דאס ביין האָט באַ זיי לענגער געדויערט, און דער מעשאָרעס האָט זיי אָפּט און לאַנג געשלאָגן, האָבן שוין די קלעפּ אליין אויך נישט געדענקט, נאָר סימאָנים פון קלעפּ זיינען באַ זיי געבליבן—באַ אייניקע אַפן פּאָנעם, און באַם מערסטן אַפן לייב.

און אַז זיי פלעגן זיך אַמאָל אין אַ פענצטער, אָדער אין אַ טיר־טאָפּלע אָפּגעשפּיגלט דערזען, פלעגן זיי זיך אָפּשטעלן און זיך פאַרכידעשן, פלעגן אַף זיך קוקן, ווי זיך נישט דערקענען, און באַ אַנדערע און באַ דורכגייענדיקע פרעגן: צי ווייסן זיי ניט, ווער איז דאָס אין פענצטער אָפּגעשפּיגלט, און ווער האָט דאָס זיי אזוי צעמאַזיקט?.. און אייניקע האָבן קיין ענטפער נישט געוואוסט און געשוויגן, און די, וואָס האָבן יאָ געוואוסט, האָבן געזאָגט, אַז ס'איז דער מעשאָרעס, און די געשלאָגענע, און די, וואָס האָבן אַף די סימאָנים פון זייערע קלעפּ געפרעגט, האָבן עס רואיק אויסגעהערט, און אויך זיי זיינען אַפן מעשאָרעס נישט אופגעבראַכט געוואָרן און דעם ענטפער רואיק און ווי זעלבסטפאַרשטענדלעך און ווי אַן קיין אינטערעס שוין אופגענומען.

און אַזוי האָבן מיר זיך געלעבט און באַ יעדערן אין קאָפּ איז שטיל און ווי נאָך אַ שטורעם געווען, און אויך די באַוועגונגען אונזערע שטילע, און איינער מיטן אַנדערן האָט זיך ניט אָנגעקערט, און קיין געזעלשאַפט האָט זיך פון אונז ניט צונויפגעשטעלט, און קיינע כאַווער־בינטלעך האָבן זיך ניט געבילדעט, און יעדערער נאָר מיט זיך פאַרנומען, אָפּגע־זונדערט, און נאָר מיט זיין געשטילטן קאָפּ און מיט זיינע מאַכשאָווע אויסגעלאָשענע.

און איך געדענק ניט, וויפל צייט כ'האָב אַזוי אַליין אַן אויסגעלאָשענער מיט די אויסגעלאָשענע פאַרשוינען דאָרט פאַרבראַכט, איך געדענק נאָר, אַז איינמאָל האָב אפן בעטל בא זיך עפּעס צוויי פון זיי זיצן געטראָפן, און אַ שמועס איז צווישן אונז פאָרגעקומען, און אַ נאָענטע און געמיינזאַמע שפּראַך האָט זיך אונז געפונען, און דאָס לאָשן האָט זיך אונז געעפנט, און איינער פאַרן אַנדערנס ווערטער האָט אַ פאַרשטאַנדיקן אויער גע־האַט...

און איינער פון זיי איז אַ שווייגנדיקער און אַ פּראָצענטניק געווען, און אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, האָט ער געשפּאָרט און געזשאַלעוועט און אַלץ אונטערן קישן געררוקט: עסן און אויך כפייצים, און דאָס היטל פון קאָפּ, די זאָקן פון די פיס און דאָס העמד פון לייב; און דער צווייטער, אַ פאָעט אַפּאָנים, און אויך ער אונטערן קישן, ווייל טאָמעד ה... געפּאַסט, און ער האָט אַלץ אַף עפּעס אַ נאָכן־טאָגעס אָפּגעלייגט ... געקליבן.

און דער פּראָצענטניק איז ניט קיין געשוירענער געווען א... די ה... פון זיין באָרד און קאָפּ—האַרט, שטייף און שטעכיק, און די ווייסלעכער פון די אויגן גרעסער פון די שוואַרצלעכער. און אויך דער פאָעט ניט געשוירן, אָבער זיינע האָר — ווייכע און בלאָנדע און זיין באָרד גע־גרייזלט, און זיינע שוואַרצלעכער האָבן אינגאַנצן זיינע אויגן פאַרנומען און די ווייסלעכער ווייניק.

און אַז איך האָב זיך מיט זיי וועגן די אונטער־די־קישנס צערעדט, און זיי האָבן מיך געפרעגט, פאַרוואָס האָב איך אונטער די קישן גאָרניט, האָב איך זיי געענטפערט, אַז מע נעמט באַ מיר צו, און פון קלייבן איז אָפּגערעדט, און איך גיב דעם לעצטן ביסן אָפּ, און אַליין דערעס ניט, און אָפּט מוז נאָך צוקויפן און מיינע לעצטע כפייצים נאָך פאַרזעצן...

און אַז זיי האָבן מיך געפרעגט: ווער און וואָס, ווער איז דער נעמער און וועמען גיב איך עס אָפּ אַלעס, האָב איך זיי דערציילט, פונוואַנען איך קום און פון אַלע מיינע טרעפענישן און גליקן, און זיי האָבן מיך אויסגעהערט, און מיטגעפילט האָבן מיך שטאַרק, און שטאַרק פון מיין דערציילונג פאַרכאַפּט געווען.

און פאַרנאַכט איז דאָס געווען, און אין פענצטער, וואָס אַנטקעגן מיין בעטל, איז שוין די נאַכט געהאַט צוגעפאַלן, און איך האָב זיי דערציילט, אַז פון בלאָטע בין איך רייך געוואָרן, און פון רייך צוריק צו בלאָטע געקומען, און צום סאָף פון מיין רייכקייט האָב אַליין מיטן שטערן-בער געטאַנצט, און צום אָנהויב פון מיין אָרעמקייט בין איך אין דול-הויז פונם מעשאָרעס געשלאָגן געוואָרן, און פון די קלעפּ איז מיר איצט אין מויעך ליידיק, און אין מויעך באַ מיר גיי איך ווי אין גרויסע זאַלן ארום, און איך בין אַליין, און ס'ראָוו און מערסטנטייל בין איך דאָרט איינער, און איך צינד מיר דאָרט פיל ליכט אָן, און פון די זאַלן ווערן מיר מעלו-כעס גאַנצע, און די מעלוכעס גוואַלדיק-גרויסע, און אומעטום דאָרט און אַף גרויסע מעהאַלעכן, ליכט—אַף דער ערד אויסגעשטעלטע און אין לייכטער, און איך גיי אַרום זיי אַרום, צינד אָן און פאַרלעש און באַדין זיי, און מערסטנטייל ברענען זיי באַ מיר אַלע, און אַ ליבע וואַרעמקייט און אַ ליכטיקער יאָמטעוו איז מיר פון זיי, און אין דער לופט איז שטיל, און לייכטער שטייען, און ליכט קנאַקן און טרישטשען אונטער, און איך בין באַלעבאָס און באַדינער צוזאַמען, און מיינע באַקן זיינען מיר פונם ליכט-קנאַקן וואַרעם, און ס'איז מיר גוט, רואיק און זייער ניכע צווישן מיינע ליכטיקייטן צו שפּאַצירן.

און אַמאָל פאַרגיי איך מיר ווייט און אַף אַ מעהאַלעך, צווישן גרויסע און ווייטע ליכט-אַלייען, און אָט ווייזט זיך מיר אַ פּאַלאַץ אַמאָל פאַר מיינע אויגן, מיט זיין פּראַנט דעם שיינעם, און דער פּאַלאַץ איז הויך, און טורעמדיק געבויט, און ווייסע טרעפּ פירן אַהין אַרויף, און איך הויב זיך אויף, און קום צו דער טיר צו, און ס'דאַכט מיר, טאַקע פאַר מיר אַליין איז אָנגעגרייט די טיר, און זי עפנט זיך אַליין, און איך קום אַריין, און טרעף אַ זאַל ווידער, און אין זאַל ווידער אַ טיש, און באַם טיש זיצן בערן אויסגעזעצט, צען בערן אַף צען שטולן, און שטילע און מע-נוכעדיקע, און ווי זיי וואַרטן אַף מיר, און אַז איך קום אָן, געבן זיי מיר

קאָוועד אָפּ, און נאָכן קאָוועד וואַרטן אויס אַ ווײַלע, און דער טיש איז ליידיק, און קיינער באַדינט אים נישט, און דער טישטעך זויבער און גאָרניט איז אַף אים נישט אָנגעשטעלט, און איך פיל, אַז מע וואַרט, אַז איך זאָל באַדינען און איך זאָל אַפן טישטעך עפּעס אויסשטעלן.

און איך האָב גאָרניט, און בין ווייט פון דר׳היים, און ברענגען האָב ניט פונוואַנען, און קויפן האָב ניט פאַרוואָס, און צו די בערן זאָג איך: ווי ער זעט, בערן, בין איך טאַקע באַלעבאָס דאָ, און אַלע מעלוכעס דאָ טאַקע מיינע, אָבער אויסער ליכט און לייכטער, פאַרמאָג איך גאָרניט, און מיט וואָס זאָל איך אייך אופנעמען?..

און בערן ווילן ניט וויסן, און בערן זיינען הונגעריק, זעט אויס, און זיי וואַרטן ווייטער, און זיי קוקן זיך ווי אַף די ווענט ארום, ס׳הייסט, האָסט אַ פּאַלאַץ, און האָסט ליכט-מעלוכעס, פארקויף די סטעליע, פאַרקויף די ליכט מיט די לייכטער, און קויף ברויט פאַר די בערן.

און איך בין אין פאַרלעגנהייט, און איך ווייס נישט וואָס צו טאָן, און וואָס די בערן אָפּצוענטפערן. אָבער אַז איך שטיי אַ צייט און זיי וואַרטן אַף מיין שטיין, בין איך געניויט און מוז לעסאָף זיי פאַרלאָזן, און צו מיינע ליכט און לייכטער קום איך צו, און איך נעם אייניקע און לעש די ליכט אויס און איך שעם זיך פאַר די איבעריקע, אָבער די אויסגעלאָשענע לייכטער, נעם איך אונטער דער פּאָלע דעמאָלט, און ווי ביגנייווע, און ס׳דאַכט מיר, אַז אַלע איבעריקע ליכט קוקן מיר אין די פּלייצעס נאָך, און איך טראָג זיי און גיי מיט זיי אַוועק, און איך קום מיט זיי אין אַ מארק, אין אַ גאַס און צו מענטשן, און איך בעט זיי צו פאַרקויפן, אָדער אויב נישט פאַרקויפן, איז כאָטש פאַרזעצן און פאַר אַ מאַשקן, אויב מעגלעך...

און אָט, האָב איך מיינע בעטל-כאַווירים ווייטער דערציילט, און אַזוי טו איך און פאַרזעץ שוין אַ צייט, און פיל האָב שוין פאַרהאַנדלט, און נאָך מער האָב אין פרעמדע און אין נישט-ווערטיקע הענט פאַרמאַשקנט, און מיינע ליכט-אלייען ווערן וואָס אַמאָל ווייניקער, און מיינע מעלוכעס טונקעלער, און מע קען מיך שוין אומעטום, און אַף אַלע מאַרקן און גאַסן בין איך שוין מיט מיינע לייכטער באַוואוסט, און דער אוילעם וויל שוין מער נישט, און דער מאַרק איז זאַט און איבערפולט פון זיי... און אָט איצט, און אָט קום איך פון די בערן ווידער, און אָט האָב איך ווידער

אַ פּאָר לײַכטער, און איך האָב קײן קוינע ניט, און בערן וואַרטן, און בערן האָבן שוין טארומעס מיסטאַם, און עפּשער איר, כאַווײרים, עפּשער וועט איר איצט באַ מיר קויפן,— האָב זיך מיט מײן פאָרשלאַג צו די בײדע אָפּן בעטל זיצנדיקע און צו די מיט די ניט-געשוירענע בערד געווענדט.

און בײדע זײנען אופגעשפּרונגען באַלד, און בײדע באַלד באַלאַנים, און זאָל איך נאָר באַווײזן, און זײ וועלן זען, און זײ וועלן זיכער אויך קויפן. און איך האָב זײ באַוויזן, און אַ האַנט האָב צום פענצטער אויסגע-שטרעקט און אַפן דרויסן זײ אָנגעוויזן. און אָוונט איז שוין געווען, און אין הימל האָט זיך אַ מעשן שטיקל לעוואָנע באַוויזן, און געזאָגט האָב איך:

דאָס איז אַ מעשענער אײנער, און אויך אַ זילבערנער איז דאָ, נאָר דעם זילבערנעם האָט די לעוואָנע אונטער דער פאָלע פאַרשטעקט...

און בײדע האָבן אײנגעשטימט, און בײדע האָבן געקויפט, און אײנער די לעוואָנע, און ער איז אַוועק, און האָט מיר פון אונטער זײן קישן ברויט און בולקע פאַרדאַרטע געבראַכט, און דער אַנדערער האָט די זון, די זילבערנע, פון אונטער דער לעוואָנעס פאָלע, און אויך ער האָט מיר געבראַכט, און איך האָב (אויב איר געדענקט, בערן) אײך דאָס אונטער-געטראָגן, און אײך אָנגעהאָדעוועט, און איר זײנט פונם עסן צופרידן געווען, און איך — פון אײער צופרידנקײט, און איר זײנט אוועקגעגאַן און איר זײנט דערנאָך ווידער געקומען.

און נאָך אַ מאָל האָבן מיר זיך דעמאָלט באַ מיר אף מײן בעטל פאַר-זאַמלט, און ווידער האָב איך מײנע בעטל-כאַווײרים דערצײלט, אַז די בערן זײנען שוין זײער אָפּטע געסט געוואָרן, און מײנע אַלײען זײנען שוין האַלב אויסגעלאָשן און אין די לײכטער-רײען פעלן שוין אַ מענגע, און אַז איך גײ דאָרט צווישן זײ אַרום, בין שוין טרויעריק זײער, ווײל, איך זע, איך ווער אויס באַלעבאָס, און באַלד וועל שוין אויך אויס באַ-דינער ווערן, ווײל ליכט פעלן און לײכטער בלײבן נישט, און באַלד וועל שוין וואָס אָנצוצינדן און וואָס צו פאַרלעשן נישט האָבן, און אַ קעלט בלאָזט מיר פון די רײען, און מײנע באַקן זײנען שויל קיל באַ-שטענדיק, און ס'פּרעסטלט מיך אויך פונם ליכט.

און אַז איך פֿאַרגיי אַמאָל אין די אַלייען, באַגעגנט זיך מיר שוין נישט קיין פּאַלאַץ, נאָר אַ שטוב אַ הילצערנע, און אַז איך גיי אַף די הילצערנע טרעפּ אַרויף, שאָקלען זיי זיך, און ווי צעבראָכענע אונטער די פֿיס, און אַז איך קום אַריין, טרעף איך שוין אַ שטוב אַ געוואוינלעכע, אַ טיש אַן אָרעמען און אַ טישטעך אַ קויטיקן, און בערן וואַרטן ווייטער, אָבער שוין מיט ווייניקער קאָוועד, און מיט בליקן באַ מיר מאָנען, און אַז איך ווייז זיי אַף דער שטוב און אַף די ווענט אָן, אַז איך האָב שוין גאָרניט, און אַז מיין וועג פֿון די אַלייען בין שוין אינדערפֿינצטערלעך געגאַן, און אַז אַלץ, וואָס כ'האָב צו פֿאַרקויפֿן געהאַט, האָב שוין פֿאַרקויפֿט, אַלץ וואָס צו פֿאַרמאַשקענען — פֿאַרמאַשקנט, און מער קיינע באַלאָנים, און איך האָב אויך ניט וואו צו נעמען,— ווילן זיי ניט וויסן און זיי ווייזן מיר אַף מיין קאָפּ און אַף די האָר פֿון מיין קאָפּ, און ס'איז ניט זייער אייסעק, זאָגן זיי, און איך האָב נאָך אַ קאָפּ, הייסט עס, און איך קען עפּעס צוטראַכטן, און אויב ניט, זאָל איך די האָר פֿון קאָפּ אָפּגעבן, און בערן מאַנקירן ניט, און ברויט איז ברויט, און ווען ניט קיין ברויט, איז אויך האָר אנשטאט ברויט...

און איך בין ווידער אין פֿאַרלעגנהייט, און איך שטיי, און ווייס ניט וואָס צו טאָן, און די בעסטע לייכטער האָב שוין אויסגעפֿאַרקויפֿט, און געבליבן זיינען מיר קליינע פּיצעלעך נאָר, און ווי פּאַר קליינע קינדער שפּילעכלעך - לייכטער, און אַפֿן מאַרק זיי טראָגן, וועט זיי קיינער נישט ווען, און אָט, — האָב איך דאָס צווייטע מאָל צו מיינע בעטל - כאַווייריס געזאָגט, — און אָט, און איך האָב זיי אייך געבראַכט, און אַזויווי איר קענט מיך, און אַזויווי מיר לעבן אינאיינעם, און אַזויווי מיר האָבן כאַווערשאַפֿט געשלאָסן, איז עפּשער איר, און אַזויווי דאָס ערשטע מאָל, און איך וויל אַף אייך האָפֿן, אַז אויך איצט וועט איר מיר ניט אָפּזאָגן...

און טאַקע, און מיינע בעטל - כאַוויירים האָבן מיר אויך דאס צווייטע מאל ניט אָפּגעזאָגט, און ווייזן נאָר האָבן זיי זיך די לייכטערלעך די קליינע און, ווי כ'האָב געזאָגט, די פּאַר קינדער - שפּילעכלעך, זיך געהייסן. און אַזויווי דאָס ערשטע מאָל מיט זיי שמועסן, אַזוי אויך דאָס אַנדערע מאָל, ווען מיר האָבן זיך אַפֿן בעטל פֿאַרזאַמלט, איז אָוונט געווען, און אין פֿענצטער אונזערן שוין פֿינצטער, און נאָר אַפֿן הימל

ווייסע קנעפּעלעך אָנצוזעען, און אַהין, און צו די קנעפּעלעך, האָב מיין האַנט אויסגעשטרעקט, און איך האָב ווידער אַף זיי, ווי אַף מיינע איי־גענע אָנגעוויזן.

און ווידער זיינען מיינע בעטל־כאַווײרים באַשטאַנען און באַלאָנים געווען, און נאָך אַמאָל זיינען ביידע צו זייערע בעטלעך צו, און ביידע האָבן זייערע שיראַיעם, ברויט און האַרטע שקאָרינקעס צוזאַמענגענומען, און מיר אַ פולע פּאָלע געבראַכט, און מיטן געבראַכטן בין איך צו אייך, בערן, דאַן געלאָפן, און ווידער האָב איך אייך אָנגעהאָדעוועט, און גע־מיינט: אַן עק, און איר זעט דאָך, אַז מער האָב שוין נישט און מער פאַרמאָג נישט, און כאַווײרים האָבן מיט מיר דעם לעצטן כעסעד געטאָן און מער קיין כסאָדים קאָן שוין פון זיי ניט פאַרלאַנגען, און זיי האָבן באַ מיר די פּיצעלעך לייכטערלעך געקויפט, וואָס קיין אנדערער וואָלט שוין אַף זיי זיכער קיין באַלן נישט געווען. און אָט זעט, האָב איך דאַן צו אייך, בערן, געזאָגט, און פון גרויס אומאַנגענעמלעכקייט און פון גרויס אַגמעסנעפעש, וואָס כ׳האָב מיינע כאַווײרים באַאומרואיקן באַ־דאַרפט, און זאַכן, אין וועלכע זיי נויטיקן זיך ניט, זיי פאַרהאַנדלט (און דאָס איז קעגן מיין נאַטור, און איך קאָן דאָס גאָרניט), זיינען מיר די האָר אויסגעפאַלן און דער קאָפּ איז מיר שוין נאַקעט, און איצט, און אַז איר וועט ווייטער קומען, און אַ דריט מאָל, אז איר וועט זיך ווייזן, וועל איך גאָר שוין ניט קאָנען טאָן, און סאַידן, זעט, סאַידן מיינע הוילע און צען פינגער נאָר מעגלעך...

און איר, בערן, האָט די שקאָרינקעס געגעסן, און עסנדיק האָט איר מיך האַלב געהערט און האַלב ווי נישט געוואָלט הערן, און איר האָט אפּגעגעסן און אַוועקגעגאַן, און אַ צייט האָט איר מיך ווי צו רו געלאָזט, און אַ צייט האָב איך געגלויבט, און אַז מער וועט איר מיך שוין נישט באַאומרואיקן, און אויך איך אַנדערע וועל שוין באַאומרואיקן פאַר־שפּאָרן...

און אָרעם און שטאַרק אָרעם בין שוין דעמאָלט געווען, און מיינע לייכטיקע מעלוכעס האָבן שוין געצאַנקט אינגאַנצן, און אַז איך בין אַרומ־געגאַן דאָרט, האָב איך זיך ווי אַף אַ בייסוילעם געפילט, און פון שיינע און גרויסע לייכטער שוין קיין סימען, און אויך פון קליינע איז מיר אַ שפּאָט־ביסעלע פאַרבליבן, און די לייכטעלעך, וואָס כ׳האָב אין זיי

אַריינגעשטעלט — קליין, און די פלעמעלעך פון די ליכטעלעך באַדר'ער־דיקע און נישטיקע, און שטיל געקנאַקט און ווייניק געלויכטן, און פיל נאָר געטשאַדעט.

און ווי אַ קאַברן האָב איך זיך דאָרט געפילט אַרומגייענדיק, און אַ טויטע אומעט האָט אַף מיין קאָפּ גערוט, און מיינע אַלייען פינצטער, און די וועגן צווישן זיי כוישעכע, און איך האב דארט אומגעבלאָנקעט, און מיסטאָם האָב דאָרט ווי אַן אומזיניקער אויסגעזען, און נישט געגלויבט האָב שוין אין מיין גאַנג דאָרט נישט קיין פּאַלאַץ און אויך אַפילע שוין נ י ש ט קיין פּאַלאַץ צו באַגעגענען...

און טאַקע, און דאָס לעצטע מאָל, אַז כ'האָב אינדערפינצטער שפּאַצירט, האָב זיך אין אַ קליין וויסט כורוועלע נאָר אָנגעשלאָגן, און דער דאַך איז דעם אַפן קאָפּ געלעגן, און דער אַריינגאנג האָט מיט דריי טרעפּ אין דר'ערד אַריינגעפירט, און איך האב זיך אַראָפּגעלאָזט, און איך האָב א פינצטערע און קויטיקע טיר אָנגעטאַפּט.

און אַז כ'בין אין כורוועלע אַריין, איז מיר אַ צייט אין די אויגן פינצטער געווען, די סטעליע שוואַרץ, די ווענט אויסגעקרומטע, נאַס און פינצטער, און פליגן אַף די ווענט און דאַרע אויסגעטריקנטע א מאַסע, און אויך די שפינען, וואָס אין די ווינקלען, דאַר, און אויך זיי טויט, ווייל אויך פאַר די שפינען האָבן שוין קיין פליגן נישט געקלעקט. און איך האָב די אויגן צו דער ווייניקער ליכט און צו דער קאַרגער שטוב־שיין צוגעוואוינט, און אַ טיש האָב דאָרט אין מיט דערזעען, אַ קליינעם און אַן עטוואָס לענגלעכן. און אַייך, בערן, האָב דאָרט דערזעען, אויס־געזעצטע און איינס צום אַנדערן ענג צוגערוקט, און אויך אַייערע אויגן האָבן פון הונגער געלויכטן, און איר האָט זיך אַלע מיט די אויגן צו מיר געווענדט, און עסן האָט איר באַ מיר געמאָנט, און איך האָב שוין גאָרנישט געהאַט און אַפילע קיין האָר אַפן קאָפּ נישט, און איר האָט אַף מיר און אַף מיין קערפּער געקוקט, און געהייסן האָט עס, אויב נישט עפּעס אַנדערש, ביסטו אַליין אַ מאַיכל...

און איך האָב זיך געקלאָגט פאַר אַייך, און אַייך די שטוב, די ווענט און אַף די שפינען אין די ווינקלען אָנגעוויזן, און „זעט", — האָב איך געזאָגט, — און די שפינען טויט, און וואָס קאָן איך, און וואָס נאָך בין איך בעיעכוילעס, און מיין מעלוכע איז אויסגעלאָשן, און מיין וועלט מיר

פינצטער, און אַליין בין איך אין אַ דול-הויז, און מיין עסן דאָרט ווינציק, און דער מעשאָרעס אַ בייזער, און וואָס נאָך קאָן איך איצט טאָן, און וואָס נאָך האָב איך אויסער פינגער?..

און איר, בערן, האָט מיר מיינע פינגער אָפּגעריזעט. און פאַר צען אייערע וואָלטן מיינע צען פינגער געווען געקלעקט, אָבער איינער, און דער נייַנטער אייערער, האָט אויך דעם צענטן אַריינגעכאַפּט, און פאַרן צענטן איז גאָרנישט נישט געבליבן, און ער האָט מיין האַרץ און מיין ברוסט דערזעען, און ער וויל פון גאָרנישט וויסן, און אויך ער איז הונגעריק, און איך זאָל אים דאָס האַרץ געבן...

און שוין, און מער ווי איינס האָב דאָך נישט, און אויך איר וועט מער נישט האָבן. און געדענקט, בערן, און איך האָב זיך באַ אייך אויסגעבעטן, איר זאָלט מיך אויסהערן, און דערויף האָב איך איצט די מאַיסע דערציילט, איר זאָלט פאַרשטיין, אַז ס'איז לעצט, און איין האָפענונג איז נאָך מיר פאַרבליבן: מיינע בעטל-כאַווײרים, און כאָטש אויך זיי אָרעם, און כאָטש אויך זיי האָבן מיר שוין דאָס לעצטע אָפּגעגעבן, און דאָך, און איך וועל זיך נישט אָפּזאָגן, און איך וועל נאָכאַמאָל צו זיי קומען און זיך נאָכאַמאָל פרואוון, און עפשער וועלן זיי נאָך עפעס באַ זיך געפינען, און עפשער אויך באַ אַנדערע אויסקראַצן, און לאָזט מיך און געטרויעט מיר, און געזאָגט איז געזאָגט, און אַ וואָרט אַ וואָרט, און וואַרט מיך אויס אַביסל, און עפשער וועל דאָך נאָך באַ זיי עפעס קריגן...

און אויב איר האָט מוירע, און אויב איר מיינט, אַז באַ כאַווײרים שוין נישט, איז לאָזט מיך אַזוי, און איך וועל עפשער מיט דער צייט נאָך פון דול-הויז אַרויס, און ווער ווייסט, און עפשער וועט מיך נאָך אָפּגליקן, און איך וועל ווידער דעם לייטער געפינען, און אין דער הויך אַרויף, און ווידער אין דער בלאָטע-מעדינע קומען, און ווידער דאָרט רייך ווערן, און ווידער וועל פיל דאָרט איינקויפן, און מיר וועלן סימכעס און בעלער פראַווען, און מער פונדערהויך זיך שוין ניט לאָזן אַראָפוואַרפן, עפשער...

און אָט, דערציילט לעסאָף דער ניסטער, און בערן האָבן אים אויסגעהערט, און דער הונגעריקער, און דער צענטער האָט דאָס מאָל און אַף זיין ליידיקער קישקע מויכל געווען, און דער בער האָט אים אָפּגעלאָזט, און דער ניסטער איז צו זיך אין דול-הויז געלאָפן, און ער האָט

שטיל און בעסאָד זיינע כאַווײרים ווידער צונויפגענומען, און ער האָט זיי די גאַנצע מאַיסע דערציילט, און ער האָט זיך מיט זיי וועגן די בערן געאייצעט, וואָס צו טאָן, און אז זיי וועלן נאָכאַמאָל קומען; און דאָס מאָל האָט ער זיך מיט א מאַיסע אויסגעקויפט, און מער וועט ער דאָך שוין נישט קאָנען...

און ריכטיק, און די כאַווײרים האָבן דעם ניסטערס לאַגע געזען, און מער אים צוהילף קומען האבן נישט געקאָנט, ווייל מער וואָס צו פאַר־קויפן האט שוין דער ניסטער נישט געהאַט, און די כאַווײרים נישט פאַרוואָס צו קויפן, און מע האָט זיך געאייצעט לאַנג, און מע האט מיטלען געזוכט, און ס'איז געבליבן (און קיין אנדער אויסוועג איז ניטאָ), אז נאר דער ניסטער זאָל דאס אַלעס דעם דאקטער פון דעם דול־הויז אנשרייבן און זיך אַף די אומגעבעטענע געסט און אַף די אפטע באַזור־כער זיינע זיך קלאגן. און אַזוי איז דאס אנגענומען געוואָרן, און דערביי איז עס טאַקע געבליבן, און דער ניסטער האט עס אנגעשריבן. און אַזויווי קיין פינגער האט ער דאך שוין ניט געהאַט, האט ער דערום די גאנצע מאַיסע דעם דאקטער מיט בלוט געשמירט און פון דעמאלט אן און ער וואַרט אף אַן ענטפער פונם דאָקטער.

און יאָ, און אַבי דאס האַרץ איז שוין בא אים... אבי געזונט זאָל ער זיין... אַבי געזונט — און אַפן דאקטערס ענטפער וועט ער שוין מיסטאם לאַנג קאנען וואַרטן.

דער לעצן־פאַנגער האָט געוואוינט אין אַ מיטן אַ פעלד, אין אַ קליין שטיבעלע־כורוועלע, מיט נידעריקע ווענט, אַ פענצטערל א לעכל, דער דאַך באַ דער ערד, די סטעליע אַפן קאָפּ, און די שטוב פוסט, דער אויוון קיל, דאָס אַש קאַלט, און קיין מעבל, אויסער נאָר א טיש, אַ פּאָר שטולן, אַ באַנק־בעטל און אין באַנק־בעטל א מויז.

און די מויז איז דעם לעצן־פאַנגערס שפּייזערן געוועזן. ווייל אָפט, און פון צייט צו צייט, פלעג אינאָוונט און באַ אַ ליכט־אָנצינדן צום לעצן־פאַנגער אין שטוב אַ לעץ זיך אַריינשטעלן, אַן אַלטער באָכער־פאַרשוין, דער רוקן שוין האַרבאַטע און מיט אַ פליך אַפן האָרב און די פעל שוין אויסגעקראָכן, און ער פלעג זיך צום לעצן־פאַנגער ווענדן, און אזויוי ער האָט געהערט, אַז באַ אים איז א מויז פאַראַן, אַ דער־וואַקסענע און שטייט אין שידוכים, און אויך ער, דער לעץ, איבערגע־וואַקסן, און דאָס באָכערשע לעבן אים שוין נימעס, איז ער געקומען און לייגט פאָר, און ער וויל זיך אָנקוקן.

און דאָ פלעג דער לעצן־פאַנגער פון באַנק־בעטל די מויז ארויסלאָזן, אַן אָנגעטאָנענע און ווי ס'געהער פאַר אַזוינע פאַלן, און דאָס פּאָרל פלעג זיך אָנקוקן און זיך שעמען, שעמען און זיך אָנקוקן...

און גראָד דעמאָלט פלעג דאס גלעזל פונם לאָמפּ נעמען רויכערן, און דער לעצן־פאַנגער פלעג דעם לאָמפּ אַביסל אַריינדרייען, אַליין ערגעץ זיך אָפּקערעווען און אין א זייט פון שטוב אָפּגיין און דאס פּאָרל קלוי־מערשט אַליין לאָזן. און אז דער לעץ, דער באָכער, איז אינדערפינצטער־לעך דרייסטער געוואָרן, און ער פלעג זיך צו זיין באַשערטער און איבערן טיש איבערבויגן, אַזוי פלעג דער לעצן־פאַנגער דעמאָלט אים פון הינטן אָנפאַלן, מיט א זעץ און מיט אַ האַק און אים אומברענגען, און די פעל פלעגט ער אָפּשינדן, און קיין פלייש איז ניט געווען, און די ביינער

פֿלעג אַפֿן פֿעלד אַרויסוואַרפֿן, פֿון די טלאָען פֿלעג קליי קאָכן, און פֿונם קליי פֿלעגט ער זיך מיט דער מויז שפּייזן, און פֿון דער פֿעל פֿלעגט אַ פֿעלצל מאַכן, און דאָס פֿעלצל פֿלעג פֿאַרקויפֿן.

אַז ס'פֿלעגן זיך באַ אים עטלעכע אָנקלייבן, פֿלעג איינמיטן א באַטאָג אַמאָל דער שטאָטישער שמאַטע־קלייבער צום כורוועלע מיט זיין ביידל און מיט זיין פֿעגירע־פֿערדל אָנפֿאָרן, פֿלעג פֿון דער שטאָט דעם לעצן־פֿאַנגער אַלעס, און אין וואָס יענער האָט זיך געניטיקט, ברענגען: אַ פֿינגערהוט אַמאָל, אַמאָל אַ נאָדל־פֿאָדעם, און טאָמער פֿאַר דער קאַלע־מויז קאַלע־באַציר זי צו באַצירן — גלאָז־פֿערל, אָדער קרעלן פֿאַרשיידענע, שמאָכטעס, און יעדערס מאָל אויך א קלייד פֿון שמאַטעס. — און דער שמאַטע־קלייבער פֿלעג דערפֿאַר די פֿעלצלעך באַקומען, זיך בייטן און נעמען, זיי אין שטאָט אַוועקפֿירן, און דאָרט זיי פֿאַרהאַנדלען.

ווער ס'האָט באַ אים איינס אַזאַ פֿעלצל געקראָגן, פֿלעג אַ בייסעכץ באַקומען, פֿלעג זיך קראַצן און לאַכן, קראַצן און וויינען, קראַצן און טרויעריק ווערן, און נישט אויסהאַלטן, און לעסאָף זיך א מיסע אָנטאָן...

און אויך דער ניסטער, דערציילט מען, האָט איינס אזוינס געקראָגן, און אויך ער האָט זיך פֿריער געקראַצט און געלאַכט, דערנאָך געקראצט און געוויינט. און אז ער איז טרויעריק געוואָרן און געזען, ער האַלט ניט אויס, און ער מוז זיך דאס לעבן נעמען, האָט ער די סיבע געזוכט און פֿונוואַנען זיין שלעכטע לאַגע נעמט זיך דערגיין געוואָלט, און ער האָט זיך אַרומגעקוקט, און איינמאָל האָט אַף די האָר פֿון פֿעלצל אַ קליין שערעצל, אַ האַלב־פֿלוי, האַלב־וואַנץ, קריכן דערזען, און ער האָט פֿאַרשטאַנען, און ער האָט דאָס פֿעלצל אויסגעטאָן, און דאָס שערעצל האָט צו אַ דאָקטער אַ באַלעכאַיעם־פֿאָרשער געבראַכט און דער דאָקטער האָט אַף דעם דורך אַ שפּאַקטיוו געקוקט און — געזאָגט:

— ס'פֿאַרפֿאַלן, דאָס גיפֿט פֿון שערעצל איז שוין אין בלוט באַ דעם ניסטער, און געזונט ווערן קאָן ניט אַנדערש, סאַידן דאָס פֿעלצל וועט צוריק דעם, צו וועמען ס'האָט געהערט, אומגעקערט ווערן, און יענער צוריק לעבעדיק, און דער ניסטער געזונט דאַן ווידער...

און דער ניסטער האט דעם שמאַטע־קלייבער אופֿגעזוכט און יענער האָט אים צום לעצן־פֿאַנגער געבראַכט, און דער לעצן־פֿאַנגער האָט אים אַפֿן פֿעלד, וואוהין ער פֿלעג פֿון אַלע לייצים דיביינער אַרויסוואַרפֿן,

אָנגעוויזן, און געזאָגט אים: קלויב זיך... ווייל וואָסערע ביינער צו וואָס פּאַר אַ לעך געהערן, ווייסט ער ניט...

און דער ניסטער האָט אַ טאָג געקליבן, דער ניסטער צוויי טעג, און אויפ־קלייבן און צונויפשטעלן זיי איז דאָך אומעגלעך געווען, ווייל צעוואָרפן זייער און פאַרמישט צוזאַמען... האָט ער זיך מעיאַעש געווען, און דער טרויער האט אים צוגעטראָטן, האָט ער זיך אַפּן פעלד אַף די ביינער אויס־געצויגן און געדענקט צו שטאַרבן, און דער לעצן־פאַנגער האָט גאָרנישט ניט געקאָנט טאָן; נאָר אַז ער האט געזען, אַז ס'האַלט שלעכט, און דער ניסטער שוין באַ אויסגיין, האט ער אַף הילף די מויז גערופן, און די מויז איז געקומען. און אזוי ווי אַ איבערגעזעסענע איז זי שוין געווען און כאַסענע האָבן האָט זיך איר געוואָלט זייער, האָט זי זיך באַמיט און די ביינער פון יענעם לעך אופגעזוכט און מיט גרויס מי זיי דאָך צונויפגעשטעלט, און דאָס פעלצל איז דעם לעך אָפגעגעבן געוואָרן, און דער לעך ווידער גאַנץ, און דער מוז איז דער שידעך געפעלן, און אין זעלבן אָוונט האט מען באַם פאַרויכערטן לעמפל די כאַסענע געפראַווועט; און אַזוי־ווי קיין קליי אין טאָפּ איז נישט געווען, שוין לאַנג אויסגעגאַן, דער טאָפּ פאַרטריקנט און עסן נישט געווען וואָס, און כאָסן־קאַלע און אויך דעם לעצן־פאַנגער, דעם מעכותן, האט מען באַדאַרפט מעסאַמייעך זיין, און דער ניסטער אופגעלייגט, ווייל צוריק גאַנץ און געזונט ווידער, האָט ער זיי א מאַיסע דערציילט, און די מאַיסע, האָט ער געזאָגט, איז נישט מיט קיין אַנדערן, נאָר טאַקע מיט אים אַליין פאַרלאָפן.

ער האָט דערציילט, אַז ער איז מיט זיין אייזל אמאָל צו א טויער פון א שטאָט צוגעקומען און דער היטער פון טויער האט אים נישט אַריינגעלאָזט, און אַז ער האָט אים געפרעגט „פאַרוואָס?", האָט יענער אים געזאָגט: איבערן אייזל.

— „וואָס איז?" — האָט ער געפרעגט.

און יענער האָט געענטפערט: דאָס אייזל איז נאַריש, האָט לאַנגע אויערן, פירט זיך נישט אָנשטענדיק און טוט די באַדערפענישן, וואו ס'שטייט און גייט...

— און באַ זיי אין שטאָט זיינען דען קיין אייזלען נישטאָ?

— ניין, — האט ער געענטפערט, לויטער נאָר כאַכאָמים, עסן לויטער גאָלד און האָבן קיינע נישט באַדערפענישן.

און דער ניסטער האט דאָס אייזל באַם טויער געלאָזט און איז אַליין אַרײַנגעגאַנגען, און אז ער איז אין שטאָט אַרײַנגעקומען, האט ער דערזען, ווי אַלע הײַזער גלאָז און אויך די מענטשן גלעזערנע, און די אינגע־ווייטן זײַערע זײַנען לויטער דין און לויטער דורכזיכטיק, און מענער אַף קיין ווײַבער קומען ניט, זיי זאָלן זיך ניט צעברעכן, רעדן רעדן ניט, ווײַל איינער באַם אַנדערן זעט קלאָר די מאַכשאָווועס אין קאָפּ, אויך עסן טוען ניט, ווײַל אַנעווײַרע די ציין, טרונקען טרונקען ניט, ווײַל דורך די לעכלעך קאָן זיך אויסגיסן, און טוען טוען גאָרניט, נאָר זיי שטייען אַליין גלעזערנע באַ די ווענט גלעזערנע און וואַרטן, אַז פון אַנדערע שטעט זאָל מען אַהין קומען און נאַראָנים זאָלן זיך אַף זיי כידעשן...

און אין קיין שטוב האט קיינער דעם ניסטער ניט אַרײַנגעבעטן און קיין אכסאַניעס זײַנען נישט געווען און אויך קיין קלייטן, וואו עפּעס צו קויפן, ניט. און אז ער האָט זיך א גאַנצן טאָג ארומגעדרייט און ער איז הונגעריק געוואָרן, איז ער צום עלטסטן גלאָז־מאַן, וואס איבער אַלע גלאָז־לייט, געקומען, און יענער איז אינדרויסן אף אַ געשטעל געשטאַנען, און דער רעגן איז אף אים געגאַנגען און ער איז נאָס נישט גע־וואָרן, ווײַל דער רעגן האט פון אים אַראָפּגערינען, און שטויב איז אַף אים געפאַלן און ער איז ניט פאַרשטויבט געווען, ווײַל דער רעגן האָט אים אָפּגעשווענקט, און גלייך ווי אַלע גלאָז־לייט האָט אויך ער אויס־געזען, און ווי אַלע נאָר מיט איינס א נישט־גלעזערן אָרט אין קערפּער, מיט א פליישיקן נאָפּל אין בויך, און דער נאָפּל איז שוין יאָ אַביסל נאָס און פאַרשטויבט געווען, שוואַרץ, און אויך אַ קליין ביסעלע ערד האט זיך אין זײַנע שפּאַלטן געהאַלטן.

און אז דער ניסטער האט באַ אים, וואו מע קריגט עפּעס עסן, א פרעג געטאָן, האט אים דער גלאָז־מאַן אף זײַן מויל אָנגעוויזן, דאס הייסט, אַז גלאָז־לייט עסן ניט, און אז ער האָט אים, וואו מע קאָן ערגעץ אי־בערנעכטיקן געפרעגט, האָט אים יענער אַף די אויגן אָנגעוויזן, און דאָס הייסט, גלאָז־לייט שלאָפן ניט, און דער ניסטער האט זיך אָן עסן אונ־טערן הימל אוועקגעלייגט און אזוי אײַנגעשלאָפן.

אַזוי א טאָג, אַזוי צוויי, און אַז דער ניסטער האט געזען, אַז ער האָט אין א שלעכטער מעדינע געטראָפן, איז ער אַפן דריטן טאָג צום עלטסטן גלאָז־מאַן צוגעקומען און אים געזאָגט: „איר שטייט און איר

גליוערט, איר לעבט, אָבער אָן לײַדנשאַפטן און פילט אין לעבן קיין טאַם ניט, און וואָס וועט איר אויסשטײַן?"

— איז וואָס איז די אײַצע? — האט יענער געפרעגט.

— די אײַצע? איך זע, איר זײַנט פון גלאָז, אָבער אַ נאָפל האָט איר אַ פליישיקן, און פון נאָפל קומען אַלע לײַדנשאַפטן, פון פלייש אַלע טאַימים.

— איז נו? — האט יענער ווייטער געפרעגט.

— איז דאַרף מען זען, האָט געזאָגט דער ניסטער, אַז דער נאָפל זאָל זיך אײַך אָנהויבן רירן, אײַער פלייש זאָל זיך איבערן גלאָז צעוואַקסן און אײַער גאַנצן קערפּער און אַלע אייוורים צו פלייש מאַכן.

— איז ווי מאַכט מען עס?

און דער ניסטער האט געזאָגט: „איך האָב א מיטל, און צו אײַער מעדינע בין מיט אַ אייזל געקומען און דער טויער-היטער האָט עס נישט ארײַנגעלאָזט, און דאס אייזל איז הוילע פלייש און פול לײַדנשאַפט. איז אָט, זאָלסטו א באַפעל געבן און דאס אייזל זאָל אַרײַנגעלאָזט ווערן, און איר וועט זען, וואָס דאס אייזל וועט טאָן, און געוויס וועט זיך אויך אײַך דאָסזעלבע גליסטן, ווײַל דאס אייזל איז פול גלוסטיקייט און מיט גלוסטיקייט קאָן אַ וועלט אָנשטעקן...

איז אזוי געווען, און דער גלאָז-מאַן האט דעם באַפעל געגעבן, און דער ניסטער איז צוגעגאַן און האָט דאס אייזל אין דער מעדינע ארײַנ־געפירט. און אז דאס אייזל איז אַרײַן און די גלאָז-לײַט זײַנען באַ זיי־ערע גלאָזיק-דורכזיכטיקע ווענט געשטאַנען און דורך זיי, ווי דורך פענצטער, ארויסגעקוקט, און זיי האָבן דאָס אייזל אין הוילן און אין נאַקעטן פליישיקייט דערזען, און נאָר מיט א דינער פעל באַדעקט, איז קיינער ווייסט ניט, ווי אזוי און פונוואַנען, נאָר די אויגן בא די גלאָז־לײַט האבן עפּעס א באַזונדער מין גלאַנץ באַקומען, עפּעס נאַסלעך און דאָך גלאַנציק-טרוקן, און די גלאָז-לײַט האבן פון אייזל די אויגן נישט געקאָנט אָפּרײַסן.

און אז דאָס אייזל האט זיך פּלוצים צווישן א צווייענדיקער שורע גלאָז-הײַזער און מויערן געטראָפן, האט זיך עס, ווײַזט אויס, פאַרכי־דעשט, און אַז ס'האט זיך אין אַלע הײַזער און אין אַלע גלאָז-פענצטער אָפּגעשפּיגלט דערזען, און ס'האט זיך, ווײַזט אויס, דערשראָקן, און פון

דערשרעק איז דעם די האַשטאַנע אָנגעקומען, און ס'האט די הינטערשטע פּיס צענומען, מעשונע זיי צעשטעלט און האָט דעם באַדארף געטאָן...
און די גלאָז-לייט האבן דאָס געזען, און ווידער — ווייסט קיינער ניט, ווי אַזוי, און פונוואַנען, און ס'האָט זיי קיינער דאָך ניט געוויזן און קיינער ניט געלערנט, נאָר אויך די גלאָז-לייט האָבן אלע, אַפּן אייזל קוקנדיק, מעשונע די פּיס צעשטעלט און אויך זיי האבן זייער באַדאַרף געוואָלט טאָן, און ס'האט זיך ניט געטאָן...
און דער ניסטער האט זייערע מעשונענע האַוואַיעס און זייער פּיס-צעשטעלן געזען, און ער האט זיך צעלאַכט, און דאס געלעכטער האָט צו די גלאָז-לייט דערגרייכט, און זיי האבן אלע מיטגעלאַכט, און מענטשלעך און אויס גלאָז-גוילעמער האָבן זיי אויסגעזען...
און אַפּן אייזל האבן זיי געקוקט און אף די פּאַרבאָרגענע ערטער אין קערפּער פון אייזל, און דער נאָפּל האט זיך זיי צעפּאָכט, און דער בויך האט זיך זיי געהויבן, און דאס פלייש איז פון נאָפּל ארויס און האָט דעם בויך באַוואַקסן, און פון בויך און העכער — די ברוסט, און פון בויך און נידעריקער — די פּיס, און באַלד איז פון די גלאָז-לייט מענטשן-לייט געוואָרן, און באַלד האָבן מאַנסבלען די ווייבער דערקענט און זיינען אַף זיי געקומען, מענער אַרופגעקומען און ווייבער האָבן זיי אַף זיך גענומען, און קיין בעטן אין די הייזער זיינען ניט געווען, און די דילן פון די הייזער זיינען צו בעטן געווארן, און גלאָז-לייט זיינען געלעגן, און וויפל פּאָרלעך, אזויפיל געלעגערס, און איין פּאָר האט זיך פאַר דער אַנדערער ניט געשעמט און קיינער האט זיך פון זיין באַגער ניט אפּגע-האַלטן...
און באַטאג איז דאס געווען, און מע האט אף נאַכט ניט געוואַרט, און פאַר די אויגן פון דער זון, און דער ניסטער מיטן אייזל האבן זיך געטאַן שעמען און זיי זיינען אין א זייט אריין אָפּגעגאַן און דעם טאָג אין בושע פאַרבראַכט, און די נאַכט ווי-ניט-איז איבערגעשלאָפן.
און אינדערפרי זיינען שוין אַלע הייזער פול קינדער געווען, און טאַ-טעס און מאַמעס האָבן זיי באַדאַרפט מיט עסן באַזאָרגן און האָבן ניט געוואוסט ווי אַזוי. און אַז דאָס אייזל איז פון שלאָף אופגעשטאַנען און ס'האָט זיך צו א וואַנט צוגעשטעלט און נאָך דער נאַכט זיך געקראַצט, און די וואַנט דאָך פון גלאָז, און די וואַנט פון אייזל האָט זיך צעבראכן,

האָבן דאָס די גלאָז־לייט דערזען, און אויך זיי האָבן זייערע ווענט צע־בראָכן, און דאָס אייזל האָט דעם קאָפּ צו דער ערד אָנגעבויגן, אין שטויב געשמאָרעט און עסן געזוכט, און אויך די גלאָז־לייט האָבן דעם אייזל נאָכגעטאָן, און אַזויווי דאָס אייזל, אַזוי אויך זיי האָבן גאָרניט געפונען, און מע איז זיך צום עלטסטנס געשטעל צונויפגעקומען, און מע האָט באַם עלטסטן אַ אייצע געפרעגט, און דער עלטסטער האָט געזאָגט: קוקט דעם אייזל נאָך, און אַזויווי ס'האָט שוין איין וואונדער באַוויזן און פון גוילע־מער אייך צו מענטשן געמאַכט, וועט עס מיסטאם אויך ווייטער ווייזן, און זעט און טוט דעם נאָך, קוקט אף דעם און היט די טריט דעם.

און דאָס אייזל האָט באַלד באַוויזן און ס'האָט זיך געשטעלט און האָט די פרימאָרגן־באַדערפענישן געטאָן, און אין די באַדערפענישן האָבן זיך קערנדלעך געפונען, גאַנצע און נאָך נישט קיין איבערגעקאָכטע, און פון דעם, וואָס דאָס אייזל האָט מעדינע אויסער דער אופגעקליבן און גע־געסן, און דער עלטסטער האָט די גלאָז־לייט אָנגעוויזן: אָט נעמט און דאָס איז דאָס, און פון דעם וועט איר אייער כאַיונע האָבן, פאַר אייך און אייערע קינדער צו דערנערן.

און גלאָז־לייט האָבן געטאָן, און גלאָז־לייט האָבן באַלד גענומען, און אינדערפרי איז דאָס געווען, און אַ וואַרעמע זון אין הימל, און גלאָז־לייט האָבן אינדערפרי פאַרזייט און פאַרנאַכט שוין געשניטן, און אַ גאַנצן טאָג האָבן קינדער געוויינט און עסן געמאָנט און די עלטערן זיינען אין פעלד געווען, און דערפאַר פאַרנאַכט, און טאַטעס האָבן פולע פאָלעס געבראַכט, און מאַמעס פולע קליידער און ברוסטן, און עלטערן האָבן אַליין געגעסן, און נאָכן עסן האָבן אויך קינדער געגעבן, און נאָכן קינדער־געבן איז זיי נאָך פיל איבעריקס, און אויך אַף צו פאַרקויפן געבליבן, און דער ניסטער האָט געקויפט און אויך דאָס אייזל האָט פאַר זיינע פאַרדינסטן געהאַט...

און נאָכן עסן האט זיך אַ גרויסער כראָפּ דערהערט, אַ גאַנצע מעדינע האָט נאָך זעט און נאָך לייב, נאָך קינדער־האָבן און נאָך קינדער ווידער וועלן, געכראָפּעט, און אויך דער ניסטער מיטן אייזל זיינען געשמאַק איינ־געשלאָפן.

און אַף מאָרגן, און אז דער ניסטער האָט זיך אופגעכאַפּט, האָט ער דערזען, אַז די מעדינע בויעט זיך, און בוימער זיינען זיי פאַר דער נאַכט

אויסגעוואַקסן, און די בוימער זיינען שוין אויסגעהאַקט געלעגן, און מענער זיינען איבער זיי געשטאַנען און מיט העק און מיט זעג, און מענער האָבן געבויט, און ווייבער — געקוקט, און קינדער געזויגן, און מאַמעס־פעט, און געהאַט וואָס צו געבן...

און באַטאָג האָט מען געבויט און צונאַכט איז דאָס געבויטע פאַרטיק געוואָרן, מיט הייזער און מיט הויפן, מיט קאַמערס און מיט שפּייכלערס, מיט קעלער און מיט בוידעמער, א פולע שטאָט און פולע גאַסן אין דער מעדינע...

און מענטשן האָבן זיך אין די הייזער באַזעצט, טוואָעס אין די קאַ־מערן, און מייז אין די קעלערס און לייצים אַף די בוידעמער אַף אישעוו...

און דער ניסטער איז צום עלטסטן און צו זיין געשטעל צוגעקומען און געפרעגט, צי צופרידן, און יענער האט געזאגט, יאָ, און די אויגן האָבן באַ אים געשיינט און דאָס פּאָנעם האָט באַ אים מיט גלאַנץ גע־ברענט, און פעטלעך־שווערע ברוסטן האָבן אים שוין האָריקע אַראָפּ־געהאַנגען. און אַף זיין בויך האָט דער ניסטער א קוק געטאָן און געזען, אַז שטאט פריערדיקן אין גלאָז אַ פליישיקן נאָפּל, האט ער איצט אין פלייש אַ גלעזערנעם נאָפּל געהאַט, ווי א קנעפּעלע א גלעזערנס, אַ גלאַטס און א גלאַנציקס.

און דער ניסטער האָט זיך אַרומגעקוקט, און באַ אַלע מעדינע־לייט איצט גלאָז דער נאָפּל, און אויך באַ אַלע קנעפּעלעך גלאַטע און גלאַנ־ציקע, און ער האָט זיך געכידעשט און האָט ניט געוואוסט אַף וואָס דאַרף מען עס, און צו וואָס נוצט עס, צו וואָס אָפּשפּיליען, אַז נאָפּל איז געשלאָסן שטענדיק.

אָבער באַלד איז דאס אים קלאָר געוואָרן, און אַ קליין שטיקל צייט איז נאָר פאַרביי, און דער ניסטער האט דערזעען, אַז די מעדינע ווערט פעט זייער, פריער דער עלטסטער, און ער איז שוין מיט שמאַלץ באַ־וואַקסן, און זיין לייב איז האָריק, און א היפּשער בויך־גוידער הענגט אים שוין פון בויך־אַראָפּ, און אויך פון אונטער דער געמבע אַ גוידער, און הענט פעט, און העכער עלנבויגנס פלוסטער, און ליטקעס געדראָלן, און ער גלאַנצט און ער שוויצט פון פעט באַשטענדיק, און אויך אַלע איבעריקע אַזוי, און דאס פעטס גייט זיי אונטערן האַרצן אונטער, און זיי סאָפּען און, ווי געגנז געשטאָפּטע, קאָנען זיך ניט אָפּסאָפּען...

און ער האָט ווייטער געזען, ווי אַפּס, און ווען אַ מעדינע־מאַן, אָדער אַ מעדינע־ווייב קומט דאָס פּעטס אונטערן האַרצן, שפּיליען זיי דאָס גלעזערנע קנעפּעלע פון נאַפּל אָפּ, און אַנדערע און אייגענע ברענגען זיי א קריגל דעמאָלט, מע שטעלט עס אונטערן בויך אונטער, און מע לאָזט אין קריגל א היפּש ביסל כיילעוו און שמאַלץ זיך אָפּצאַפּן. און דאָס קריגל ווערט פול, און דעם פּעט־כוילע ווערט גרינגער, און היינט שטעלט איינער דעם צווייטן אַ קריגל אונטער, און מאָרגן צאָלט דער צווייטער אָפּ און שטעלט דעם ערשטן אונטער.

און די מעדינע האָט פיל פּעטס און פיל כיילעוו געקריגן, און נישט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט דעם, און גאַנצע בערג האבן זיך אָנגעקליבן און מע האָט זיי ניט געהאַט וואוהין אַהינצוטאָן, און ביז לעסאָף, און מע האָט זיך דערטראַכט און מע האָט פון כיילעוו גענומען ליכט מאַכן און אין די קעלערס אַף טרוקענען זיי אופגעהאַנגען, און מייז זאָלן וואָס צו גאַנווענען האָבן און זיי זאָלן אין די הייזער ניט קומען.

און מייז האָבן זיך נישט אָפּגעזאגט, און מייז האבן גענאַנוועט, און אויך מייז זיינען פעט געוואָרן, און געמערט און געפּרוכפּערט, און אַזוי־פיל געוואָרן, און אַזוי גרויס אין צאָל, און די מעדינע האָט זיי שוין מער אַזויפיל פּעטס ניט געקאנט צושטעלן, און די ליכט פון קעלערס זיינען זיי שוין נישט גענוג געווען, און מייז האָבן גענומען אין די היי־זער גיין, און אלץ, וואָס זיי האבן געפונען, האָבן זיי אופגעפּרעסן, און וואָס נישט געפונען, האבן זיי אופגעזוכט און ס'איז זיי אַלץ קאַרג גע־ווען. און ביז לעסאָף, און די מייז האָבן די מאַנסבלען פון די ווייבערס בעטן אַרויסגעטריבן און מיט די ווייבער געוואוינט און זייערע קינדער געריזעט.

און אין דער מעדינע איז אַ בעהאָלע געוואָרן, און דער ניסטער האט דאָס געשריי געהערט און אַ שטיק צייט האָט ער זיך ניטוויסנדיק גע־מאַכט. און אַף אַ בוידעם האט ער זיך אָפּגעזונדערט און ער האט ליכט געברענט, און מיט א לעך האָט ער זיך געכאַווערט און דער לעך פלעג אים באַדינען, און צו דער מעדינע, און וואס א ו נ ט ע ר ן בוידעם טוט זיך, האָט קיין אינטערעס ניט געהאט, און זיין אייזל האט זיך נערונג געפונען און האָט זיך אַליין אין די מעדינעס פעלדער געפּאַשעט, און דעם ניס־טער איז אַלציינס געווען, צי די מעדינע פעט, צי די מייז גערדראָלן.

און אַז ער איז איינמאל פון בוידעם אַראָפּ און צום עלטסטן געקומען און דערזען, אַז איינע א ברוסט אַ פּעטע איז בּאַ אים פון מייז צעריזעט, און אַ בלוטיקע וואונד איז דאָרט, און דער עלטסטער קאָן זיך ניט העלפן און ער שטייט נאָר שמאַלציק און גיסט מיט טרערן פון שמאלץ, איז אים ניט גוט געוואָרן, און ער האט זיך צום עלטסטן אַפילע מיט קיין וואָרט ניט געווענדט און גלייך פון אים און פון זיין וואונד, ווי פון א נעוויילע, זיך אָפּגעקערעוועט.

און אין אַ שיינעם טאָג, נאָכדעם ווי ער האָט א שטיק צייט אַזוי אַפּן בוידעם אָפּגעלעבט, אַז ער איז אַראָפּגעגאַן און דערזען, אַז זיין אייזל האָט נאָך אַ פּעטע פּאַשע דעמאָלט זיך אומגעקערט און אין שטאָט אַריין געקומען, און מעדינע־לייט האָבן דאס דערזעען און האבן זיך אַרום אייזל פאַרזאַמלט, און געשריגן האָבן זיי און אַפּן אייזל מיט די פינגער געטייט: און אָט איז עס, און אט, וועמ ס׳איז אין זייער אומגליק שולדיק, און ווען ניט דאָס אייזל, וואָלטן זיי נאָך ביז איצט גלאז געווען, גלאָז און רואיק, און דאָס אייזל האט זיי אומגליקלעך געמאַכט און צו זייערע ליידנשאַפטן און צו זייערע אַפּעטיטן דער גוירעם געווען, און אַפּעטיטן — צו פּעט, און פּעט צו מייז, און פון די מייז קאן מען איצט ניט אויסהאַלטן, און שולדיק איז דאָס אייזל און דאָס אייזל דאַרף פאַרשטיינט ווערן.

און אַלע האבן שטיינער געכאַפּט, און אַלע האבן געווארפן, און אייזל—אומבאַהאלפן: און אַ שטיין אין בויך, אַ שטיין אין קאָפּ, און נאך שטיינער, און האָגל פון שטיינער, און דאס אייזל האט באַלד די פיס אויסגעצויגן און טויט ליגן געבליבן.

און נאָכן אייזלס טויט האבן די מעדינע־לייט אליין דעם ניסטער דערזעען, און אויך אַף אים האבן זיי קוילעס אופגעהויבן און אנטקעגן אים אַ ליאַרעם געמאַכט, און: אָט איז דער, וואָס איז נאך מער שולדיק, ווייל ער האָט דאָס אייזל געבראַכט, און אים איז דער ערשטער שטיין געקומען און ער האט דער ערשטער באַדארפט פארשטיינט ווערן.

און צעקאַעסטע פענעמער האבן זיך צו אים געווענדט, און אויגן זיינען מיט רעציכע אף אים אנגעשטעלט געוואָרן, און געזעען האָט ער, אַז אט און אָט באַלד, און די מעדינע־לייט וועלן צום אייזלס נעוויילע לויפן, פונדאָרט די שטיינער, וואָס זיי האבן אין אייזל געווארפן, אופהויבן און

אין אים וואַרפֿן, און אויך מיט אים, ווי מיטן אייזל, און אַ רעגע איז דערצו אָפּגעגאַן, און באַלד וואָלט דאָס טאַקע געווען געשען.

און דער ניסטער האָט זיך רואיק געהאַלטן, און טויט איז טויט, האָט ער זיך געטראַכט, און ער האָט פֿאַרן טויט נאָר די אויגן אַף צו פֿאַר זיך אופֿגעהויבן און ווי אין דער ווייטקייט אַ קוק געטאָן, גלייך ער האָט עמעצן אָנקומען און באַווייזן־זיך דערזען פֿונעם ווייטקייט.

און ווירקלעך, און באַלד האָט זיך פֿון דער צווייטער זייט מעדינע אַ מענטש באַוויזן, אַ באַהאַנגענער און אַ פֿול געפּאַקטער, מיט כאַפּ־שטייגלעך און מיט דראָט־נעצן, און מיט סאַם־פֿלעשלעך, געלע און גרינע און קאָלירן פֿאַרשיידענע, און ער האָט אַף זיין סכוירע אופֿגערופֿן, און — אַ מויזן־פֿאַנגער איז ער, און ער קומט אין דער רעכטער צייט טאָמער, און אַז ער איז געקומען, מיסטאָם נויטיקט זיך אין אים די מעדינע, און זאָל מען אים דערלויבן, און ער וויל גלייך צו זיין אַרבעט צוטרעטן.

און די מעדינע־לייט האָבן גלייך אינם ניסטער פֿאַרגעסן, און באַלד האָט מען דעם מויזן־פֿאַנגער מיט גרויס קאָוועד אופֿגענומען, אין אַ שטוב אים אָפּגעפֿירט, און אַ גראָמע — פֿאַר אים און זיינע כאַפּ־שטייגלעך.

און דער מויזן־פֿאַנגער האָט ניט געזאָמט, און גלייך זיינע שטייגלעך און דראָטן־נעצן צעשטעלט, און פֿון די פֿלעשלעך אַף פּעטס געגאָסן און אין די קעלערס געטראָגן, און אין אַלע לעכער פֿון די הייזער זיי פֿאַרשטעקט, און דער ניסטער איז אַזוי אַרום פֿון די מעדינע־לייטס קאַעס אויסגעלייזט געוואָרן, ווייל דעם מויזן־פֿאַנגערס טרופּע האָט געווירקט, און אַף מאָרגן שוין אינדערפֿרי האָבן אַלע מעדינע־לייט גלייך זייער ווירקונג אַרויסגעזען, ווייל אין יעדער כאַפּ־שטייגל איז אינדערפֿרי שוין איינע אַ מויז געווען, און אין אַנדערע אַפֿילע מער ווי איינע, און אין דראָטן־נעצן האָבן זיך מייז ווי קעלבער געוואָרפֿן, און אונטער די דילן שוין שטיל, און קיין איין קינד איז פֿאַר דער נאַכט ניט געשעדיקט געוואָרן, קיין איין מאַן פֿון בעט ניט אַרויסגעטריבן געוואָרן, און אַליין דער עלטסטער פֿון די מעדינע־לייט האָט אינדערפֿרי מיט זיין פּאָנעם געשיינט, און זיין אָפּגעריזעטע ברוסט האָט זיך אים שוין פֿאַרהיילן גענומען.

און נאָך אַ טאָג, און נאָך אַ טאָג, און די מעדינע האָט אָפּגעאָטעמט און פֿון די מייז זיך באַפֿרייט, און ביז אין אַ טאָג איינעם, און אין אַלע

כאַפּ־שטייגלעך זיינען שוין קיין מייז געווען, און נאָר אין איינעם אַ שטייגל איינע נאָר אַ מויז, אַ לעצט־פאַרבליבענע, און יענע האָט שוין דער מויזן־פאַנגער זיך אַף אָנדענק געלאָזט, און ער האָט זי צו זיך אַהיים גענומען.

און מער האָט דער מויזן־פאַנגער ניט צו טאָן געהאַט, און אויך דער ניסטער ניט צו טאָן, און ביידע האָבן זיי זיך באַפריינדעט, און אויך דער לעץ, דעם ניסטערס דינער, מיט דער מויזן־פאַנגערס מויז דאַן פריינט. און די מעדינע ווידער מעדינע, און פעט ווידער פעט, און באַ די מעדינע־לייט זיינען די בייכער געוואַקסן ווידער, און ווידער האָט איינער דעם אַנדערן שוין קווערטלעך אַף פעטס און כיילעוו צו צאַפּן אונטערגעשטעלט.

און ווייטער בלייבן האָט דאָרט קיין זינען ניט געהאַט, ווייל די געשיכטע וואָלט זיך אויך ווייטער און נאָכאַמאָל געווען איבערגעכאַזערט: מויזן־פאַנגער, מייז, פעטס און ניסטער; ניסטער, פעטס, מייז און מויזן־פאַנגער. און דער ניסטער האָט דערום באַשלאָסן די מעדינע פאַרלאָזן, און אויך מויזן־פאַנגער מיט אים.

און דער ניסטער האָט זיין דינער דעם לעץ מיטגענומען, און דער מויזן־פאַנגער די מויז, וואָס אַף אָנדענק. און זיי זיינען אַוועקגעגאַנגען, און אַפּן וועג האָבן אַ ליכט מיטגענומען, און באַנאַכט, אַז זיי זיינען אַרויס פון דער מעדינע, און אַלע נאַכט, ווען זיי פלעגן זיך אין פעלד און אַף אָפּרוען און איבערנעכטיקן אָפּשטעלן, פלעגן זיי זי אָנצונדן און באַ איר שיין זייער אָוונט־ברויט עסן און זייער־אַף־מאָרגן־ווייטער־אין־וועג־זיך־צוגרייטן באַלויכטן: דאָס עסן געקאָכט און זייערע קליידער און שיך פאַריכט און אַלץ, וואָס ס'צערייסט זיך און מע מוז פאַרנייען אין וועג.

און דער לעץ האָט צו באַדינען נישט געהאַט, ווייל אין וועג און אין פעלד זיינען די דינער־פליכטן ווייניק, און פיל צייט איז באַם לעץ געווען, און ווען דער ניסטער מיטן מויזן־פאַנגער פלעגן נאָך דער אָוונט־סודע אליין בלייבן און זייער ארבעט טאָן, פלעג זיך דער לעץ ארויס־רוקן און שטיל נישט בלייבן, און צו דער מויז האָט ער זיך געשאַדכנט, און ער פלעג צו איר פאַרגיין ביגנייווע, און צו איר כניפע־ריידריידן און באָכעריש־לעצישע שטיק איר פראַווען.

און דער מויזן־פאנגער האָט דאָס באמערקט, און האָט דאָס נישט געוואָלט לײדן, ווײל די מויז איז נאָך יונג געווען, און דער לעץ שוין א גרויסער, און די מויז האָט נאָך צײט, האָט ער זיך געזאָגט, און דער לעץ, נישקאָשע, קאָן נאָך וואַרטן.

און דער לעץ האָט זיך אַלץ צו דער מויז געגאַנגוועט, און דער מויזן־פאַנגער פלעג אים היטן און אף זײן גנײוועלאָקערן, און טאָמעד, און אין דער רעכטער צײט, און ווען די ליבע איז שוין נאָענט געווען, פלעג דער מויזן־פאַנגער אָנקומען און זײ אינמיטן איבערגעשלאָגן, און דער לעץ האָט גאָרניט ניט געפוילט, און פון דער ליבע איז גאָרניט ניט אַרויס, און מויז איז אַ מײדל געבליבן, און לעץ א באָכער.

אָבער פון נאָענט זײן פון לעץ צו מויז (ווײל אַמאָל פלעג זיך אים דאָך אײנגעבן און אין איר זיך א רײב טאָן) איז עפּעס יאָ א ליבע ארויס, נאָר נישט אַלײן צווישן לעץ און מויז, נאָר צווישן א פלוי גאָר, וואָס האָט זיך אין לעצס שוואַרצער פעל געהאַלטן, און צווישן אַ וואַנץ, וואָס אין דער מויזס גרױער פעל...

און די פלוי איז פון לעץ צו מויז געשפּרונגען, און דאָרט זײן געליבטע וואַנץ געטראָפן, און וואָס צווישן די צוױי שראָצימלעך איז פאָרגעקומען, ווײסט ניט קײנער, און ווי אַזוי זײ האָבן זיך נישט מין מיט מין גע־פּאָרט, איז קײנער נישט געווען דערבײ, מע ווײסט נאָר, אַז זײ האָבן זיך געליבט און געפּאָרט, געפּאָרט און זײער ליבע איז מיט פּרוכט געבענטשט געוואָרן, און א דריט מין, א האַלב־פלוי און אַ האַלב־וואַנץ, איז פון זײער דיך ארויס, און דאָס קינד איז פון פאָטער און מוטער מיט צוױי בראָכעס געבענטשט געוואָרן — מיט שפּרינגען און מיט בײסן קאָנען — און דאָס קינד האָט דעם פאָטער ליב געהאַט און איז פון מוטער צום פאָטער געשפּרונגען, און דער לעץ, דעם פאָטערס, האָט אַ פולע פעל פון דעם געהאַט, און לאָמיר דאָס פאַרגעדענקען.

און אין א צײט אַרום, אַז דער ניסטער מיטן מויזן־פאַנגער האָבן זיך אַ שטיק צײט אינײנעם געהאַלטן, און דערנאָך זיך צעגאַן, און דער ניסטער האָט זיך זײנע גענג געהאַט און אין פאַרשײדענע מעדינעס אַן אַרײנגײער און אַן ארויסגײער געווען, ווײל דער ניסטער האָט אויך פאַרשײדענע צילן און פאַרשײדענע באַרופן געהאַט. און דער מויזן־פאַנגער נאָר אײן באַרוף — מײז צו פאַנגען, — האָבן זײ זיך

צעשיידט, און דער לעץ איז באם ניסטער געבליבן, און מויז באם מויזן־פאנגער.

און דער ניסטער האָט זיך מיטן לעץ אומגעשלעפּט, און וואו ער איז געגאנגען, איז אים יענער נאָכגעגאַנגען, און באַטאָג האָט אים דער ניסטער אַף א קייט געהאַלטן, און אפּדערנאַכט, און אַז ער פלעג מיט אים אַף נאַכטלעגער און אַף רו קומען, פלעג אים אָפּבינדן און פון דער קייט פריי לאָזן, און שפּייזן האָט אים דער ניסטער באַדארפט, און אָפּט האָט אַליין ניט געהאַט גאָרניט, און דער לעץ פלעג בא דער טיר און אין אַ ווינקל וואָיען, עסן בעטן און ציין שטשירען און דער ניסטער האָט ניט געהאַט, און זיינע אייגענע ציין האָבן אים פון ווייסקייט און בלאַסקייט געבלאַנקט, און ער האָט אליין ניט צום עסן.

און דער לעץ פלעג אין זיין פעל זוכן און פליי געפונען, און קנאַקן פלעג זיי מיט די ציין און לאַכן קנאקנדיק, און אז ער האָט זיך מיט זיי אָנגעגעסן, און אַז א טאָג און צוויי זיינען אוועק און דאס איז זיין איינציק מאַיכל געווען, פלעג ער ווייטער קנאקן, אָבער שוין נישט לאַכן, נאָר וויינען בעאייסן קנאַקן.

און א צאער איז אַף אים געווען, און נישט צוזען האָט דער ניסטער דעם לעצס יעסורים געקאָנט, און אַמאָל פלעג ער אים טרייסטן, און אַמאָל אויך שלאָגן, און דער לעץ פלעג סאַי די טרייסט, סאַי די קלעפּ מיט געוויינען באַוויינען, ווייל עסן האָט ער געוואָלט, און עסן איז אויסער פליי, נישט געווען גאָרניט.

און אויסער ניט עסן, האָבן אים די פליי נאָך געביסן, און פונם בייסן איז ער פון פאָנעם אַראָפּ און זיין פעל האט ער זיך צעקראַצט, און דאָר און קוואַר און פול מיט וואונדן, און ס'איז אים ניט געווען צו דערקענען... און נאָכן קנאַקן און לאַכן פון די פליי, און נאָכן קנאַקן און וויינען פון זיי, און נאָכדעם, אַז זיי האָבן געביסן און די הויט צעריסן דעם לעץ, האָט דער ניסטער דערזעען, אַז דער לעץ הויבט אָן ביסלעכווייז אויך דעם זינען צו פאַרלירן: און די אויגן זיינען אים פארויטלט און פאַר־הייטלט וואונדיק און אַ שטיל מעשוגאַעס קוקט פון זיי, און אַז אין אַ שיינעם טאָג, אָדער נאכט, און ס'קאָן אן אומגליק געשען, און דער לעץ וועט עפּעס צאָרעס זיך אָדער אנדערע אָנטאָן.

און טאַקע, און ווען איינמאָל א באַנאַכט איז דער ניסטער אף זיין געלעגער געלעגן און דאָס ליכט שוין אויסגעלאָשן, האָט ער פלוצים פון לעצס ווינקל עפּעס זיך באָרבלען און קלינגען דערהערט, ווי עפּעס אַ קערפּער פון אַ קייט רייסט זיך און ראַנגלט זיך.

און דער ניסטער האָט אַפגיך ליכט געמאַכט און געזעען: דער לעך האָט זיך נאָרוואָס אַף אַ קייט אופגעהאַנגען, און ער לעבט נאָך און מיט די פיס און די טלאָען דריגעט, און צונג ארויס, און אויגן פון די לעכער, און ער האָט זיך דערשראָקן און ער האָט געאיילט, איז צום לעך צו און אים אונטערגעהויבן, אים פון דער קייט אַראָפּגענומען, מיט וואַסער אָפּגעגאָסן, אים צום לעבן אומגעקערט און געשטאַנען איבער אים און אים באַדויערט.

און אַז דער לעך איז צו זיך געקומען און די אויגן מיט פאַרשטאַנד שוין, אָבער נידערגעשלאָגן און געבעטפּול צום ניסטער געווענדט, און ווי אף ברויט און אף „ווייטער וואָס” געפרעגט, האָט אים דער ניסטער גאָר ניט ענטפערן געקאָנט, אויסער דעם, ער זאָל גיין און רו געפינען, וואו ער וועט געפינען, ווייל ווי ער זעט, איז פאַרן ניסטער קיין ברויט ניטאָ אין די מעדינעס, נישט פאַר אים אַליין, אוביפראַט נישט פאַר זיין דינער, און אין איינער האָט מען אים זיין אייזל פאַרשטיינט, און אין אנדערע וויל מען אים ניט שפּייזן, און זאָל ער גיין, און ער איז פריי, און זאָל אים זיין וועג, און שוין מער, ווי ביז אַהער, באַגליקן...

און דער לעך איז אוועקגעגאַנגען און איז נאָך לאַנג גיין לעסאָף אין לייצים־געביט אָנגעקומען, און לייצים האָבן זיין אויסזען דערזעען, און אַ צאַער איז זיי געווען אף זייער ברודער, און זיי האָבן אַלץ, וואָס זיי האָבן געקאָנט, פאַר אים געטאָן — עסן, טרינקען אים דערלאַנגט, און ער האָט זיך באַ זיי פאַריכט, און הויט און פלייש אף זיך גענומען, און איז צוריק לעך צווישן לייצים געוואָרן. און פאַרן צאַער, וואָס ער האָט געהאַט, האָבן אים די ברידער איצט געליבט און אים באַגוטיקט, זון דער געליבטסטער איז ער באַ זיי געווען, און מע האָט אים געהיט זון געקעכלט, און אַלע האָבן זיך צו אים באַזונדערס נאָענט געפילט, זון אַלע האָבן זיך אין זיין פעל געריבן...

און אויך די פלוי פון לעך האָט זיך גוט געפילט, און אויך זי איז פון איין לעצס פעל צום אנדערן געשפּרינגען, און אַ גוטן טאָג האָט זי

געלעבט, און אין אַנדערע פעלן האָט זיך נאָך פליי געפונען, און זי האָט פאַרבראַכט פריילעך, און געמערט זיך און געפּרוכפּערט, און פון דער איינער פליי זיינען פיל אַרויסגעקומען.

און אַזוי ווי די איינע פליי האָט דאָך אין שלעכטע צייטן דעם לעצס בלוט געזויגן, און אַלץ, וואָס אין זיין בלוט, איז צו איר אין בלוט איבערגעגאַן, און דעמאָלט, ווען ער האָט אין צאַר געלאַכט, האָט זי מיטגעלאַכט, ווען געוויינט — מיטגעוויינט, און אַז ער האָט שוין באַ מעשוגאַעס געהאַלטן און זיך דאָס לעבן נעמען געוואָלט, האָט אויך די פליי דערביי געהאַלטן און אויך זי דאָסזעלבע, און אַזוי, אַז דעם לעצס איינגנשאפטן זיינען דער פליס געוואָרן, און זי האָט דערום אַלעמען, מיט וועמען זי איז אין באַריר געקומען, אָנגעשטעקט, און אַז זי איז זיך מיט אַנדערע צונויפגעקומען, מיט זיי זיך געפּאָרט און נייע דורדעס מיט זיי אופגעשטעלט, האָט זי אויך אירע קינדער אירע אייגנשאַפטן יאַר־שענען געמאַכט, און אויך אין זייערע אָדערן דעם לעצס בלוט פליסן געלאָזט.

אָבער די לייצים אליין האָבן דער פליס אייגנשאַפטן נישט געשאָדט, ווייל זי זיינען צו זיי צוגעוואוינט געווען, און אין זייערע בלוטן האָבן, ווייזט אויס, אויך עפּעס א מין קעגן־בלוט געהאַט, און די אייגנשאַפטן האָבן נאָר אף פרעמדע בלוטן געוואַרט, און ווען זיי וואָלטן אין מענטש־לעך בלוט געקומען, וואָלטן זיי דעם מענטשן גרויסע צאָרעס אָנגעטאָן און דער מענטש וואָלט דאָסזעלבע, וואָס דער לעץ האָט אין זיין צאַער־צייט און אין זיין הונגער נויט געליטן, געמוזט דורכליידן, און אויך ווי ער דעמאָלט, לאַכן און וויינען, וויינען און טרויעריק ווערן, און לעסאָף זיך דאס לעבן מוזן נעמען.

זיינען אָבער די פליי פון מענטשן ווייט געווען, ווייל ווער האָט דען צוטאָן מיט זיי, ווער מיט זיי וואָס פאַר מאַגע־מאַסע און וועמען האבן זיי דען דערום געקענט שאָדטן. און אַזוי וואָלט דאָס טאַקע געווען, און פליי וואָלטן באַ לייצים נאָר געבליבן, און קיינער וואָלט פון זיי קיין אנונג ניט געהאַט און פון זיי נישט געוואוסט גאָרנישט, — ווען ניט... ווען ניט דער מויזן־פאַנגער מיט זיין סינע צו די לייצים, ווען ניט דער מויזן־פאַנגער וואָלט זיין מויזן־פּאַרנאָסע ניט געוואָרפן און גאָר פאַר לייצים־פאַנגעריי זיך גענומען, ווען ניט ער, און מיר וואָלטן

ווייטער צו דערציילן ניט געהאַט און די מאַיסע וואלט דא אינדערמיט געמוזט איבערגעריסן ווערן...

און ס'איז אזוי געווען:

און אַז דער ניסטער האט זיך נאכן צעשיידן זיך מיטן מויזן־פאנגער אין איין זייט גענומען, האט זיך דער מויזן־פאַנגער דעמאלט — אין אַ צווייטער. און אויך ער פון מעדינע צו מעדינע, און ווי דער ניסטער מיטן לעך, אַזוי דער מויזן־פאנגער מיט דער מויז זיינער, און וואו ער איז געקומען, דארט האט ער געפאנגען, און וואו מע האט פון מייז צו ליידן געהאַט, האט ער באפרייט פון ליידן. און קיין מייז, פארשטענדלעך, זיינען באַם מויזן־פאַנגער קיין כידושים נישט געווען, ווייל פאַר זיין לעבן האט ער זיך געגוג מיט זיי אנגעזעען, און אויך אַ היפשע צאָל פון זיי אומגעבראַכט, און דאך, און אַ כידעש איז, וואס מיט דער מויז, וואס ער האט פון דער גלאָז־מעדינע מיט זיך מיטגעהאַט, האט זיך ווי מיט י א א כידעש ארומגעפירט, און האט זי אפגעהיט און ווי אַ פאטער מיט אַ טאכטער געווען, און זי געקעכלט און זי געשפייזט מיטן בעסטן, און וואס ער האט נאר פון גוטס באַקומען, האט זיך געטיילט מיט איר, און אין שלעכטע צייטן האט דעם לעצטן ביסן פון זיין אייגן מויל אפגעריסן און איר אפגעגעבן, און אין גוטע — ווען ער האט זיס און צוקער געהאַט, האט ער מיט זיס און צוקער זי געהאדעוועט.

און טייער איז זי אים געווען. און באַטאג, און ווען ער איז צו דער ארבעט אוועקגעגאן, האט ער קיינמאל אָן עסן זי ניט געלאזט, און בא־נאכט, אַז ער פלעג אהיים קומען, פלעג ער א ליכט אנצונדן, און בא דער ליכט מיט איר פארברענגען, זעען, וואס איז איר פאַרן טאג צוגע־קומען, צי זי איז גרעבער און גלאַטער געוואָרן, צי איר הויט גלאנצט, און מיט אירע ציין און נעגל, ווי האַלט עס.

און, וואונדערלעך, וואָס נישט געקוקט אַף דער גאַנצער ליבע, און פאָטערלעכער באַציאונג, וואָס דער מויזן־פאַנגער האט צו איר אַרויסגע־וויזן, האָט די מויז זיך דאָך צו אים עפעס ווי פרעמד געהאַלטן, און אַז ער האָט צו איר גענעענט, האָט זי זיך, ווי אַלע מייז, פאַר אים אַ דער־שרעק געטאָן; אַז ער האָט צו איר אַ האַנט אויסגעשטרעקט, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן; ווען עסן און טרינקען געגעבן — דאָסזעלביקע, און די מויז, האָט דער מויזן־פאַנגער באַמערקט, איז אומעטיק טאָמעד, און פון

זינט ער איז זיך מיטן ניסטער און מיט זיין לעך צעגאַנגען, ליידט זי און זי בענקט, און זי ליגט אין שטייגל שטענדיק אין אַ ווינקל פאַר־שטעקט, און אַלע פריידן, וואָס ער פאַרשאַפט איר, זיינען איר קיין פריידן ניט, אַלע שפּייזן, וואָס ער דערלאַנגט איר, גייען איר ווי ניט אָן, און זי וואַרפט זיך אָפּ פון זיי, און אָפט, און ווען ער פלעג אַפדערנאַכט אַהיים קומען, און צו דער מויז אַ קוק טאָן, זעען, צי זי האָט באַטאָג געגעסן, און וואָס אַף נאַכט פעלט איר, האָט ער געזעען, אַז זי האָט גאָרניט ניט געגעסן, און אַז צו אַלעמען, וואָס ער האָט איר אַפן טאָג געלאָזט, האָט זי זיך ניט צוגערירט אַפילע...

און דער מויזן־פאַנגער האָט די סיבע געזוכט, און לעסאָף זיך אַף איר אָנגעשלאָגן. ווייל איינמאָל, ווען ער האָט זיך מיט איר צַף אַ לייצים־בוידעם באַזעצט, און ווי נאָר אין דעם ערשטן אָוונט שוין, ווען די מויז האָט דעם ערשטן לייצים־שורי דערהערט, און פון צווישן די בוידעם־באַלקאנעס אַראָפּ דעם ערשטן געלויף און גערודער זייערן, אַזוי איז זי אופגעשפרונגען, האָט אופגעצאַפּלט און די אויערן און דאס גע־הער אָנגעשטעלט... און די אויגן האבן זיך באַ איר צעפינקלט, און איבערן לייב, האט ער געזען, איז איר אַ פרייד און ווי אַ ליכט־שטראָם דורכגעגאַנגען און איר הויט האָט מיט פייערלעך געשפריצט, און הערע־לעך — אָנגעשפיזלט און זיך אופגעשטעלט.

האָט ער פאַרשטאַנען, און בייז איז ער געוואָרן, און נישט צַף דער מויז און נישט צַף דער טאָכטער, זיין בייז, נאָר צַף די לייצים און צַף די שלעך די וויסטע, וואָס „וואָס האָט זי אין זיי געפונען, און דערזעען", וואָס קער זי זיך אָן מיט זיי, און ווי קאָן מען זיך גאָר אין זיי פאַר־ליבן?.. און וואָס הייסט עס, זי קערעוועט זיך פון איר פאָטער און שפּייזער אָפּ, און מיט איר געדאַנק און זינען באַ די לייזיקע לייצים שטענדיקט...

האָט עס אים פאַרדראָסן. און שוין אין דער ערשטער נאַכט, און דער מויזן־פאַנגער האָט וועגן זיך און וועגן זיין מויזן־טאָכטער די לייצים צוזאַמען געגעבן, און זיין טיר אַפן בוידעם אַרוף האָט ער אָפן געלאָזט... און אַז די לייצים האָבן זיין שטוב־ליכט פריער דערזען, דערנאָך זייער שאָכן און די מויז, וואָס באַם שאָכן, און אַלע האָבן צו איר געגלוסט, און אַלע זיי האט דער מויזן־פאַנגער צו דער טיר צוגעלאָזט, און אַלע

האָבן זיי זיך באַ דער טיר פאַרזאַמלט און זיך געשטופּט, און איינער איבערן אַנדערנס אַקסל אַריבערגעקוקט, און זיך געשושקעט, און זיך געאייצעט, און אויסגעוואַרט, און ביז דער מויזן־פאַנגער וועט דאָס ליכט אויסלעשן און זיך שלאָפן לייגן, און עפּשער וועט ער די טיר צומאַכן פאַרגעסן, און לייצים וויסן שוין, און לייצים וועלן אַריין, און ווען דאָס ערשטע גליק וועט טרעפן, וועט דער ערשטער זיין, און וועמען דאס צווייטע — איז אויך דאָס צווייטע־גליק, און לעק און מויז, און די האַנאָע גרויס, און זאָל דער מויזן־פאנגער נאר אנשלאפן ווערן...

און אַזוי איז עס טאַקע געווען, און באַלד האָט דער מויזן־פאַנגער דאָס ליכט אויסגעלאשן, און קלוימערשט האָט ער זיך שוין שלאָפן געלייגט, און אף זיין בעט אַרופגעגאַנגען, און די טיר האט ניט פאַרשלאָסן. און באַלד האָבן זיך אין זיין צימער טריט דערהערט, פון טלאָען און פון לייצים־פיס פון גרינגע, און עטלעכע מיטאַמאָל זיינען אַריין, און עט־לעכע, האָט ער געהערט, זיינען צו דער מויזס שטייגל צו, און באַלד האָט זיך פונדארט א פאָרן־ויך און א עפּעס זיך רודערן דערהערט, און דאָס שטייגל האָט זיך פון אָרט גערירט און די מויז האָט אונטערגעקווי־טשעט, און זי האט געפּישטשעט און זיך געשעמט פּישטשענדיק, ווייל פיל הענט מיטאַמאָל האבן זיך צו איר אויסגעשטרעקט, און איר קליין לייבעלע האָט נישט געקלעקט אַלע לייצים זייערע גרויסע באַגערן צו באַפרידיקן.

און דער מויזן־פאַנגער איז שטיל געבליבן און ער האָט דאָס ליבע־געזעמל אויסגעוואַרט, און ביז אַלע האבן זיך באַם שטייגל פאַרזאַמלט, און ביז אלע האבן זיך באַ דער מויז פארגעסן און מיט איר ליבע פאַר־געשעפּטיקט. און דער מויזן־פאַנגער האָט דאָס צוגעקוקט אין דער פינצ־טער, און זיין אויג האט ער צו דער פינצטערניש צוגעוואוינט, צו זען, וואו די לייצים געפינען זיך און וואו דאס שטייגל שטייט, און אַז ער וועט אַראפּ, און אַז ער וועט מיט דער האַק, וואָס ער האט זיך אין בעט און פאַרן שלאפן אָנגעגרייט, האַקן, זאָל ער אין די לייצים נאר טרעפן, און, כאָלילע, ניט אין שטייגל, און, כאָלילע, נישט דער טאָכטער דערלאַנגען...

האָט ער אַזוי אויסגעוואַרט און אַלץ צוגעקוקט, און שטילערהייט איז ער דערנאָך פון בעט אַראָפּ, און די האַק האָט אים גדינט, און קעפּ האָבן

געטרישטשעט און רוקנס געקראַכט, און מער געפֿלעטע ווי גאַנצע, איז איבערגעבֿליבן, און ווער ס'האָט זיך ראַטעווען געקאָנט און אַרויס, איז ארויס, און ווער נישט, האָט שוין נ י ש ט געקאָנט, און מע האָט אים שוין געמוזט אַ ר ו י ס ט ר אָ ג ן...

און די גאַנצע נאַכט דערנאָך האָבן זיך די לייצים איבערגעבֿליבענע מיט די טויטע געפּאָרעט, און אינדערפֿרי זיינען פֿיל האַריגע־סימאָנים לעבן שטייגל געבֿליבן, און די מויז שטאַרק טרויעריק, און מויזן־פֿאַנגער האָט נישט געקוקט אַף איר, און בייז איז ער אַף איר געווען און אַף איר האַס געטראָגן, און מער, ווי אַף דער מויז זיין האַס, אַף די לייצים בייז.

און גלייך און אין יענעם טאָג האָט ער זיך פֿון יענעם בוידעם אַרויסגעצויגן און אין אַן אַנדערן געקומען, און אויך אין אַנדערן דאָסזעלבע, און אויך דאָרט האָט זיך די געשיכטע איבערגעכאַזערט: באַנאַכט, און די טיר אָפֿן און די לייצים דורך דער טיר, און מויז פּישטשעט, און לייצים באַלאַגערן און קנאַפּן זי, און מויזן־פֿאַנגער מיט דער האַק, און ער האַרגעט און ער פּלעט, און אַף מאָרגן, און האַריגע־און טויט־סימאָנים נאָכן פּלעטן.

און דעם מויזן־פֿאַנגער איז שלעכט געוואָרן, און ער האָט זיך פֿון זיין פּאַרנאָסע אַרויסגעשלאָגן, ווייל אַלע מאָל האָט ער זיך פֿון בוידעם אַף בוידעם געקליבן, און נעכט איז ער נישט געשלאָפֿן און אויך די טעג האָט ער נישט גערוט, און פֿריער האָט ער נאָר פּאַר לייצים געציטערט, און איצט האָט זיך פּאַר יעדן שאָטן שוין געשראָקן, און אָפּט און אינמיטן זיין אַרבעט באַטאָג, פּלעג זיך אין דער מויז און אין זיין טאָכטער דערמאָנען, און אַז זי איז אַליין און קיינער גיט אַף איר נישט אַכטונג אינדערהיים, און מעגלעך וואָס, מעגלעך ווען, און עפּשער טרעפֿט זיך עפּעס, און עפּשער שאַרט זיך צו איר אויך באַטאָג עפּעס אַ שלאַק אונטער.

און ער פֿלעג אַהיים קומען, און אינדערהיים איז נישט געווען גאָרנישט און גאָרנישט נישט האָט זיך ניט געטראָפֿן, און דער מויזן־פֿאַנגער האָט דערווייל די אַרבעט פֿאַרלוירן, און אין דער מעדינע, וואו ער איז געווען, האָט מען אין זיין קויעך און זיין קענטעניש און אין זיין מויזן־פֿאַנגען קאָנען גלויבן אויפֿגעהערט, און מייז האָבן זיך געמערט, און אַנדערע מויזן־פֿאַנגער האָבן פֿאַרדינט באַ זיי, און אַנדערע האָבן פֿון זיין מעלאָכע

שיין פאַרנאָסע געהאַט, און ער נישט, און ער מיט דער מויז האבן הונ־
גער געליטן, און ביטערע צייטן זיינען אף זיי געקומען.

און דער מויזן־פאנגער האָט דאָך די מויז צו ליבן נישט אופגעהערט, און פון זיין פאַרנאָסע אָנגעוורן האָט ער נישט געטראַכט, און איין טראַכט און איין זאָרג נאָר האָט ער געהאַט, ווי די מויז צו שפייזן און וואו פאַר דער טאָכטער עסן צוקריגן.

און ער אַליין איז שוין שלינג און שלאַנג ארומגעגאנגען, און טאָמעד בלאַס, און טאָמעד סמאַ אים אַף די ליפן, און פון לעצטן האָט ער אָפּ־געשפּאָרט און ער האָט איר געגעבן, און פאַר לעצטן געקויפט און פאַר דער מויז ניט געזשאלעוועט...

און זאַכן האָבן אים שוין אויסגעפעלט, און פריער איז אים זיין קישן פון אונטער זיין קאָפּ פאַרשוואונדן און דערנאָך אויך דאָס בעט, און דערנאָך דאָס הויז־ראָד, און קיין טישל און קיין בענקל באַטאָג נישט צו זען, און קיין לאָמפּ אַף באַנאַכט נישט אָנצוצינדן, און הויז־באַלע־באַטים האָבן שוין דירע־געלט געמאָנט, און ער האָט פאר דירע נישט געהאַט.

און אַן אָרעם ביסל בגאָדים זיינען אים נאָך געבליבן, און ער האָט פאמעלעכן־פאמעלעכן אויך דאָס אָנטאָן פאַרקויפן גענומען, און אין איינעם אַ שיינעם טאָג האָט שוין איינע נאָר די שטיוול געהאַט, און ער — הונ־געריק, און מויז האָט זיך אין שטייגל געוואָרפן, און ער האָט מיט די שטיוול גאָרנישט ניט געקאָנט טאָן און אין מאַרק זיי פאַרקויפן טראָגן נישט געקאָנט, ווייל נאַקעט איז ער געווען און ער האָט זיך פאַר מענטשן נישט געקאָנט ווייזן. און אין הויז האָט נאָך יאָ עפּעס מיט די שטיוול טאָן געקאנט, און ער האָט זיי גענומען און זיי צעטיילט, און איין טאָג האָט דער מויז איין שטיוול געגעבן, און זי האָט אים געריזשעט, אַ צווייטן טאָג — א צווייטן שטיוול, און אויך דער צווייטער איז אונטער מויזס ציין לעאיבעד געגאנגען, און שוין, און געענדיקט, און מער האָט ער נישט געהאַט, און א נאַקעטער, און באַרוועסער, און אַ מויז נאָר אַף הויצאָעס...

האָט ער טאַקע געטאָן ווי אַן אָרעמער. און באַנאַכט, און ווען די מעדינע איז געשלאָפן, און שטאָט, וואו ער האָט געוואוינט, האָט הינטער טיר און לאָדן שוין געכראָפּעט, האָט ער דאָס שטייגל מיט דער מויז

גענומען, און אַ נאַקעטער און א בארוועסער מיט איר אינדרויסן, און קיינער זאָל זיי ניט זעען און ניט הערן, אַרויס.

און פון שטאָט האט ער זיך אַרויסגערוקט, און באַטאָג האט ער אין וועלדלעך און אין קוסטעס איבערגעטאָגט, און באַנאַכט איז ער געגאַנגען, און ער האָט יענע מעדינע פאַרלאָזט, און אַזוי פון איין מעדינע אין דער אַנדערער, און אינערגעץ האָט ער בלייבן נישט געקאָנט, און אין קיין איין לאַנד וואָלט מען אים קיין נאַקעטן ווי קיין קלאָרן נישט געוועןאופגענומען, און ער האָט געזען, אַז אין קיין לענדער האָט ער נישט וואָס צו טאָן, און ער מוז זיך אַן אָרט אויסער לענדער געפינען, און וואו קיין מענטשן וואוינען ניט, און וואו עפשער נאָר לייצים האַלטן זיך, און אַהין, און צום לייצים־געביט האָט ער טאַקע זיינע טריט אָנגעריכט און מיט מויז זיך געלאָזט.

און א טראַכט געטאָן האָט דער מויזן־פאַנגער, אַז גוט טאַקע וואָס צו לייצים־געביט: און אַ האַרץ האָט ער דאָך אַף זיי, ווייל זיי זיינען דאָך אין זיין אומגליק שולדיק, און לייצים שלאָגן קאָן ער דאָך, און ער וועט זען פון זיי אויך עפּעס אויסשלאָגן, און עפשער וועלן זיך באַלאָנים געפינען, און עפשער פון זייער הויט, עפשער פון פעל, עפשער פון הער־נער, און עפשער פון זייערע טלאָען וועט ער עפּעס מאַכן...

און ער איז צו זייער געביט אָנגעקומען, און, זע, און אַ גליק האָט אים געטראָפן, און באַלד האט דארט אינמיטן פעלד אַ כורוועלע דער־זען, און דאָס כורוועלע קליין און דאס כורוועלע פוסט, אבער מער דאַרף ער נישט.

און באַלד, און אין די ערשטע טעג שוין האָט זיך אַ שטאָטישער שמאַטע־קלייבער מיט זיין פערדל באַוויזן, און דער שמאַטע־קלייבער האט זיך אָפּגעשטעלט און מיט אים אַ שמועס פאַרפירט, „וואָס ער האט צו פאַרקויפן” געפרעגט, און דער מויזן־פאַנגער האָט „גאָרנישט” געזאָגט. און ווייטער האָבן זיי גערעדט, און דער שמאַטע־קלייבער איז פון דער מויז געוואוירע געוואָרן, און אַז זי איז איינע און אַפן גאַנצן לייצים־געביט, און דער שמאַטע־קלייבער האָט געוואוסט, אַז לייצים זוכן קאַלעס, האָבן ניט און פאַרזיצן, און מויז איז פאַר זיי ווי געוואונטשן זייער, און קיינער וואָלט זיך פון איר ליבע ניט אָפּגעזאָגט, און זיכער, האָט ווייטער דער שמאַטע־קלייבער פאַרזיכערט, און אַז לייצים וועלן

דערהערן און זיי וועלן די מויז אָנשמעקן און זיי וועלן זיך זיכער צו איר שאַדכענען קומען, איז זאָל דער מויזן־פאַנגער זיי לאָזן, און זיי צולאָזן, און „יאָ", — האָט ער א שמאַטע־קלייבערישן וואונק געטאָן — „און מע קאָן פון זיי פאַרנאָסע האָבן"...

— ווי אַזוי? — האָט באַ אים דער מויזן־פאַנגער געפרעגט.

— אָט אַזוי: — און אין דער מעדינע איז קאַלט און אין שטאָט גייט צו ווינטער און פעל איז טייער און לייצים־פעל איז אויך פעל, און כאָטש אַ געמיינע סכוירע און דאָך אַ סכוירע, און ס'וועט זיין אַ גרויסער נאָכפרעג... איז אָט, און אויב ער באַשטייט, דער מויזן־פאַנגער, זאָל ער זיך דערפאַר נעמען, און שמאַטע־קלייבער וועט אים העלפן: און אָט האט ער צירונג איןביידל, און רינגלעך און פינגערלעך, אָרעמבענדער, און קרעלן, און ער וועט אים לאָזן און אַף די קאַלע צו באַצירן, און זיכער וועט זי זיי געפעלן, און יאָ — און דאָס איבעריקע, און, וואָס נאָכן־געפעלן נויטיק איז, זאָל דער מויזן־פאַנגער זיך אָנשטויסן און שוין אַליין פאַרשטיין...

און דער מויזן־פאַנגער איז באַשטאַנען, און דער געדאַנק איז אים געפעלן, און די זאַך איז אָפגעמאַכט געוואָרן, און דער שמאַטע־קלייבער האָט גלייך און אַפן אָרט שוין דעם ערשטן אַדעראָף געלאָזט, צירונג פאַר דער קאַלע און אַלטע ביינער אַף קאָכן און אַף ריזען, און ער האָט זיך מיטן מויזן־פאַנגער געזעגנט, אַף אין וועג אַוועקצופאָרן, און מיט אַ צוזאָג באַם געזעגענען, אין אַ צייט אַרום פון שטאָט זיך אומקערן און צו זען, וואָס דער מויזן־פאַנגער האָט געמאַכט און געשאַפן פאַר דער צייט.

און דער מויזן־פאַנגער האָט זיך גלייך פאַר דער פאַרנאָסע גענומען, און אין די אַפדערנאַכטן פלעגט ער אַ לעמפל לאָזן ברענען, ס'זאָל פון כורוועלע די שיין אַף דער ווייטער און פוסטער לייצים־געגנט זיך אָנזעען, און די שיין זאָל רופן, און אַהין כאַסאַנים און לייצים־באָכערים פאַרנאַרן...

און יאָ, און וואָס ווייטער איז געשען, ווייסן מיר פון דער האַקדאָמע שוין:

און דער מויזן־פאַנגער האָט באַנאַכט אַף כאַסאַנים געוואַרט, און באַטאָג אַף איבער זייערע פעלצן און פעלן געארבעט, געאַרבעט און געטשאָבעט און פעלצלעך און לייבלעך פון זיי געמאַכט.

און אין אַ צייט אַרום, און דער שמאַטע־קלייבער האט וואָרט גע־האַלטן, און ער האָט זיך פון וועג און פון שטאָט באַוויזן, און ער איז געקומען, און ער האָט ווידער צירונג, און ווי אָפּגערעדט, געבראַכט, און פון מויזן־פאַנגער אין שטאָט צוריק אַ פּעקל פּעלצלעך און אַ פּאַק לייבלעך אַוועקגעפירט. און די פּעלצלעך מיט פליי, און די לייבלעך מיט די אונז שוין באַוואוסטע, וואָס האָבן אין זייער בלוט די שוין איבער־דערמאָנטע אייגנשאַפטן געהאַט... און דער מויזן־פאַנגער האָט דאך נאָר פּעלצלעך גענייט און לייבלעך באַדאַרפט טשאָבען, אָבער די פליי פון זיי האָט ער ניט דערוויטערט, ווייל ער איז ניט מעכויעוו געווען, און אויך דער שמאַטע־קלייבער האט זיי אַזוי פאַרקויפט, און מיט אַלעם דעם, וואָס ס'האט זיך אין זיי געפונען און געהאַלטן, און אויך ער זיי צו לופטערן ניט מעכויעוו...

און אין דער מעדינע באַלאַנים, ווייל אין דער מעדינע, ווי געזאָגט, קאַלט, און טאָמעד אַ ווינטער אַ שטאַרקער, און מענטשן האבן געקויפט, און קיינער האָט זיך אַף די האָר און וואָס ס'טוט זיך צווישן די האָר ניט אומגעקוקט, און אַבי וואַרעם, און אַבי גוט, און דערנאָך האָט מען זיך געקראַצט, און באַם קראַצן, ווי געזאָגט, געלאַכט, און נאָכן לאַכן געוויינט, און נאָכן וויינען טרויעריק געוואָרן און זיך אַ מיסע אָנ־געטאָן...

און יאָ, און ווי אַלע מענטשן האָבן דאָס לאַכן, וויינען, און וואָס ס'האָט זיי ביז טויט דערפירט, דורכגעמאַכט, קען איך ניט דערציילן, ווייל דאָס פּאַפּיר וואָלט זיין קורץ און טינט אַף באַשרייבן—וויניק, און דערציילן וועל נאָר וועגן דעם ניסטער אליין, ווי ער אײנער האָט דאָס דורכגעמאַכט, און דאַן, און מע וועט שוין אַליין פאַרשטיין און אויך אַ פאַרשטעלונג האָבן, אַז אויך פאַר אַנדערע און אויך פאַר נישט קיין ניסטערס זיינען די איבערלעבונגען נישט זיס געווען, און דיליידן נישט אַף האָניק־לעקעך גערעכנט...

* * *

יאָ... אָבער פאַר אַלעמען: ווי קומט א פּעלצל גאָר צום ניסטער? באַ זיין, ווי געזאָגטער, אָרעמקייט, ווען ער האָט אַזאַ מאַנגל געליטן און אין מאַנגל אַפילע קיין דאַרן לעך נישט געקאָנט אויסהאַלטן און מיטן אײנציקן

דינער זיך געמוזט צעשיידן, איז פונוואַנען האָט זיך צו אים דאָס רייכקייט גענומען, ווער האָט עס אים געשענקט, אָבער ווער פון רייכע איז עס געשטאָרבן און אין אים געדענקט און אין זיין צוואָע נישט פאַרגעסן ?.. ניין, קיינע רייכע זיינען ניט געשטאָרבן, און קיינער האָט אים גאָרנישט אָפּגעשריבן, און אים גאָרנישט ניט יאַרשענען געמאַכט, נאָר די מאַיסע איז אָט וואָס:

און אין ניסטערס צייטן האָט זיך אין הימל אַ שטערן באַוויזן, אַ נישט אָפטער גאַסט באַ אונז, און געזאָגט האָט מען, אַז איין מאָל אין זיבעציק, אָדער אין פינפאונזיבעציק יאָר נאָר באַווייזט ער זיך, שטייט מיט אַ ווייסן עק אַפן ווייטן הימל־האָריזאָנט אַ שטיקל צייט נאָר אָפּ און דער־נאָך פאַרשווינדט...

און ס'איז זומער־צייט געווען. און אין די אַפדערנאַכטן פלעגט מען אים אין אַן עק הימל זען, און דאָס פאָלק האָט געקוקט אף אים און זיך געשראָקן, ווייל דער גאַסט נישט קיין געוואוינטער און אין אלעמענס הערצער האָט ער עפּעס מוירע אָנגעטריבן...

און איינִיקע האָבן געזאָגט, אַז ס'איז אַף מילכאָמעס א סימען, און די איינִיקע זיינען ניט אומגערעכט געווען, און מילכאָמעס זיינען פאָרגעקומען און גרויסע בלוט־פאַרגיסונגען דערנאָך; און אַנדערע — אף שלעק און פוראָניעס, און אויך די אנדערענס פאָרויסזאָגונגען איז דערנאָך צו לייקענען נישט געווען: און שלעק האָבן זיך אַף אונז פון זעק געשאָטן, און פוראָ־ניעס — פון די מעסטלעך, און א וועלט מיט קעפּ זיינען אָנגעבויגן געשטאַ־נען און מיט אויגן צו דער ערד אַראָפּגעלאָזט, — און נישט געוואוסט פאַר־וואָס קומט עס זיי...

און דער ניסטער אַליין האָט גאָרנישט ניט געזאָגט, נאָר אַלע אָוונט פלעג אַרויסגיין, זיך אַוועקשטעלן און אַפן הימל קוקן, און אַז די גאנצע שטאָט איז שוין געשלאָפן, און אלע שוין אַף די בעטן אופגעגאַן, פלעגט ער נאָך אַליין מיטן שטערן און מיט זיין ווייטן־אין־עק־הימל־שטיין די גאַנצע נאַכט און ביזקל טאָג אריין פאַרברענגען.

און דער שטערן האָט, ווי געזאָגט, אַ קליין שטיקל צייט נאָר באַ אונז זיך באַדאַרפט האלטן און דערנאָך פאַרשווינדן, און דעם ניסטער האָט זיך דעמאָלט זייער־זייער געוואָלט מיט אים זיין זיבעציק אָדער פינפ־אונזיבעציק־יעריקע ארום־דער־ערד־רייזע מאַכן, אָבער אַרופקומען צו

אים האָט ער נישט געקענט, ווייל די הענט צו קורץ, און ער האָט באַ־ דויערט זייער און אן אומבאַהאָלפענער איז ער געשטאַנען, און ער האָט מער נישט געקאָנט, ווי לאַנג אף אים קוקן, אַהיים נישט גיין און דעם גאַנצן זומער יענעם די נעכט נים שלאָפן.

און ווי ס׳זעט אויס, האט מען עס באַמערקט אַפן שטערן, אַז פון דער גאַנצער מעדינע איז נאָר עפּעס איינער אַ מענטש א מאָדנער אַזוי שטאַרק פאַרינטערעסירט מיטן שטערן און מע האט אַף אים געקוקט אַפּאָנעם און אים אין אויג געהאַלטן. און, לעסאָף, און שוין אין לעצטן אָוונט, ווען דער שטערן האָט זיך צום לעצטן מאָל באַוויזן, און דאס פאָלק האָט שוין נישט געקוקט, ווייל דאס פאָלק שוין צוגעוואוינט, און אלע שוין געשלאָפן.

האָט דער ניסטער באַמערקט, ווי פּלוצים האָט זיך אַפן בלאַסן עק פון שטערן אַ מענטש באַוויזן, און כאָטש הויך זייער, דאָך קלאָר און אָנגעזען, און דער מענטש, ווייזט אויס, איז איצט נאָר אַליין צוליבן ניסטער אַרויסגעגאַן, ווייל אויסער דעם ניסטער, איז ווי געזאָגט, שוין נישט געווען קיינער. און ער האָט אים דערזען, און ער האט צו אים אַראָפּגעשריגן, און אַף אַ הויך קאָל צו אים גערופן:

„און זאָל ער זען, און ער וואַרפט אים אַראָפּ עפּעס, ס׳איז א מאַטבייע און נעטיזנע־געלט פון שטערן... און, עי, און זאָל ער הערן, און זאָל ער זיך דערפאַר עפּעס קויפן"...

און דער מענטש איז נישט געבליבן, און דער ניסטער האט פון יענעם מענטשן אַ מאַטבייע אויפגעהויבן, און ער האָט אף איר געקוקט, און קליין און ווינציק איז זי געווען, און ער איז א פארשעמטער שלאָפן אַוועק־ געגאַן.

און דער ניסטער האט די מאַטבייע געהאַט און א צייט זי נים אויס־ געגעבן. נאָר דערנאָך, און אַז ער איז פון לאַנד צו לאַנד געגאַנגען, און לעסאָף אין דעם קאַלטן אָנגעקומען, און ס׳איז צו ווינטער געגאַן און קעלטן האָבן זיך געשטאַרקט, און ער איז גראד אין יענער שטאָט נישט ווייט פון לייצים־געגנט געווען, און וואָס פון דאָרט פלעגט דער שמאַטע־קלייבער די לייצים־פעלצלעך אין שטאָט אַפן מארק ארויס־ פירן און ברענגען, — איז ער איינמאָל אַפן מאַרק געקומען און דעם שמאַטע־קלייבער דערזען, און אז יענער פאַרקויפט און מענטשן קויפן,

און ער האט זיך אין זיין מאַטבייע דערמאָנט, און ער האט אויך געקויפּט, און אָנגעטאָן און זיך אָנגעפּעלצט און א שטיק צייט דאס פּעלצל גע־טראָגן, און ביז די פּלוי האט אים צעביסן, — און דאַן, און אויך דער ניסטער האט זיך געקראַצט און געלאַכט, געלאַכט און געווײנט, און לעסאָף טרויעריק געוואָרן און זיך א מיסע אָנטאָן געוואָלט.

פאַרוואָס געלאַכט? — ווייל דער ניסטער האט באַלד און ווי ער האט זיך נאָר אָנגעהויבן צו קראַצן, זיין לעבן עפּעס גאָר אַף צוריק, אין אַ פאַרקערטער און אין א לאַכנדיקער ריכטונג דערזען, ווי אָט לעמאָשל:

און אט איז ער צו דער מעדינע מיט זיין אייזל אָנגעקומען, און באַם טויער פון דער מעדינע איז א היטער געשטאַנען, און דעם ניסטער האָט ער ניט אַריינגעלאָזט, און דאס אייזל — יאָ. און אז דער ניסטער האָט „פאַרוואָס" געפרעגט, האט דער היטער געענטפערט, אז אין דער מע־דינע איז הוילע פלייש און נאַקעט, און אַלע גייען אויסגעטאָן, און אָנ־טאָן איז אַ ביזאָיען און מענטשלעכע מאַלבושים — א בושע, און א מענטש איז דאָרט נישט געוואונטשן און אַ אייזל — מאַכטייסע... און דער ניסטער איז אויך דאַר און כראָנדיש, און אין דער מעדינע זיינען די אַפּעטיטן גרויס, און עסן עסט מען פיל, טרינקען טרינקט מען אַסאַך, און שלאָפן טוט מען נאָך מער, און מע פּאָרט זיך און מע הערט זיך ניט אוף צו פּאָרן און מע ליגט און מע פאַרגעסט אַראָפּצוקריכן, און די מעדינע־לייט קאָנען קיין דאַרע ניט צוזען, ווייל דאַר רופט באַ זיי צאַער אַרויס און ווירקט אף זייערע אַפּעטיטן שלעכט.

אַזוי האט געזאָגט דער היטער, און דער ניסטער האָט ניט געהאט וואָס אָפּצואוועדן, און בעאיין ברײרע, און ער איז באַשטאַנען, און דאס אייזל איז אריין און ער איז אויסן געבליבן.

און געזען האָט ער מיט זיין אייזלס־אַריינקומען, ווי די שטאָט איז אַ שטאָט, און די גאַסן — גאַסן, און הייזער גרויסע און פענצטערלעך קליינע, און פון אייניקע פענצטער קוקן מענטשן ארויס, אָבער פון מערסטן קיינע מענטשן, און די, וואָס קוקן ארויס, זיינען דיק און נאַקעט, און מענער מיט האָר באַוואַקסן, און ווייבער אָן האָר, און צוויי באַ איין פענצטער קענען נישט שטיין, ווייל דאס פענצטער איז צו קליין פאַר זיי, און פארפליישטע זיינען אַלע, און דאס פלייש הענגט אַראָפּ פון זיי, און ברוסטן — יאַטקעס, און קליבעס — בערג, און קעפּ—קליינע, און קאַרקן

און העלזער — גרויסע, און אויגעלעך באַ זיי טיף און אין שמאַלץ פאַרשוואומען און ווי באַ יאַם־כאַזיירים זען אויס.

און דאס אייזל איז ווייטער געגאַנגען און, ווי געזאָגט, האָט באַ אַנדערע פענצטער קיינע מענטשן ניט געזען, און דאס אייזל האָט זיך צו די ווענט צוגעשטעלט און אין יענע פענצטער אַריינגעקוקט, און געזען: די שטיבער פול פלייש און קיין מאַן פון קיין פרוי איז ניט צו אונטערשיידן, און קיין קינד פון קיין גרויסן, און בערג מיט בערג פאָרן זיך און ליגן, ליגן און קאָנען ניט אַראָפּגיין, און דאָרט, וואו מע פאָרט זיך ניט, ליגט מען אַזוי און מע איז פעט און מע קאָן זיך ניט אופהויבן און מע אָטעמט שווער און אין בייכער קאָכט זיך דאס עסן באַ זיי איבער, און באַם איבערקאָכן לאָזן זיי פעט־כאַזערשע, שלעכטע רייכעס פון זיך הערן, און זיי פאָכן און זיי פראַכן כאַזעריש.

און דאס אייזל איז פון פענצטער צו פענצטער געגאַנגען און אומעטום דאסזעלבע געזען, און אַז עס האט זיך אָנגעזען, האט עס אויך עסן געוואָלט, און עסן האָט מען אין דער מעדינע יענער נישט באַדאַרפט זוכן, ווייל די ערד איז פעט געווען, און אַז מע האָט נאָר די האַנט אַריינגעשטעקט, האָט מען גלייך עפעס גרייטס אַרויסבאַקומען, און אַז מע האָט טרינקען געוואָלט, האבן זיך וואָלקן אראָפּגעלאָזט און זיך מעלקן געלאָזט.

און דאָס אייזל איז זאַט געווען, און נאָך דער זעט האָט זיך עס נאָר אַביסל דורכגעשפּאַצירט, און צום עלטסטן פון דער מעדינע, און צו דעם, וואס איז אינדרויסן אַפן הויכן געשטעל געשטאַנען, צוגעגאַנגען, און געזען, אַז אויך דער עלטסטער, ווי זיינע לאַנדסלייט אַלע, און אויך ער גראָב און פול פעטס, און אויך זיינע אויגן כאַזעריש, און אויך ער פראַכט און קאָן זיך ניט אָפּעטעמען און שלעכטע רייכעס פון זיין לייב און אַף דער גאַנצער מעדינע צעטראָגן זיך.

און דאָס אייזל האָט איבערגענעכטיקט, און אַ טאָג, און צוויי, און אַלע טאָג פלעגט צום עלטסטנס געשטעל קומען, און זען, אַז סאַי ער, סאַי די מעדינע־לייט האַלטן אין איין גראָב־און גרויס ווערן און אַלץ מער און מער און ווייטער פלייש אַף זיך נעמען, און באַ אַלע זיינען די קני שוין שוואַך, באַ אַלע די בייכער ברוכיק און פאַרן פלייש ווייניק, און זיי ליגן שוין אַלע און קיינער קאָן זיך אַף די פיס ניט שטעלן.

און אַז עמעצער וויל פון שטוב אַרויס, איז אים די טיר שוין צו ענג, און אַז אַלע ווילן אַרויס, וואָלט מען שוין די ווענט באַדאַרפט צענעמען, אָבער קיין קויעך האָבן זיי נישט, און ווענט זיינען ווענט, און טירן — טירן, און אַלע בלייבן אינעווייניק, און די שטיבער זיינען שוין מיט פלייש איבערפולט און פונם פלייש איז קיין אויסגאַנג ניטאָ, און זיי ווייגען אַלע און אַלע פילן, אַז זיי ווערן דערשטיקט, און קיינער פון דער מעדינע איז אַף העלפן ניט פאַראַנען, ווייל אַלע גלייך און אלע איבערגעלאָדן, און קיין איינער פונם קלאַל קיין אויסנאַם...

און אַז דאס אייזל איז צום עלטסטן צוגעקומען, האט אויך יענער געוויינט, און ער האָט זיך באַם אייזל מיט א שמאַלציק-כריפּעדיקע שטים געבעטן, און געזאָגט:

— זע, אַ מעדינע גייט פון פעטס אויס, און א לאַנד גייט אונטער, און עפשער דאָס אייזל, און עפשער האָט עס עפעס אַ אייצע צום אומגליק?

און דאָס אייזל האט געהאַט, און פאַרן ערשטן מאָל אין אייזלס לעבן האט עס דאס מויל געעפנט און „יאָ” געזאָגט.

יאָ, און ס'ווייסט: און דאָס אייזל איז צו דער מעדינע מיט זיין באַלעבאָס געקומען, און דאס אייזל האָט דער טויער-היטער אַריינגעלאָזט און דעם באַלעבאָס נישט, און דער באַלעבאָס, ווי דאס אייזל מיינט, איז אַ באַרופענער, און ער קען דא העלפן אַסאַך, און זאָל דער עלטסטער נאָר דערלויבן, און זאָל ער דעם מעדינע-היטער אַ באַפעל געבן און זאָל מען אים נאָר אַריינלאָזן.

— און פאַרוואָס, מיינסטו, דיין באַלעבאָס, — האט דער עלטסטער געפרעגט.

און דאָס אייזל האט געענטפערט:

דער באַלעבאָס איז דאַר און לעבט פון טאַנייסים... הוילעביין און קוואַר ווי אַ שטעקל... און קיין לויט פלייש אַף אים, און קיין ביסעלע אַפילע ניט מיט קיין מעסער אָפּצוקראַצן... און ווער ס'גיט אַף אים אַ קוק, שלאָגן אים אַלע כיישעקן אָפּ, און אַפּעטיטן גייען אים פאַרלוירן, און זאָל ער אים אַריינקומען דערלויבן, און זאָלן זיינע לאַנדס-לייט אים נאָר דערזען, און זיכער וועט זיי באַלד דער כיישעק אַף עסן און גראָב ווערן פאַרשווינדן, און זיי וועלן אָפּעטעמען אַלע, און איך אַ קליין

שטיקל צייט און אַלע װעלן צוריק אַ געװאוינלעכן און מענטשלעכן אויס־
זען באַקומען, און שפּעטער, און אַלע װעלן פון די לייבער אָפּפאַלן.

און דער עלטסטער האָט דעם אייזלס ראָט געהערט, און באַלד האָט
ער דעם טויער־היטער אַ באַפעל געגעבן, און דער ניסטער איז אַריינ־
געלאָזט געװאָרן. און אַז ער איז אַריין, האָבן די, װאָס האָבן נאָך קויעך
געהאַט ·באַ די פענצטער צו שטיין, אים דערזען, און זיין דאַרקייט און
מאָגערקייט האָט זיי דערשראָקן, און זיין בלאַסקייט האָט אַף זיי אַ
שטאַרקן רוישעם געמאַכט, און ·מיט זיין אויסטערלישקייט און ריטל־
איבערגעבויגענעם קערפּער האָט ער זיי פאַרװאונדערט און זיי האָבן
פון אים די אויגן נישט אָפּגעריסן.

און דער ניסטער האָט אַף זיי געװירקט, און אַ קליין ביסעלע בּרוסט
און פּעט־שמאַלץ איז גלייך פון זיי געמינערט געװאָרן, און באַלד און
אַפן אָרט שוין האָבן אַ פרייערן אָטעם געטאָן און באַם פענצטער שוין,
װי אַן אַנדער לופט דערפילט.

און װייטער געקוקט, און ס'איז זיי װי גרינגער געװאָרן זייערע קער־
פּערס צו טראָגן, און גרינגער שוין האָבן פיס געשטעלט און לייכטער
מיט הענט באַװעגט, און צו דער טיר זיי צוגעגאַנגען און איינ־
דרויסן האָט זיך זיי פאַרגליסט, און זיי זיינען אַרויס, און די טירן, װאָס
זיינען פאַר זיי פריער צו ענג געװען, האָבן זיי איצט דורכגעלאָזט, און
זיי זיינען אַרויסגעקומען, און זיי זיינען דעם ניסטער נאָכגעגאַנגען, און
נאָך יעדער טריט, װאָס האָבן נאָך אים נאָכגעשפּאַנט, אַלץ מער האָבן
זיי פון זייער װאָג פאַרלוירן און זיי האָבן זיך דערקװיקט, און דעם ניס־
טער, זייער אויסלייזער, זיינען זיי דאַנקבּאַר געװען, און זיי זיינען אים
װייטער נאָכגעגאַנגען און אַף קיין טריט פון אים ניט אָפּגעשטאַנען.

און פון איין שטוב איז מען אַרויס, און פון דער צװייטער נאָך דער
ערשטער, און נאָך דער צװייטער נאָך און נאָך, און אין אַ שאָ שפּעטער
האָט שוין דעם ניסטער אַ גאַנצע איידע, פריער פּעט־געװעזענע און
איצט אַלץ מער דאָס פּעטס־אָנװערנדיקע, באַגלייט און נאָכגעגאַנגען.

און װי אַ היילִיקן האָט מען אים געהיט, און אַף זיין װאָרט האבן זיי
ניט געװאַרט, און פון זיין מויל עפּעס צו הערן — ניט, נאָר דעריקער
און געגנוג שוין פאַר זיי, װאָס זיי זיינען מיט זיין נאָענטקייט גע־
בּענטשט, און װאָס ער לאָזט זיי און שטעלט זיי ניט אָפּ פון אים נאָכגיין,

און זאָל ער זיך קיינמאָל צו זיי ניט אויסקערעווען, קיינמאָל אַף זיי קיין קוק ניט טאָן, אַבי ער איז דאָ, אַבי ער גייט פּאָרויס פאַר זיי, און זאָל ער נאָר גיין, און זאָל ער זיי אַפילע ביז עק וועלט פירן.

און פאַרביי אַלע הייזער און אויך פאַר יענע, וואָס קיין מענטשן האבן שוין באַ די פענצטער נישט געקאנט שטיין, איז דער ניסטער דורכ־געגאַנגען. און אַז ער האָט געזען, אַז באַ די פענצטער שטייט מען שוין נישט, און פענצטער פון אינעווייניק מיט קיינעם ניט פאַרנומען, איז ער אַליין צוגעגאַן און אַהין אַריינגעקוקט. און אַז ער האָט דעם גרויסן פלייש־אומגליק דאָרט דערזעען, און אַז מע ליגט, און אַז מיט די נע־שאָמעס פּאָכעט מען, האָט ער זיך דערבאַרעמט און ער איז לענגער געשטאַנען, און ביז די אינעווייניקסטע און די שטאַרק־פּעטע האָבן קיין שיין אין זייערע פענצטער נישט געזען; און זיי האָבן זיך פאַרכידעשט און אינמיטן טאָג עפּעס זיך ווי באַנאַכט דערפילט, און נישט ווי געוואוינ־לעך האָט דאָס זיי אויסגעזען, ווייל קיין אייגענע פון דער מעדינע פּלעגן די לעצטע צייט קיינער אין קיינעמס פענצטער ניט אַריינקוקן, — האָבן זיי זיך פאַרוואונדערט, און ווי שווער ס'איז זיי ניט געווען, און דאָך האָבן זיי זייערע פאַרשמאַלצטע אויגן אופגעעפנט און די האַלז־און אַקנס אויסגעדרייט און אַף די פענצטער אַ קוק געטאן, און דאָרט דעם ניסטער מיט זיין געשטאַלט און מיט זיין בלאַסער צורע דערזעען, און אויך זיי האָבן זיך דערשראָקן...

און דער ניסטער האָט געקוקט, און ס'האָט אים דאָס פלייש־בילד פאַרכידעשט, און ער איז נישט אָפּגעגאַן און לאַנג זיך באַם פענצטער געזאַמט, און ביז יענע האָבן זיך פון די ערטער רירן גענומען, און פאַ־מעלעך, פאַמעלעך, און פאַרן ניסטער אין די אויגן איז דאָס געשען און באַלד אויך פאָרגעקומען, און אויך פון יענע, די קימאַט־שוין פאַרפאַלענע, האָט אַלעמאָל אַלץ מער און מער פלייש און פעטס אָפּפאַלן גענומען, און זיי האָבן זיך פריער פון די ערטער געהויבן, זיך גערירט און גערודערט, און דאָס רירן און רודערן איז זיי שווער אָנגעקומען, און דאָך, און מיט גרויס מי, און לעסאָף, האָבן זיך אויך אופגעשטעלט, און באַלד האָבן שוין אויך פיס געשטעלט און אין שטוב איז פון פלייש גראָמער געוואָרן, און צווישן איינעם און אַנדערן שוין אַ פריי אָרט און אַ פריי פלאַץ געבליבן.

און ווייטער און מער, און גראַמער, און נאָך מער, און ווי פּאַר די ערשטע, אַזוי האָבן אויך פאַר זיי זיך שוין אין אַ שטיקל צייט ארום די טירן געעפנט און זיי אַרויסלאָזן געקאָנט, און זיי זיינען אַרויס, און זיי האָבן די אויגן צום הימל געעפנט, און מויל און לונגען — אינדער־לופט, און זיי האָבן געדאַנקט און געטאָטעמט, געדאַנקט און אַף זייער דאַרן און כראָנדישן גויעל געקוקט.

און אויך זיי האָבן זיך צו דער פריערדיקער אײדע באַהעפט, און אויך זיי נאָכן ניסטער... און אַזוי פון איין שטוב צו דער אַנדערער, פון איינער צו אַ צווייטער, און ער האָט זיי אַלע פון זייערע געענגטע הייזער אַרויסגעצויגן, זיי באַפרייט און אַ גרויסע מענגע אָנהענגער און נאָכהענגער נאָך זיך שוין געהאַט.

און ווייטער אַ שאָ, און נאָך שפּעטער, און דער ניסטער האָט נאָך זיך די אײדע געפירט און ביז ער איז מיט איר לעסאף אַליין צום עלטסטן פון דער מעדינע, און וואָס איז אַף זיין געשטעל געשטאַנען, צוגעקומען, און אויך מיטן עלטסטן דאסזעלבע, און אויך ער פון פעט — מאָגער, און אויך ער מיט די אויגן צום הימל, און פון געשטעל האָט ער געוואָלט אַראָפגיין און פאַר דער גאַנצער אײדע פאַרן ניסטער זיך בוקן און אים אָפּדאַנקען, און דער ניסטער האָט אים אָפּגעהאַלטן, אים פון געשטעל ניט אַראָפגעלאָזט, און מיט דער האַנט אַף ניין אַ מאַך געטאָן, און זאָל דער עלטסטער זיך ניט מאַטריעך זיין.

און אין יענער נאַכט, וואָס נאָך יענעם טאג פונם ניסטערס אין דער מעדינע אָנקומען, איז אַ גרויסע סימכע געווען, אָבער אַף דער סודע קיין עסן, ווייל אָן עסן, און דעריקער, ווייל מע דאַרף קיין עסן, און אַפּעטיט איז איבעריק געווען, איז דאָך די סימכע געווען. און די גאַנצע נאַכט האָט מען געהוליעט און ביזן טאָג האָט מען פאַרבראַכט, און אויך אַפן טאָג האָט קיינער קיין עסן ניט געפאָדערט, און אויך קינדער אַפילע האָבן ניט געמאָנט, און אַ מעכאַיע אין דער מעדינע, און אַ דערפרישונג אין דער מעדינע, און די מעדינע פאַלט פון די לייבער אָפּ, און אַ טאָ־נעס איז באַ זיי צו עסן געגליכן.

און אַזוי אַ טאָג און נאָך איינער, און די מענטשן זיינען איבערגע־אַנדערשט געוואָרן און אַ געוואוינטלעך - מענטשלעך אויסזען באַקומען, און אויך די מעדינע אַן אַנדערע, און אָנשטאָט פריעריקער זעט־און פעט־ערד,

האָט די מעדינע איצט ווי איינדאַרן און איינטריקענען גענומען, און די ערד פאַרהאַרטעוועט, און ווי גלאָז געקלינגען, און פיל זאַמד האָט זיך אַף איר באַוויזן, און אַלע פעט־שיכטן האָט עס פאַרשאָטן, און בוימער טרוקענע, און גראָזן דארע און וואָלקנס וויניק, און ערד האָט אופגע־הערט איר ברוסט צו געבן, און וואָלקן זיך צו מעלקן אופגעהערט.

און די ערשטע טעג האָבן דאס די מעדינע־לייט באַמערקט וויניק, און צי די ערד גיט, צי זי גיט ניט, איז זיי קנאַפּ אָנגעגאַנגען, און פון מאַנגל, פאַרקערט, זיינען זיי צופרידן געווען, און וואָס מער ס׳האָט גע־פעלט, אַלץ אַ גרעסערע סימכע אַף דער מעדינע, און ווער דאַרף עס, און ווען מען גייט עס אָפּ, אַז די מעדינע האָט נאָך פון פריער איבעריקס, און אַ לאַנגע צייט קאָן זי נאָך פון אָנגעזאַמלטן און פון מאַרך פון אירע ביינער זויגן?

אָבער די ערשטע צייט איז פאַרביי, און באַמערקט האָט מען, אַז די מעדינע־לייט שוין דאַרן, און די אויגן זייערע לעשן זיך פון סימכעס אויס, און באַם אוילעם זיינען די ליפּן שוין פאַרטריקנט, און בלאַסע פאַרב אָנשטאט פריערדיקער געזונטער און גלאַנציקער האָבן זיך אַף זייערע פּענעמער געוויזן.

און אַ טרויער האָט דעם אוילעם באַהערשט, ווייל אַלע קוואַלן פון כעיונע האָבן זיך אויסגענומען, און שפּייכלערס ליידיק, און אין שאַפעס גארניט ניטאָ און די טירלעך שטייען אָפן. און ווער ס׳האָט געהאַט, האָט געהאַט, און ווער ניט, האָט ניט געהאַט וואו צו באַקומען, און קיין געלט און רייכקייט האָט ניט געהאָלפן, און אַ קערנדל איז אַ רענדל געוואָרן, און אַ זוים — אַ טאָלער, און ווער ס׳האָט פאַרמאָגט, האָט אַליין באַ־דאַרפט און קיינעם עס פאַר קיין געלט ניט אָפּגעגעבן.

און באַמערקט האָט מען ווייטער, ווי דער אוילעם האָט ווידער צוריק די גאַסן פאַרלאָזן און צוריק ווי פריער אין די הייזער זיך אומגעקערט, אָבער איצט ניט אַף פון פעט צו ליידן, נאָר פון מאָגער, און די שוואַכע גופים און די פון הונגער קראַנקע און היציקע קעפּ אַף די בעטן אַוועק־צולייגן.

און אין די הייזער איז צוריק שטיל געוואָרן, און יעדער הויז — אַ קראַנקן־הויז, און יעדער בעטל אין יעדער הויז איז מיט אַ שלאַפן און שלאַפקייט פאַרנומען. און פריער די אָרעמע, דערנאָך אויך די רייכערע

אַף די בעטלעך, און די פאַרגרייטונגען האָבן זיך שוין אויך באַ די לעצטע אויסגענומען, און מער נישטא, און מער נישט וואו צו קריגן...

און אַז איינינקע האָבן זיך פון די בעטן אַראָפּגעשלעפּט און טאָן גע־וואָלט, און אין גערטנער און אין פעלדער אַוועק, און זיי האָבן פון אייזלס צווייע קערנער געקליבן, און זיי האָבן זיי פאַרזייען געוואָלט, האָט די ערד זיי ניט גענומען, און די ערד האָט זיך ניט אָקערן געלאָזט, און די מעדינע־לייט האָבן די קערנער אָנשטאָט אין דער ערד — אין מויל אַריין געלייגט, און דערווייל, און ווי ניט ווי, אַ טאָג נאָך איינעם אי־בערצוקומען.

און אויך דעם ניסטערס אייזל האָט שוין פון וואָס צו לעבן ניט גע־האַט, און ס'האָט די שטאָט פאַרלאָזט און ווייט אין פעלד אַף עפּעס פאַר זיך אויסצוזוכן אַוועקגעגאַנגען, און דער ניסטער האָט אַליין אַרומגע־בלאָנקעט. און ווען ער פלעגט זיך איצט פאַר די מעדינע־לייט באַווייזן, פלעגן אים שוין בייזע בליקן באַגעגענען, און אָנשטאָט פריערדיקן אים נאָכ־גיין און אין זיינע טריט זיך בענטשן, האָט מען אים איצט מיט בייז און מיט קלאָלעס באַגלייט, און דער ניסטער האָט זיך שוין ניט געוויזן.

און צום עלטסטן נאָר פלעג ער אמאָל קומען, באַ אים זיך אָפּרוען זיך אַוועקלייגן, און באַ אים פאַרברענגען. און געזען האָט ער, דאָס לעצטע מאָל צו אים צוקומענדיק, אַז אויך דער עלטסטער איז טויט און בעט אַ טרונק זיך, און דער צונג איז באַ אים, ווי באַ אַ הונט, אַרויס־געשטעקט, און מיט די אויגן צו די וואָלקן, און ער האָט צום טויטלעך־געשלאָסענעם הימל געקוקט און בעטן ניט געקאָנט, נאָר געכאַלעשט און געקוקט, און דער הימל האָט ניט געהאָלפן, און קיין טוי און קיין טראָפּן פון דאָרט.

און אַזוי ווי דער עלטסטער, אַזוי אויך די מעדינע די גאַנצע, און די שטאָט קראַנק און קיין אייוועד באַ קיינעם רירט זיך ניט, און זייערע גופים, ווי פליגן אויסגעזויגענע, און דאַר און שלאַבעריק, און דורך זייערע הויטן האָבן זיך שוין די ביינער און די אינעווייניקסטן אַדורכגעלויכטן.

און אויך די הייזער און די ווענט האָבן ווי איינגעדאַרט און דין גע־וואָרן, און אויך דורך די ווענט שוין דורכצוקוקן, און מע האט געזען: דער אוילעם איז ווי צו גלאָז געוואָרן, און טויט, און די קינדער שווייגן, און די עלטערן פאַרשטיינט, און קעץ און הינט האָבן זיי פאַרלאָזט, און

די גאַנצע מעדינע אַן אויסשטעלונג אַ רויסטע, און די מעדינע-לייט, ווי אַמאָל און בעשאַס דעם ניסטערס צום ערשטן מאָל אין דער מעדינע קומען, פאַר די פענצטער שטייען, און פון זייער פריערדיקער פליישיקייט איז זיי גאָרניט געבליבן, אויסער קליינע און אין די בייכער נאָר נאָפּ-לען קויטיקע...

און אָט דעמאָלט, און דעם ניסטער האָט זיך אַמאָל פאַרגלוסט, און דער ניסטער האָט דעם עלטסטן פאַרלאָזט און איבער דער שטאָט און איבער די גאַסן דורכגעגאַנגען, און דער אוילעם האט אים דורך די פענצטער דערזען, און זייערע נאָפּלען האָבן זיך פאַר קאַס צעפּאָכעט, און דאָס לעצט ביסל קויעך האבן זיי צונויפגענומען, און אַלע האָבן מיטאַמאָל די הענט אופגעהויבן און די פענצטער און די ווענט צעזעצט, און אַרויס. און שטיינער האבן זיי אין די גאַסן געכאַפּט, און אַף דעם ניסטער אינמיטן זיין שפּאַציר וואַרפן גענומען, און דער ניסטער אַליין, און קיינער אים צוהילף ניט, און זיי האָבן זיך אנגעבויגן און זיי האבן זיך גלעזעריק געבראכן און דאך אופגעהויבן און אין דעם ניסטער זיך געצילט.

און דער ניסטער האָט דעם ערשטן שטיין געכאַפּט און ער האָט זיך צעלאַכט, אַ צווייטן — און ער האָט מער געלאַכט, און נאָך און נאָך, און ער האָט לאַכן ניט אופגעהערט — פון דער גאַנצער געשיכטע, פון דעם אויסווייניש, און פון דער גאַנצער מאַיסע פאַרקערט, וואָס ער האָט איצט געזען...

און פלוצים, און אינמיטן שטיינער וואַרפן, האָט ער זיין אייזל פון פעלד אָנקומען באַמערקט, ווייל אויך דאָס אייזל, זעט אויס, האָט אין פעלד גאָרניט ניט געפונען, און ס'האָט זיך אין שטאָט צוריק און צום באַלעבאָס אומגעקערט, און עפשער האָט עס אויך געפילט, און אַז ס'איז אין סאַקאָנע דער באַלעבאָס, און ס'האָט זיך צוריק צוגעבלאָנקעט, און אין רעכטן מיטן איז דאָס אָנגעקומען, און סאַמע דעמאָלט, בעשאַס די גלאָז-לייט האָבן דעם ניסטער מיט די שטיינער געהאַט ארומגע-רינגלט.

און דער ניסטער אַליין איז שוין פאַרפאַלן געווען, און געוואוסט האָט ער, אַז אויב אויך דאָס אייזל וועט איצט אונטערקומען, און, אַזוי ווי די גלאָז-לייט פון זייער קרויוועשאַפט און שאַיכעס וויסן, וועלן זיי אויך

צום אייזל אויסלאָזן, און מיט דעם דאָסזעלבע טאָן, און דאָס אייזל וועט איצט מיט אים זיין גורל טיילן.

און דער גיסטער האָט דאָס מיטן קאָל און מיט די הענט געוואָרנט: „אַוועק, אייזל, מע וועט מיט דיר, ווי מיט מיר, איצט טאָן, דיך פאַרשטיינען, און טראָג זיך אָפּ, און ראַטעווע זיך כאָטש דו און דיינע ביינער".

און אַ האָגל האָט זיך געשאָטן, און דער גיסטער האָט געלאַכט פון אונטערן האָגל, און שטיין נאָך שטיין האָט אים געטראָפן, און דער גיסטער האָט לאַכנדיק שוין באַלד די פיס געהאַט אויסגעצויגן.

און דאָ האָט ער זיך פון דעם אויסווייזעניש און פונם געלעכטער אופגעכאַפּט און געטראָפן האָט זיך ווידער קראַצן, און ער האָט זיך געקראַצט, און דאָס געלעכטער איז, ווי באַ אַ קינד, באַ אים דערנאָך אין אַ געוויין איבערגעגאַנגען, און צוערשט האָט ער די סיבע ניט געוואוסט און פאַרוואָס ער וויינט, אָבער וואָס ווייטער האָט ער אַלץ מער פאַרשטאַנען.

און פלוצים האָט ער זיך אין יענער צייט פון זיין אפן שטערן ארופקוקן דערזען. און אַן אָוונט איז געווען, און אליין ער טאַקע אפן שטערן און פון דער הויך האָט ער אַראָפּגעקוקט, און פון אונטן האָט ער אייגעם, אַזאַ ווי זיך אליין, אַן ארופקוקנדיקן און מיט אויגן צום שטערן געווענדט, באַמערקט. און אויסגעזען האָט זיך דער פון אונטן דעם, וואָס איז פון אויבן געשטאַנען — נישטיק און אַ פיצל מענטשעלע, און צאַער האָט דער אויבערשטער אַפן אונטערשטן געהאַט, און פאַרן אָפּפאָרן האָט ער געהאַלטן, און פאַרן אין וועלט-רוים אַף זיבעציק אָדער פינפאונזיבעציק יאָר צו פאַרפאַלן ווערן, און געוואוסט האָט דער פון אויבן, אַז שפּעטער, און אַז ער וועט אַהער נאָכאַמאָל קומען, וועט ער דעם אונטערשטן שוין נישט טרעפן, און מיטנעמען וואָלט ער אים אַוואַדע געוואָלט, אָבער דער אונטערשטער האָט קיין פליגל אַף ארופצוקומען נישט געהאַט, און דער וואָס אויבן, אַזוינע הענט אַף אים ארופצונעמען — נישט, און ביידע אומבאַהאָלפן, און דער פון אויבן האָט גאָרנישט נישט געהאַט און גאָרנישט נישט געקאָנט טאָן פאַרן אונטערשטן, ווי נאָר פאַרן לעצט אין קעשענע די האַנט ארייננטאָן און אַ זוך טאָן, אַ מאַטבייע צו געפינען, און אַראָפּוואַרפן און אַראָפּשרייען: און זאָל ער זיך דערפאַר עפּעס קויפן...

און דער ניסטער, וואָס אַפן שטערן האָט דעם, וואָס אַף דער ערד, מיט דער אופגעהויבענער מאַטבייע דערזען, און געזען, ווי ער באַטראַכט זי, און אַז נישטיק און אַ קליין ביסל מינץ איז זי, און וואָס וועט ער מיט איר טאָן, און וואָס וועט ער מיט איר אַף זיין וועלט מאַכן, און ביידע, סאַי דער וואָס פון אויבן, און דער וואָס אונטן, האָבן זיך צעווינט—איינער פאַר ראַכמאָנעס, און דער צווייטער פאַר פאַרשעמט...

און דער ניסטער האָט זיך, נאָך אַלעס דאָס זעענדיק, ווייטער קראַצן זיך געפונען, קראַצן און וויינען, און אויך דאָס וויינען איז אים איבערגעגאַן, און ער איז ווידער ווי אַ קינד שטאַרק שטיל געוואָרן, און שוין נישט ווי אַ קינד, נאָכן וויינען אין אַ שטאַרקן טרויער ארייגעפאַלן, און דער טרויער האָט אים אין זיין גאַנץ לעבן דערמאָנען געמאַכט, אין אַלע זיינע גענג, און אין אַלע זיינע מעדינעס, אין אַלע אָרעמקייטן און אין אַלע זיינע גליקן, און ארויסגעזען האָט ער פון אַלעמען, אַז לעסאָף, און נאָך אַלעם זיינעם אומוואַנדערן, און ער וועט מיסטאָם אמאָל אין אַ לעצטער מעדינע און אין אַ ווייט־ליגנדיקער אנקומען, ווי קיינער דאַרף אים ניט און ווי קיינער ווייסט פון אים ניט, און קיינעם וועט ער ניט אָפגיין, און ער וועט זיך אין לייצים דערמאָנען, און עפשער דאַרפן זיי אים יאָ, און ער וועט זיך צו די לייצים ווייזן, און דאָרט באַ זיי און באַ מייז אַף כאַסענעס פאַר אַ מעשולאַכעס און פאַר אַ גראַם־זאָגער זיך אָנדינגען...

און בעשאַס דאָס זיך דערמאַנענדיק, האָט מיט ניסטערן שוין שלעכט געהאַלטן, און ער האָט קיין זין פאר זיך און פאַר זיין לעבן ניט געזען און געוואָלט פאַרענדיקן, און פארן פאַרענדיקן האָט ער אַ שטילער און אַן אָפגעלאָזענער אַפן פעלצל נאָר געקוקט, און מיטאַמאָל דאָס שערעצל, די האַלב־פלוי און האַלב־וואָנץ, דערזען, און די סיבע פונם גאַנצן קראַצן זיך, פון לאַכן, וויינען און טרויעריק־זיין פאַרשטאַנען...

און ער איז מיט דעם צו אַ דאָקטער אַוועקגעגאַנגען, און אַף וואָס מע טוט דערצו געפרעגט, און דער דאָקטער האָט דאָס באַטראַכט, און נאָכן באַטראַכטן געזאָגט, וואָס איר ווייסט שוין, דאָס, וואָס דער ניסטער האָט געפאָלגט, און ווי אין אָנהויב מאַיסע איז שוין דערמאָנט, און דאָס געזאָגטע האָט געהאָלפן. און דער ניסטער איז צום לייצים־פאַנגער אַוועקגעגאַן, און דער לייצים־פאַנגער האָט אים נ י ט געהאָלפן, און די מויז—

יאָ, און דערפאַר האָט זי איר געצאָלטס באַקומען, אַ כאָסן געקריגן און כאַסענע געהאַט, און דער לעץ צוריק גאַנץ, און דער ניסטער געזונט ווידער, און לייצים־פאַנגער דער מעכוטן, און
מאזלטאָוו, און מיט מאַזל זאָלט איר לעבן.

און פאַר דאַנק און פאַר דראָשע־געשאַנק שענק איך אייך מיין שע־רעצל, מיין האַלב־פלוי און האַלב־וואנץ ווידער, און ווידער אמאָל:
מאַזלטאָוו, און מיט מאזל זאָלט איר לעבן.

— האַ, און אַז אַ מענטש, וואָס האָט פאַר אַלץ פאַרשטאַנד און זינען, פאַר אַלץ אַ וואָרט און אַלץ קאָן פאַרענטפערן, נאָר זיך אַליין און זיין אייגן לעבֿן נ י ט; און אַז אַ מענש, וואָס פאַר אַלץ נעמט זיך אָן און פאַר אַלץ ווייטיקט ער, און אזא איינער, אַז ס'מאַכט זיך, ער שלאָגט אַריין אַ צוויאָק אין באַלקן און טראַכט דעמאָלט אי פאַרן צוויאָק, וואָס טוט אים קלוימערשט וויי, ווען ער שלאָגט אין אים), אי פאַרן באַלקן (וואָס „וואָס האָט ער צו אים און פאַרוואָס קומט אין אים אַ לאָך מאַכן"), און פאַר זיך אליין, פאַר זיין אייגן לעבֿן, וואָס ער גייט עס טאַקע אַף אָ ט ד ע ם צוויאָק הענגען, האָט קיין צאַער און קיין מיטגעפיל, און נישט ער טראַכט דערפון און נישט ער האט עס אין זינען; — הא, איז וואָס זאָל טאָן אזא מענטש, אז ער נעמט זיך שוין אַמאל יאָ אַפן זינען, אויב ניט שיקערן און פאַנטאזירן? — שיקערט ער און פאַנטאַזירט טאקע! און ס'שטעלט זיך אים פאָר:

אָן אלטע קרעטשמע און נישט קיין באוואוינטע, און די, וואָס האָבן דאָרט אמאָל געוואוינט, זיינען ניטאָ, און ער איז איינער אליין דאָרט, און אַלע שטיבער פוסט, נאָר אליין דער שענק האָט נאָך דאָס פריערקע אויסזען: פון דער גרויסער שטוב דורך אַ שטאַכעטן-ווענטל אָפגעצאמט אַ פאַרקויף-אַלקערל, און פון אַלקערל שמעקט מיט פוסטקייט, מיט פאַס און מיט בראָנפן, און אפן טיש און פאָלעצעס אלטע פארזשאווערטע קופער-קווערטלעך געפינען זיך, — גרעסערע, קלענערע און מיטלערע — און ער איז אין אלקערל דאָרט, און ער איז אי פארקויפער, אי קויפער, און ער שטייט און האַלט א קווערטל אונטערן קרענטל אונטערגעשטעלט, דרייט אָפּ און גיסט אָן, טרינקט אויס און גרייט זיך באַלד א צווייטס אָן. און בעאייס דאָס צווייטע איז אויסגעטרונקען, איז שוין אויך א דריטס פאַרטיק, און אזוי לאַנג און אָן אופהער, און ביז פון גרינלעכן בראָנפן הויבט אים אָן אין די אויגן צו גרינען, און דאָס קופערנע קווערטל ווערט

אין זיין האַנט באַלד צו א גלעזערנס, און ער שטייט און קוקט אין דעם, און ער שפּיגלט זיך, און ער דערזעט טאקע אן אופגעריכטע און לעבעדיקע קרעטשמע שוין אין גלעזל:

— א פול-געפּאקטע, מיך רויך און מיט שיקורים, מיט מענער און מיט ווייבער, וואָס מ׳קושט זיך און מ׳קריגט זיך, מ׳זידלט זיך און מ׳בעט זיך איבער, און מ׳טרינקט און מ׳פאַרבייסט בעאייסן קריגן זיך, און איי־ניקע קומען פרישע דורך דער טיר אָן, און אנדערע שלעפּן זיך שוין קאָם אף די פיס ארויס, און אָן אַ גראָשן, און מיט לייב און לעבן אין שענק פאַרשולדיקט.

און ווייטער קוקט ער אין גלעזל, און די קרעטשמע אינעווייניק זעט ער שוין ניט, נאָר ער זעט זיך אויסער דער קרעטשמע — אַן ארויסגעוואָר־פענער פאר א כויוו, וואס האָט ניט געהאט צו צאלן, און ער שטייט אינמיטן שליאך, מיטן פּאנעם צו דער קרעטשמע געווענדט, און ער טאינעט צום דאך און צום קוימען, און זיינע טאינעס זיינען עמעסע און געדעכטע: „וואָס הייסט? און אז א מענטש וויל טרינקען, און אפילע ביזן סאָף, און ביזן דנאָ, איז וועמעס איז דאָס זאך, און וואָס הייסט ארויסוואַרפן?..

און ס׳איז פאַרנאכט, און ער שטייט אפּן שליאך איינער אליין, און א ווינט פּאטשט אים אין פּאָנעם און אין אלע זייטן, און אויך די קרעטשמע שטייט אליין, אָן א דאָרף און אָן שום שאָכן-שטוב... און ס׳איז שוין צייט א ליכט אָנצינדן, און די קרעטשמע בלייבט פינצטער, און א וואָלקן גייט איבערן הימל, און דער הימל איז שטארק נידעריק, און דעם וואָלקן איז מיט דער האנט צו דערלאנגען... און וואו איז זיין הויז, געדענקט ער ניט, און די זייט, וואו ער דארף זיך אהיים נעמען, האָט ער פאַר־לוירן, און וואָס וועט ער דאָ שטיין, און די נאכט פאלט דאָך שוין צו באַלד, און די וואָלקנס טראָגן זיך און גייען פאַרביי, און עפּשער זאָל ער בא זיי פרעגן?

טוט ער טאקע אזוי: און ער נעמט פון קעשענע א פלעשל ארויס און גיסט זיך אָן, און טרינקט אויס, נאָך א מאָל — און ער נעמט זיך מיט מוט אָן, און אָט, און שוין נישט קיין פאַרלוירענער שטייט ער אף דער ערד דאָ, נאָר ווי א הימל-היימישער, און ער קאָן שוין מיט די וואָלקן גלייך אף גלייך רעדן, און ער ווענדט זיך צו זיי און זאָגט:

— וואָס דענקען זיי, די וואָלקן, לאַנג וועט ער דאָ אַזוי שטיין און דעם קאָפּ צו זיי פאַרריסן? אָדער — אָדער: אָדער זיי נעמען אים און טראָגן אים אהיים, אויב-זשע ניט, דאַרף מען ניט, ליגט ער זיך דאָ אַוועק, און זיי וועלן דערנאָך מיט אים שוין מער אַרבעט האָבן — אים שלעפּן!

און צום דריטן מאָל טרינקט ער אויס, און מער קאָן זיך שוין טאַקע אַף די פיס ניט האַלטן, און ער פאַלט אַנידער. און פאַלן פאַלט ער נאָך גוט—גלייך, און מיטן פּאָנעם אַרויף, און איצט איז ער רואיק: די גאַנצע ערד איז אים צוקאָפּנס, און פאַר די אויגן קאָן ער, וואָס ער וויל נאָר, זען...

און ער זעט טאַקע: ווי די נאַכט איז שוין שטאַרק צוגעפאַלן, און קיין וועג איז שוין נישט צו מערקן, און די נאַכט וועט ער שוין דאָ מוזן בלייבן, און די פאַרביילויפנדיקע וואָלקן זיינען גוטע — נעצן ניט, נאָר פון צייט צו צייט לאָזן אַף זיין פּאָנעם אַ איינציקן טראָפּן פאַלן. דאַנקט ער זיי אַוואַדע פאַרן טראָפּן, און אַזוי ווי ער ליגט שוין דאָ, און צייט האָט ער גענוג, און מיט די וואָלקן איז ער אַ היימישער, און אהיים האָבן זיי אים ניט געוואָלט נעמען, טאָ זאָלן זיי אַזוי גוט זיין און דערפאַר אים עפּעס באַווייזן.

און די וואָלקן טוען עס: און ס'גייען איייניקע מינוט אַוועק, און אין דער ..ייך און אין דער פינצטער ווייזט זיך ווי אַ שיינענדיקער קיילע־כיקער באַל אין הימל, און באַלד נאָכן ערשטן, ווייטלעך און אָפּגע־טראָטן, ווי אַ ציירע — אַ צווייטער באַל, און נאָכן צווייטן, ווי אַ סעגל און פונאַונטן — אַ דריטער; און אַלע דריי דערנאָך גיסן זיך צונויף, און אַ גלייכע שיין פילט דעם כאָלעל זייערן אָן, און זיי ווערן צו אַ שילד אַ דרייעקיקן, אינמיטן בוילעטלעך און באַ דריי זייטן אָפּגעבויגן און אין אַ פאָרם פון אַ האַרץ אַ שיינענדיקס...

און אַז דער באַטרונקענער ווענדט זיך צו די וואָלקן דאַן און פרעגט באַ זיי: „וואָס איז דאָס פאַר אַ האַרץ און פאַר אַ שילד פּלוצלינג?" — ענטפערן זיי אים ניט און שווייגן, און ווי מ'ראָט אים אויך שווייגן און נאָר ווייטער קוקן. און אַז ער ווענדט זיך ווייטער און פרעגט: „ווער פאַרשטעלט זיך און ווער שיצט זיך עס מיטן שילד?" — ענטפערט מען אים שוין יאָ, און אַ מאָדנער ענטפער עפּעס: „דער הונט דיינער". זון

אַז ער פאַרוואונדערט זיך און פרעגט: „וואָסער הונט"—הייסט מען אים אַפּן שילד קוקן און פון אים די אויגן נישט אַראָפּנעמען.

און ער קוקט און דערזעט לעסאָף, ווי דער שילד און דער דרייעק צו א פירעק ווערט. און דער פירעק איז אַ ווענטל, און דאָס ווענטל איז אַ גלעזערנס, און צו דעם איינעם ווענטל האָבן זיך נאָך דריי באַוויזן, און אַלע פיר בילדן א קעסטל אַ דורכזיכטיקס, און דאָס קעסטל האט אַ דנאָ און א קאָפּן־דעקל, און פּלוצלינג, און אינם דורכזיכטיקן קעסטל באַווייזט זיך אַ הונט, מיט אַ וואָלפן־קאָפּ אַן אופגעהויבענעם, אַ שטאָל־צער און אַ שטרענגער, און ווי ער היט עפּעס, און ווי אַף דער וואַך האַלט זיך, און ער שטייט און ער קוקט אַראָפּ—אַף זיין האַר און אַף דער בושע פון זיין האַר...

און אַז דער באַטרונקענער ווענדט זיך צו אים און פרעגט: „האַ, הונט, וואָס, ניט שיין, אַז אַ באַלעבאָס ליגט און וואַלגערט זיך אַזוי, און אַזוי אומבאַהאָלפן?"—קוקט אַף אים דער הונט און איז מאַסקעם שווייגנדיק, און קיין ווערטער און קיין שטראָף־רייד האָט ער ניט פאַר זיין באַלע־באָס; און אַז ער פרעגט ווידער: „ווי קומסטו אונטער אַ שילד און אין אַ קעסטל גאָר?"—באַקומט שוין לאָשן דער הונט און ער זאָגט: „ס'איז אויך פאַרן באַלעבאָס דאָ אַן אָרט אין קעסטל"...

— ווי, און ווי אַזוי?—פרעגט ער—איך בין דאָך באַטרונקען און קאָן זיך ניט רירן?

— סע מאַכט ניט,—זאָגט דער הונט,—און לאָז דער באַלעבאָס נאָר וועלן.

און ווי אַזוי, באַמערקט ער ניט, נאָר באַלד איז ער שוין אויבן און אופגעהויבן, און דאָס קעסטל עפנט זיך, און אָט איז ער מיטן הונט אינאיינעם...

און אַ מינוט גייט אַוועק, און ער קוקט זיך אַרום, און דאָס קעסטל איז שוין אויס קעסטל, און דער הונט אויס הונט, נאָר ער מיט נאָך איינעם ווי ער, אָבער יענער איז דאָך אַנדערש, אַנדערש אָנגעטאָן, און יענער האַלט זיך בעסער פון אים, און יענער איז אויך שטילער און ניכטער, און ביידע געפינען זיך—ער מעג שווערן—אין אַזאַ צימער, ווי זיינער, באַ אַיין טיש, אַף איינע בענקלעך, און באַ איין קיבעד, באַ פלעשער און פלעשלעך און צובייסן צו די פלעשלעך...

און דער באַטרונקענער ווענדט זיך צו יענעם און זאָגט:

— זייער אנגענעם, און שוין לאַנג, אַז ער זוכט אים מיט אים זיך דורכצושמועסן.

און יענער ענטפערט:

— אַדעראַבע, אַף שמועסן איז ער טאָמעד גרייט, און שוין לאַנג, אַז ער וואַרט אויך אַף דעמזעלבן...

און דער באַטרונקענער נעמט און גיסט יענעם פון אַ פלעשל אָן און דערנאָך זיך, און פאַרן אויסטרינקען בויגט זיך איבערן טיש איבער, קוקט יענעם אין פּאָנעם אַריין, און ביידע קוקן זיך איבער, ווי צוויי גאַנאָווים אַלט-באַקאַנטע בעשאַס אַ געניייווע זיך צעטיילן, אָדער פאַרן צעקריגן זיך פאַר א געניייווע. און ער זאָגט צו יענעם:

— זאָל ער הערן, דער יענער. אָן האַקדאָמעס... זיי קאָנען זיך דאָך איינס דאס צווייטע, און צו וואָס זיך שעמען, און פאַרוואָס באַ די נע-מען זיך ניט אָנרופן? זאָל ער הערן, דער הינטישער גילגל, ער וויל פרעגן: „וואָס טוט ער אין זיין קעסטל דאָ, וואָס פּאָרעט ער זיך דאָרט באַ זיין פאַרטרויען, ווער האָט עס אים דערלויבט, און אַף וואָסערע הינ-טישע כעשבוינעס לעבט ער דאָרט"?..

און יענער שווייגט און לאַכט צוערשט גוטמוטיק און נאָכגעביק, ווי קיין טערעץ נישט האָבנדיק און ווי נישט דאַרפנדיק קיין טערעץ, אָבער בעשאַס-מאַיסע קוקט דעם באַטרונקענעם פון קאָפּ ביז די פיס אָן, און דערנאָך רעדט שוין מיט שפּאָט, ווי איינער, וואָס שטייט העכער און קוקט אַראָפּ צו א צווייטן:

— אַזוי גאָר? און ער האט געמיינט, אַז דאָס גאַנצע פאַרמעגנס זיינס איז נאָר דער הונט... און וואָס נאָך האָט ער אויסער אים, און ווי וואָלט ער אויסגעזען, ווען ניט דער הונט זאָל באַ זיין שוועל פון זיין שטוב ליגן, און לייט, אַז זיי גייען דורך און זעען א הונט ליגט, מיינען געוויס, אַז ס'איז עפּעס דאָרט דאָ און בעעמעס וואָס צו היטן.

און דער גילגל, זעט מען, האָט נאָך צו זאָגן און צוצוגעבן, אָבער ער האַקט זיך אַליין איינמיטן די רייד איבער, וואַרט אויס און קוקט אַף זיין אַנקעגנזיצנדיקן מיט שפּאָט און פאַראַכטונג, און ווי ער האָט האַנאָע און זעטיקט זיך פון זיין שפּאָט.

און אַז דער באַטרונקענער באַמערקט דעם גילגלס איבערהאַנט, איז ער דאָס אָנהויבן־זיך נישט גערן און וואָלט שוין געוואָלט כאַפּן צוריק און דאָס קאַליע־געמאַכטע פאַריכטן, — און ער נעמט באַלד דאָס פלעשל אין האַנט און וויל פריער דעם גילגל און דערנאָך אויך זיך דערגיסן, אָבער דער גילגל לאָזט אים ניט, פּאַרהאַלט אים די האַנט מיטן אָנגעבויגענעם פלעשל אינמיטן, און אַזוי זיין האַנט און דאס פלעשל צוהאַלטנדיק: זאָל ער צייט האָבן, זאָגט ער, פאַרשמאַכט זיינען זיי דאָך ניט, און דאס פלעשל וועט ניט אַנטלויפן, און פאַרן צונג האָט ער אים ניט געשלעפּט, און האט ער אָנגעהויבן, זאָל ער אויסהערן:

— „אַדעראַבע, וויל ער וויסן, וואָס נאָך האט ער אויסערן הונט?..

און זאָל ער זיך דערמאנען, אַז דער הונט איז באַשטענדיק אַף זיין וועג אים פאָרויסגעלאָפן, און דאָרט, וואו ס׳איז קיין אינטערעס געווען, האָט דער הונט אויסגעמיטן יענעם וועג, און דאָרט, וואו יאָ אינטערעס, האָט אים דער ערשטער געפונען, און זיין באַלעבאָס אַף אים אָנגעוויזן, און ווען דער באַלעבאָס האט נישט פאַרשטאַנען און געוואָלט פאַרבייגיין, האָט דער הונט מיט אַקשאָנעס פון יענעם אָרט ניט אָפּגעטראָטן, געשטאַנען און געבילט, געשמאָרעט און מיטן פיסק געגראָבן און אַף שטום־לאָשן און אַף הינטישן שטייגער דעם באַלעבאָס געוויזן: ס׳איז דאָ צַן אויצער פאַרן באַלעבאָס... אַזוי טאָמעד, פאַר פאַרשטעלטס און וויכטיקס פאַרביילויפנדיק און זעענדיק, אַז דער באַלעבאָס זעט זיי ניט, איז ער דער ערשטער אַף דער שוועל פון יענע ערטער געקומען, זיך פאַרהאַלטן און אַף די שוועלן געסלינעט, און דערנאָך, און אַז אויך דער באַלעבאָס האט זיי דערזעען, האט טאָמעד געדאַנקט פאַר זיי דעם הונט און יענע שוועלן געקושט און מיט זיין שטערן דעם הונטס שפּורן אויסגעבוקט...

און — עמעס, דער הונט פלעג זיינע אויסגעפונענע ערטער אויך דער ערשטער פאַרלאָזן און נישט ליידן, אַז דער באַלעבאָס פאַרזאַמט זיך דאָרט און אַז זיינע פאַרסלינעטע שפּורן האַלט פאַר הייליק און צום קושן, און טאָמעד און אינמיטן בוקן פלעג אים וועקן און רייסן און זען, אַז דער באַלעבאָס זאָל אַף זיין אָרט פיל צייט נישט פאַרברענגען, און טאָמעד און דערמאנען, אַז א באַלעבאָס דאַרף זיך נישט פאַרגעסן און אַף אַלעס געכונענעם און דערוואָרבענעם מוז באַלעבאָס ווערן...

אָבער אַז דער באַלעבאָס האט נישט געפאָלגט און צום געפונענעם קנעכט געוואָרן, דאָס באַליבט און פון דעם נישט אָפּטרעטן געוואלט, דעם הונטס רופן נישט געהערט און אים ווי אַ שטערער און לעסטערער נאָך אָפּטרייבן פון יענעם אָרט, — האָט דער הונט אין באַלעבאָס זיך מעיאַעש געווען, לאַנג געשטאַנען און אים אויסגעוואַרט, דערנאָך פון אים אָפּגעקערעוועט און אַהיים געגאַן, און אַהיים קומענדיק, באַ די קינדער זיך צו דינסט געשטעלט, און די קינדער, אַז זיי האָבן באַ אים אַף זייער פאָטער געפרעגט: „וואו האט ער אים אַהינגעטאָן און וואו איבערגעלאָזט?" — פלעג ער זיי פירן, פירן און לעסאָף און באַשטענדיק זיי צו אַ בלאָטע און צו א זומפּ צופירן: אָט ליגט ער... ווייל די קאַוואָנע פון הונט איז גוט געווען, און געוואָלט האט ער טאָמער דעם מענטש באַ זיין ערע דערהאַלטן, און דער מענטש האָט זיך ניט געלאָזט און טאָמער באַ געפונענעם און באַ נישטיקייטן זיך פאַרהאַלטן... און אויך דו — גיט דאַן דער גילגל גלייך צום אַנקעגנזיצנדיקנס איניען צו — אויך דו, באַלעבאָס, אויב דיין לאַגע איז איצט שלעכט און דיין געלעגער אין בלאָטע, — מאַך ניט שולדיק און האָב קיין טאַרומעס אַף דיין הונט, ווייל נישט ער האט דיך פאַרפירט, דאס ביסטו אליין געקראָכן".

— אליין? — זאָגט דער באַטרונקענער דעם גילגל נאָך.

— יאָ.

— איז די אייצע?

— אַרויס! — זאָגט דער גילגל.

— און אַז ס'איז קיין קויעך ניטאָ, אַז איך בין מאַט און מיד און אָפּגעלאָזן?

— איז אַפן בוידעם אַ באַלקן, און א שטריק אפן האַלז.

— און מיט דעם ביסטו איצט געקומען, מיטן שטריק?

— ניין, זאָגט דער גילגל — און ער ווערט ווי גוט, און זעט אויס ווי אופגעלייגט בעשאַסן זאָגן — אומגעקערט, דיך באַפרייען פון שטריק.

— ווי אַזוי?

— אַר אויס... און אָט איצט לאָמיר אויסטרינקען.

און דער באַטרונקענער, וואָס האָט פריער דאס פלעשל אף אָנצוגיסן גרייט געהאַלטן, איז איצט ניט ווי בעקויעך אָנצוגיסן, ווייל מיטאַמאָל און נאָך די רייד פון גילגל איז אף אים עפּעס א טרויער אָנגעפאַלן,

און דער טרויער האט זיך גלייך אף זיין פּאָנעם אויסגעדריקט און אויך זיין קערפּער און זיינע הענט ווי אָפּגעשוואַכט.

און דאַן, און אז דער גילגל דערזעט עס, אזוי נעמט ער בּאַ אים דאָס פּלעשל פון זיין האַנט ארויס, און צו זיך, צו זיין פעסטער האַנט נעמט איבּער, און א פּאָנעם מאַכט א פריילעכס, א מונטערס, און מע זעט, ווי ער בּאַמיט זיך אויך זיין אנקעגנזיצנדיקן פון זיין טרויער אַרויסשלאָגן, אים שטאַרקן און אים מוט אונטערגעבּן. און ער נעמט דאס פּלעשל און גיסט פריער דעם בּאַטרונקענעם אָן און דערנאָך אויך זיך, און ביידע—איינער א מונטערער, דער אַנדערער, נישט איבעריק,—טראָגן צו און שלאָגן זיך מיט די גלעזלעך אָן, און דער גילגל זאָגט דאַן פריילעך און מיט שפּאָט אַביסל:

— לעכאַיעם, בּלאָטע-בּאַלעבּאָס, און ס'איז ניט בייז און ניט שרעקלעך, און דיין זאַך איז נאָך ניט פאַרפאַ׳ן, ווייל דיינע אויצרעס זיינען פיל... דו דארפסט אונז נאָר פון שוטפעס נישט אַרויסוואַרפן, און מיר וועלן דיך שוין לערנען אַביסל אויך... כע... כע... צו... פאַרלירן...

און ביידע טרינקען אויס, און דער באטרונקענער ווערט פריילעך און גלייך ווידער היימיש מיטן גילגל, און אז זיי טרינקען נאָך א מאָל און נאָך א מאָל אויס, ווערט ער שוין גאָר אופגעלייגט: און פון זיין בענקל הויבּט זיך אוף און צו זיינע שאַפעס, וואָס אין צימער, גייט ער צו, צעעפנט זיי און נעמט פונדאָרט אַרויס אַלצדינג: מאַלבּושים און כפייצים און אַלץ, וואָס דאָרט געפינט זיך אין די שאַפעס, און ער בּרענגט און לייגט אַלץ אַפן טיש אַוועק, און וואָס ס'לאָזט זיך ניט אַפן טיש, לייגט שוין אַף דער ערד אַנידער; און אַז אַלץ איז שוין אַרויסגענומען און אַלץ אַפן טיש און דאָ לעבּן אָנגעוואַלגערט, שטעלט ער זיך אַנקעגן גילגל אַוועק, ווערט גוט און מילד און אין שיקרעס לייגט דעם גילגל שוטפעס פאָר:

„אַף אלץ, וואָס ער האָט, אַף אלץ, וואָס פאַרמאָגט, און זאָל ער האַלב נעמען און גלייך אַף גלייך זיך טיילן, און אויב ס'איז ווייניק, זאָל ער אויך מער פון האַלב, און אויב ער וויל אַפילע—אינגאנצן".

און ער לאַכט, און אַז דער גילגל לאַכט אַף אים קוקנדיק און קוקט מיט שפּאָט און ווי אַף שמאַטעס אַף דעם אלעם אָנגעוואָרפענעם, צעלאַכט זיך דער בּאַטרונקענער נאָך מער און זאָגט:

„ער ווייס, אַז ס'איז שמאַטעס און ס'איז דאָ נישטאָ אַף וואָס שוטעף צו זיין". און ער ווערט טרויעריק ווידער און ער שטייט ווי מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און ווי מיט באַדויערן פאַר דעם נישטיקן גע־בראכטן...

און אַ שטילע בושע באַפאַלט אים, און די בושע גייט אין אַ שיקע־רער מאָרעשכוירע איבער. אָבער דער גילגל דערזעט עס גלייך, און ער נעמט אים באַלד ווידער מינטערן: „און וואָס ביסטו שטיין געבליבן, — וועקט ער אים, — און וואָס האָסטו אופגעהערט, קוק זיך אַרום און דער־מאָן זיך, און עפשער האָסטו נאָך, און עפשער עפעס פאַרגעסן, און עפ־שער באַהאַלטסטו פאַרן שוטעף?"...

און יענער קוקט זיך אַרום פאַרלוירן, קוקט און געדענקט און ווייסט נישט מער, און דער גילגל וועקט אים ווייטער: „קוק גוט און עפשער פאָרט עפעס פאַרגעסן?"... און מיטאַמאָל — און יענער דערמאָנט זיך און ווערט ווידער פריילעך פלוצלינג, און — „זע, — זאָגט ער — טאַקע... די שופלאָדן און שראַנקען זיינען ליידיק, אַף די ווענט און אַרום איז פוסט, אָבער (ער הויבט דעם קאָפּ צו דער סטעליע אוף), אָבער די סטע־ליע, ער קאָן דאָך אויך די סטעליע עפענען, זע!"...

און געזאָגט און געטאָן, און ער נעמט גלייך און ער שטעלט זיך אַף אַ בענקל אַרוף, און — צי ער דערלאַנגט, צי ער דערלאַנגט ניט, — אָבער די סטעליע עפנט זיך, און ער איז שוין גלייך אויבן באַ איר אופגע־עפנטן, און ער טוט אַ רוף, און אויך דער גילגל איז שוין אויבן און ער נעמט אים פאַר דער האַנט אָן, און ביידע גיבן זיך עפּעס אַ הייב אַ לייכטן...

און קיין בוידעם איז נישטאָ, און אַפן אָרט פון בוידעם איז עפעס אַ מין צימער אַ שטילער, און באַלויכטן איז ער ווי דער ערשטער, פונ־וואנען זיי זיינען אופגעגאַן, אָבער געמעבלירט, און אויסזען זעט דאָך ווי אַ בוידעם; און אַרום די ווענט זיינען עפעס זעק אויסגעשטעלט, און אַלע זיינען פול און אָנגעשטאָפּט און פאַר די עקן פאַרבונדן. און דער גילגל קוקט זיך אַרום פאַרפריער, באַטראַכט די ווענט, די סטעליע און די פאָדלאָגע צוערשט, און דערנאָך, אַז ער דערזעט די זעק אַרום די ווענט און פרעגט: „וואָס האָסטו דאָרט אין די זעק" — שמייכלט און פאַרשעמט זיך דער באַטרונקענער און האַלט זיך ווי עפעס אָפּ פון צו

זאָגן; אָבער אַז דער גילגל פרעגט נאָך אַ מאָל, ענטפערט שוין דער באַ־טרונקענער, אָבער אַלץ נאָך פאַרשעמט: „דאָס האָב איך אָפּגעשפּאָרט און אָנגעקליבן מאיסים־טויווים אין די זעק"...

— אַך, אַזוי! — זאָגט דער גילגל, — און וואָס, לעמאָשל?

— שטילקייט, אַניוועס, און נאָך, אוכעדוימע, — ענטפערט דער באַ־טרונקענער.

— אַזוי, — זאָגט דער גילגל, — קאָנסטו זיי אויך באַווייזן?

און יענער קאָן, און ער גייט און בינדט אויף איין זאַק נאָכן אנדערן, און אַליין קוקט ניט אַריין אין זיי בעשאַס אופבינדן. נאָר הינטער אים קומט דער גילגל, און יענער קוקט יאָ אַריין; און אַז ער זעט איין זאַק, אַ צווייטן און אַ דריטן, שרייט אויס און זאָגט:

— זע נאָר, ס'איז דאָך הוילער שימל באַ דיר אין די זעק, און ווי לאַנג האַלסטו זיי דאָ, און פאַרוואָס נישט געלופטערט?

און דער באַטרונקענער שטייט ווידער פאַרלוירן און ווייסט נישט וואָס ער זאָל זאָגן און צי זאָל ער דעם גילגל ווייטער ווייזן, און דאָס שוין געוויזענע וויל פאַרענטפערן און זאָגט: „כ'האָב, דאַכט מיר, גוטס אַריינ־געלייגט, אָבער כ'האָב נישט געוואוסט, אַז אויך גוטס קאָן לאַנג ניט ליגן. און אויב אין די זעק, וואָס דו האָסט געזען, איז שימל, איז אין די איבעריקע מיסטאָם אויך, און צו וואס דאס קוקן, און צו וואס דאס אופבינדן, און צו וואָס דאָס ווייטער זען?"...

און דער גילגל איז מאַסקעם, און ער האַלט טאַקע פאַר איבעריק דאָס אופבינדן, און אַזוי די, אַזוי מיסטאָם אויך יענע, און — „גלייך ווי ער איז אַריינגעקומען, — זאָגט ער, — האָט ער באַלד שוין שימל און פאַרלע־געכטס דערפילט"...

און ער שטייט און קוקט מיט ראַכמאָנעס אַף יענעם, און דער באַ־טרונקענער האַלט דאַן דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט, אָבער דער גילגל האָט מיטגעפיל מיט אים, און ער וויל ניט, דער באַטרונקענער זאָל ווידער אין זיין מאָרעשכוירע אַריינפאַלן; און ער טוט דערום, און אָן יענעמס וויסן, און ער מאַכט, אַז פון הינטערשטן צימער זאָל זיך אהער אויך דער דאָרט איבערגעלאָזטער טיש מיט די בענקלעך, מיט דעם פלעשל און גלעזל באַווייזן — און יענע באַווייזן זיך גלייך.

און דער גילגל נעמט אָנגיסן, און דער באַטרונקענער כידעשט זיך ניט אַפּן באַווייזן זיך פון טיש, און אויך אַפּן אָנגיסן דערווידערט ניט, און אַז דער גילגל דערלאַנגט אים צו טרינקען, טרינקט גלייך אויס אָן עפּעס דאגעגן צו האָבן, און דאַן, און זיין גוט געמיט קערט זיך צו אים אום טייקעף, און אויך זיין זיקאָרן און אלץ, וואָס ער האָט נישט געדענקט, און וואָס ער האָט פאַר זיין שוטעף פון זיין פאַרמעגן פאַרגעסן, און — „ער האָט פאַרגעסן — שרייט ער אויס, — זע, ער האָט דאָך נאָך אַ סטעליע, און דאָרט איז שוין זיכער קיין בוידעם, און דאָרט איז אויך זיכער קיין פאַרלעגעכטס, אָבער וואָס — געדענקט ער ניט וואָס דאָרט איז, און מ׳דאַרף נאָר עפענען״...

און דער גילגל שטימט צו, און דער באַטרונקענער שטעלט זיך גלייך אַף אַ בענקל אַרויף, און ווידער ווי דאָס ערשטע מאָל, מאַכט אויך דאָס מאָל ווי דאָס ערשטע; און די סטעליע ווערט געעפנט, און דער גילגל אַרופגעבראַכט, און באלד ווי זיי קומען אין עפענונג אַריין, אַזוי ווערן זיי איבעראַשט ביידע, — דער באַטרונקענער דערפאַר, וואָס אַזוינס און וויכטיקס האָט געקאָנט נישט געדענקען, און אויך דער גילגל דערפאַר, ווייל דאָס, וואָס ס׳האָט זיך פאָרגעשטעלט, איז בעעמעס וויכטיק און פריער נישט צו גלויבן געווען.

און פאָרגעשטעלט האָט זיך:

אַ נידעריקע זאַל אַזאַ, אַ לאַנגע און פון אַ פאַרנעם אַ גרויסן, און די זאַל אַליין איז עפּעס אין האַלב-טונקלען געהאלטן. און נאָר די טישלעך די פאַרשיידענע, וואָס זיינען אין דער לענג פון די ווענט און אויך אינ-מיטן באַ די דורכגאַנגען אויסגעשטעלט, זיינען מיט אַ שיין באַשיינט; און אויך די טישן-שיין איז פאַרטונקלט פון די גרופּעס מענטשן, וואָס זיצן אַרום און צוגעבויגן צו די טישן, און יעדע גרופּע האָט עפּעס צו-טאָן באַ איר שיין, און אלע זיינען באַשעפטיקט, און ס׳דאַכט זיך, אַז עפּעס קסאָווים און מעגילעס ליגן פאַר זיי, און אלע זיינען אָנגעבויגן צו זייערע מעגילעס, און עפּעס קוקט מען דאָרט איבער און ס׳זעט אויס, ווי טעקסט פאַרענדערט מען, אָדער גרייזן פאַריכט מען; און טוען טוען עס די געלערנטסטע און געניטסטע געוויינלעך, אָבער אויך די איבע-ריקע זיינען דערביי און מיט זייער זיין דערביי נעמען אַן אנטייל אַ וויכטיקן.

און אַז דער באַטרונקענער מיטן גילגל אין זאַל באַווייזן זיך, באַמערקט זיי קיינער ניט, ווייל אַלע זיינען פאַרנומען דעמאָלט, אָבער דער באַטרונקענער פילט זיך נישט שלעכט פונם נישט־באַמערקן, און ער נעמט נאָר — ער פאָרויס און דער גילגל הינטער אים — פון איין ריי טישן צו דער אַנדערער צו גיין און אַ פרייען און אַ ליידיקן אַף זיך־אַוועקזעצן זוכן.

און זיי געפינען לעסאָף אַ טיש, און קיין שיין שיינט דאָרט ניט און קיין לאָמפּ און ליכט שטייט נישט אַף אים, און אין דער טונקל נאָר איינער אַ מענטש דאָרט זיצט, און דער מענטש איז מיט גאָרנישט ניט פאַרנומען, און ווי ער וואַרט נאָר און קוקט אַרויס אַף עמעצן. און אַז דער באַטרונקענער מיטן גילגל קומען צו, אַזוי גריסט זיך דער מענטש מיטן באַטרונקענעם, ווי מיט אַ היימישן און געוואַרטן, און אויך פאַרן גילגל לאָזט זיך פאָרשטעלן, און גלייך קוקט שוין אויך אַפן גילגל, ווי אַף אַ באַקאַנטן.

און זען זעט מען, אַז לאַנג איז דאָ געזעסן דער מענטש און לאַנג, וואָס אין זאַל קומט פאָר, צוגעזען, און ווי געאַרט און געערגערט וואָלט אים דאָס צוגעזעענע, אָבער ער האָט פאַר וועמען צו רעדן נישט געהאַט, און איצט, ווי ער האָט נאָר די צוגעקומענע דערזען, אַזוי איז צו מערקן געווען, ווי ער האָט גלייך עפּעס אָנהויבן געוואָלט און דאָס מויל אַף רעדן עפענען.

האָט אָבער דער גילגל מיטן ערשטן בליק אַפן מענטשן דעם מענטשן ווי אָפּגעקילט, ווייל אַ שפּאָטישער איז זיין בליק געווען, און ווען אַן אנדערער וואָלט דעמאָלט דעם מענטשן געזען, וואָלט, צו גלויבן, אויך נישט בעסער געווען און קיין אנדער בליק נישט געהאַט פאַרן מענטשן...

ווייל, אַז מע האָט זיך צוגעקוקט, האָט דער מענטש דעמזעלבן אָנבליק, וואָס דער באַטרונקענער געהאַט, דיזעלבע מאַניערן, דעמזעלבן וואוקס און אויסזען, ווי צוויי ברידער שטאַרק איינס אין אַנדערן געראָטענע, מיט דעם איינעם כילעק נאָר, וואס איינער זעט אַביסל וואָכעדיק און אָפּגעריבן אויס, און דער צווייטער געפּוצט און יאָמטעוו; און ווען איינער האָט ווי אַ מאַרק־מענטש פון מאַרק קומענדיק אויסגעזען, מידלעך פון אַ גאַנצן טאָג שטיין און אַרויסקוקן און פון שלעכטן לייזונג פאַרן טאָג, האָט יענער, זיך געדאַכט, פון קיין מאַרק נישט געוואוסט

קיינמאָל און קיינמאָל ווי קיין מאַרק און האַנדל־שוועל נישט אַריבערגעטראָטן אַפילע. האָט דערום דער צווייטער אויך זיין מער־מענטשלעכעס אָפּגעהיט און זיין זויבערקייט ווי דורך קיינעמס באַרירונג ניט באַפלעקט. האט ער אָבער דערפאַר אויך אַביסל מאָדנע אויסגעזעען: מיט אַ קאָפּ אַ לענגלעכן, אין דער פאָרם פון אַן איי אין דער לענג, פונאויבן פאַרשפּיצט, און מיט אַ פּאָנעם אַ שמאָלבלעכס און אויך מיט אַ קין־באָרד אַ שפּיציקן; און דאָס פּאָנעם איז אים פאַרטראָגן געווען, און די אויגן האָבן אַריבערקוקנדיק אויסגעזעען, און וואָס לעבן אים טוט זיך, האָט ער נ י ש ט געזעען, און דערפאַר האָט זיך געדאַכט, אַז ו ו י י ט ע ר, און וואָס אנדערע זעען ניט, זעט ער יאָ דאַפקע...

און אַז דער גילגל האָט אַף אים שפּאָטיש אַ קוק געטאָן, האָט עס יענער באַמערקט, און ווען אַן אנדערער אַף זיין אָרט, וואָלט זיך באַליידיקט, אָבער אים האט עס נישט אויסגעמאַכט, און ער האט גלייך דעם גילגל נאָר מיט אַ צוריק־בליק באַגעגנט, מיט אַזאַ, אַז דער גילגל האָט זיך געמוזט ווי איינשרומפּן און גלייך זיך קליין און דערנידעריקט דערפילן...

און דער מענטש האָט מער מיט נאָך אַזאַ בליק דעם גילגל שוין נישט געצאָלט, און גלייך אים זיין שפּאָט ווי פאַרגעסן, און באַלד האָט ער זיך צו אים ווי צו אַ גלייכן און צו אַ פריינט שוין געווענדט, ווי צו זיין אין־אים־געראָטענעם, צום באַטרונקענעם און צו זיין ברודער אין אויסזען:

— ער זיצט שוין דאָ לאַנג און קוקט, — האט ער געזאגט, — און ער קאָן נישט באַנעמען: וואס מאַכן די לייט דא, אייגנטלעך?

— וואָסערע לייט? — האט דער גילגל, געהיט און נאך פון מענטשנס בליק פאַרשעמט, אַ פרעג געטאן.

— אט יענע, די — האט דער מענטש אַף דער זאַל אנווייזנדיק געענטפערט — וואס זיי זיצן אלע... ער האט זיי געדונגען, זיי זיינע קסאָווים און מעגילעס איבערגעענטפערט, די, וואס ער האט אליין דערווארבן, און פיל, וואס ער האט פון זיינע עלטערן געיאַרשנט, און געבעטן האט זיי, זיי זאלן זעען, וואס האט אַ ווערט און דאַרף בלייבן, און די איבעריקע — אַף פאַרברענען, אדער באהאַלטן. ווייל — צופיל און צו לאַסט זיינען אים די קסאָווים, און אַ גרויס שטיק לעבן האט זיי אפּגעגעבן,

און זיין בעסטע צייט קימאַט, און כאטש גרויס דערעכערעק און אפשיי האט פאַר זיי, אבער — גענוג! — אבער ער פילט, אז זיין אייגן לעבן האט ער נאך ניט געלעבט און זיין אייגן און איקער איז ער נאך ניט אפגעוועזן, — האט ער זיי געבראַכט אַהער, ער וויל אַ סאכאקל אונטער־פירן, און אזוי ווי אליין צום כעשבן האט שוין קיין געדולד נישט, זאלן זיי עס, און זיי זאלן עס וואס גיכער מאכן...

און די ערשטע צייט האט ער זיי נאך געהאָלפן, און אפט פלעג צו זיי קומען און אין זייער ארבעט אנטייל נעמען, און אמאל אויך פון זיי גערופן געווארן, און זיי האבן זיך מיט אים געאייצעט אין געוויסע פאלן, אבער די זאך האט זיך פארצויגן. און אזוי ווי סאָפרים בלייבן סאפרים, און ספאָרים־געניטע קענען זיך פון דער ספאָרים־הערשאפט נישט באַ־פרייען, האבן זיי זיך אריינגעלאָזט און אין אים פארגעסן, אריינגעטאן — און ער גייט זיי נישט אן, זיך פאַרטיפט — און די הויפט־זאַך און דעם איקער נישט געדענקט, און טעג און וואָכן זיצן איבער טעקסטן אָפּ, געפינען אַלטע זינענס אויס און מאַכן אַפן אלטן פיירושים נייע, און גריזן זיינען אויך א איניען, און גרייזן מוזן דאָך פאַריכט ווערן, און אָט די אַרבעט איז דאָך זייער ליבסטע, און יעדער אָס איז אַ באַרג באַ זיי, און זיי קריכן און קריכן, און גאנצע טעג, מאַכט זיך, קאָנען איבער קיין שורע נישט אַריבערקריכן, און אָט, און איך אַליין בין זיי שוין איבעריק געוואָרן, און זיי טוען אָן מיר, ווי די זאַך איז שוין נישט מיינע, און קיינמאָל ווער שוין נישט געפרעגט, און קיינמאָל פון זיי צום טיש און צו קיין אייצע נישט געפאָדערט. און איך טייל זיך שוין אָפט אָפּ און פאַרלאָז זיי אַף לאַנג, און יענע באַמערקן אַפילע נישט מיין אָפטיילן זיך; און זאָגן קאָן זיי ניט, ווייל זיי קענען מיין איילן נישט פאַרשטיין, און איבערייסן איז ניט שיין, און די צייט ציט זיך, און זי קאָן זיך נאָך מער פאַרציען, און וואָס, — ווענדט ער זיך צום גילגל און צו זיין ברוּ־דער־ענלעכן, — און וואָס טו איך דאָ מיט זיי?..

— כאַ־כאַ, — צעלאַכט זיך דער גילגל דאַן שטיל און מיט אַ גענייוועלע אַף דעם מענטשנס פראַגע.

— וואָס לאַכט ער?.. — פרעגט דער מענטש מיט טאַרומעס.

— ווייל יאָ, — שמייכלט און גאַנוועט ווייטער דער גילגל, — ווייל ס'איז לעכערלעך, ווייל די זאַך איז קיין זאַך, און אַ אייצע איז דאָ איבעריק;

ס׳איז דאָך ניט מער ווי סאָפּרים, און בּיקסן און האַרמאַטן איז צו זיי איבּעריק, און מיט איין וואָרט, און מ׳טרייבּט זיי אַרויס פּאַשעט...

— „פּאַשעט״? — זאָגט דער מענטש, — ער מיינט אַזוי? וואָלט ער טאַקע גערעכט געווען, ס׳זאָל טאַקע אַזוי פּראָסט זיין. איז דאָס אָבּער ניט אַזוי, און ער מוז קלאָר זאָגן: אַז מיט אַלע סאָפּרים, מיט דעם מערסטנטייל פון זיי, וואָלט ער זיך גלייך און שוין איצט געקענט אָפּגעזעגענען, ער וואלט זיי זייער פאַריכטן און זייערע טעקסט־אופשטעלונגען מויכל געווען, און סאָפּקאָלסאָף, בּאַ אַ געוויסער מי און אָנשטרענגונג, וואָלט עס אַליין געקענט טאָן און אין אַ קליין שטיקל צייט מיט דעם זיך אָפּפּאַרטיקן... מיט דעם מערסטנטייל... מיט אייניקע אָבּער, און דעריקער מיט איינעם, וואס אט דארט אין יענעם ווינקל איבּער איינעם אַ קסאַוו דארט זיצט, אט מיט יענע, און דערהויפּט מיט דעם, וואס אין ווינקל, איז די זאַך שוין שווערלעך.

— פּאַרוואָס? — פרעגט דער גילגל. — און וואָס זיינען דען יענע פּאַר אויסנאַמען?

— דאָס האָבּ איך זיי מיינע אייגענע כּיבּורים איבּערגעגעבּן: און דער טעקסט איז ניט אַלט, און ס׳איז ניטאָ וואָס אופצושטעלן, און דאָס קסאַוו איז אַ היינטיקס, און לייענען איז דאָס גרינג, און גרייזן וויניק, אָבּער... ס׳גייט וועגן גאַנצן און, מעגלעך, אַז ס׳איז אינגאַנצן גרייז. און אָפּגעזעגענען מיט זיך אַליין איז ניט גרינג, און זיך אַליין פּאַר אייגענעם מישפּעט שטעלן איז שווערלעך, און כאָטש איך האַלט דערבּיי, און כאָטש אין אַ געוויסער מאָס האָבּ שוין מיט דעם געדאַנק שאָלעם געמאַכט, האָבּ דאָך דאָס אַליין אַף זיך נעמען ניט בּאַשלאָסן, און כ׳האָבּ די מעווינים גערופן און זיי אַלע מיינע כּיבּורים אף זייער מעווינעס איבּערגעגעבּן, און דאָס בּעסטע ווערק — דעם בּעסטן מייוון...

אָט זיצט ער.

און דער מענטש ווייזט דאָ זיינע צוהערער אַף איינעם אַ טישל אָן, וואו איבּער אַ ליכט און אָנגעבּויגן איינער אַ מענטש איבּער אַ קסאַוו דאָרט זיצט, און זיין פּאָנעם און זיין אויגן־לייענען איז ערנסט זייער, און ווי אַ גרויס אַכראַיעס איז אין זיינע אויגן און אין זיין לייענען, און נישט ווייט פון אים, בּא נאָך טישלעך, אויך אַנדערע זיצן, אָבּער יענע

האַלטן זיך ניט אַזוי און יענע זיינען פרייער אין באַנעמען, און דער מענטש ווייזט מיט דער האַנט אַהין און זאָגט:

— און אָט מיט יענע אַלע דאָרט וואָלט שוין דורכגעקומען: זיי וואָלטן זיך ניט געשפּאַרט און באַשטאַנען, כ'זאָל מיט מיינעם ווי מיט פרעמדן טאָן, ווייל, רייִשעס, געבן זיי דעם, ווייזט אויס, קיין איבעריקן ווערט ניט צו, וועהאַשיינעס, ווען אַפילע יאָ ווערט, זיינען יענע לייכט-דענקער, און אויב ספאָרים, זאָגן זיי, איז לאַסט, און פון צייט צו צייט מוז מען זיך פון זיי באַפרייען, איז צו וואָס זיי מאַכן, און צו וואָס זיי זאַמלען, און צו וואָס שפּעטער, און צו וואָס אָפּלייגן, און אויב ניט ד ו א י צ ט, וועט דאָך דאָס אַן אַנדערער אַן אַנדערש מאָל...

אַזוי זיי, — און נאָר יענער, דער איינער, וואס אין ווינקל, ער איז איינגעשפּאַרט און זאָגט „ניין", און דער כיבער, וואָס ער האַלט און טוט אַרום אים, האָט אַ ווערט, זאָגט ער, און אַז אָנגעהויבן, מוז מען ענ־דיקן, און איבערייסן און אַזוי לאָזן איז אַ זינד, און אויב איך האָב האַלב לעבן שוין אָפּגעגעבן, מוז אויך די אַנדערע האַלב, און וואָס שפּעטער וועט געשען, טאָר ניט קלערן, און דאָס לעבן איז דערוף געגעבן, מ'זאָל דאָס אָפּגעבן, און באַפרייען זיך טאָר פאַר קיין פאַל ניט, און כ'וועל זען, זאָגט ער, אַז סאַיווי וועל זיך ניט באַפרייען...

און אָט צו יענעם קום איך אָפּט און מיר ריידן און מיר אַמפּערן זיך, און איך זאָג מיינס און ער האַלט זיך באַ זיינעם, און ער איז שטאַרק און גלויביק, און איך פאַל אָפּט אונטער זיין ווירקונג אונטער... „האַ?"— ווענדט זיך דער מענטש צו די פאַר אים זיצנדיקע מיט אַ פראַגע.

— און וואָס איז דאָס פאַר אַ ווערק, ווי הייסט עס, און וועגן וואָס האַנדלט זיך דאָרט? — פרעגט צוריק דער גילגל.

— ס'הייסט „דער צאַער פונם צוויאָק", — זאָגט דער מענטש און פאַר־האַלט זיך, פאַרטראַכט זיך אביסל, דערנאָך גיט צו:

— און אַזויווי פון גאַנצן ווערק דערציילן איז אומעגלעך, וועל דערום נאָר איין אָרט און איין שטעלע ברענגען, און פון יענעם ווייניקן קאָן מען שוין פון גאַנצן איבעריקן אַ פאָרשטעלונג האָבן.

און האַנדלען האַנדלט זיך דאָרט וועגן שוואַכקייט. דאָרט גייט אַ קלער: צי איז שוואַכקייט טאַקע אַזוי מיעס, שענדלעך און אַף אַזויפיל פעלער, אַז ווער ס'איז שוואַך און ליידט פון שוואַכקייט, מוז זען פון

דעם זיך באַפרייען, און אויב ער קאָן ניט און האָט ניט בעיאַד, איז בדאַי ס'זאָל אים דאָס לעבן קאָסטן און ער מוז זיך צוזאַמען מיטן שוואַכקייט אויסראָטן, ווייל מ י ט דעם איז קיין לעבן... אָדער ניין, און ווער ס'א י ז, ז א ל זיין, און ווער ס'האָט דאָס, זאל זיך מיט דעם האַלטן און דעם געטריי בלייבן, ווייל אַליין אין דעם האַלטן זיך און געטריי זיין דעם שוואַכן, שטעקט שוין א שטיק גוואורע, און אַף אַזאַ אויפן קאָן מען דאָך שוין ווייטער לעבן און בעמיילע שוין נ י ט אַלס שוואַכער... און ווער, שמועסט זיך דאָרט, קאָן וועגן דעם מישפּעטן?—פאַרשטייט זיך נישט קיין גיבוירים, און די זאַך געהער צו די שוואַכע, און די שוואַכע האָבן זיך דערפאַר גענומען.

און אָט, דערציילט זיך דאָרט, ווי איינער אַ מענטש אַזאַ האָט איינמיטן זיין לעבן איבערגעריסן, אַף זיין פריערקן זיך אומגעקוקט און ס'איז אים ניט געפעלן. און וואָלט ער ניט שוואַך געווען, וואָלט ער זיך אויסגעקערעוועט און זיין וועג זיך געגאַן, דאָס פריעריקע פאַרלאָזט און וואָס געווען איז געווען, און פאַרן געוועזענעם זאָל זיך ווער ס'וויל זיך זאָרגן, איז ער אבער י אָ געווען, האָט ער זיך פאַרהאַלטן, און לאַנג עס באַטראַכט, האָט עס אים באַנג געטאָן און שטאַרק עלנט האָט עס אים אויסגעזען, האָט ער דאס אין אַ בינטל אין א ווינקל צונויפגענומען און מיט זאָרג דאָס צונויפגעלייגט און באשטאַטן, און פאַרן אַוועקגיין האָט דעם אין אָנדענק אַ ליכט געוואָלט שטעלן.

און ער איז געגאַנגען און האט וואַקס געקויפט און האָט אים צעלאָזט, און פאָדעם האָט ער גענומען און קנייטלעך געמאַכט, און באַם לייגן פון יעדער קנייטל האָט אַפצוריק געדענקט, און באם אויסציען פון יעדער פאָדעם האָבן זיך אים טעג און כאַדאָשים פאָרגעשטעלט, און אַ ראַכמאָנעס איז אים געווען אף זיי, און ווי זאָל ער זיך פון זיי שיידן?..

און די ליכט איז פאַרטיק געוואָרן און ער האָט זי אָנגעצונדן, און אַז דאָס פלעמל האָט זיך צעברענט, האָט ער זיין גאַנץ געוועזנס באַדויערט און דערבאַרעמט, און דאַן, און מיט קאָפּ אַראָפּגעלאזטן, האָט זיך שטיל און אַף די קני פאַר זיין לעבן און פאַר זיין פריער אַוועקגעשטעלט...

שטיל און זייער שטיל, און אַזוי איז געשטאַנען.

און דאס ליכט האָט אַ טאָג מיט אַ נאַכט געברענט, און צום סאָף נאַכט האָט שוין באַם אויסגיין געהאַלטן, און אַז דער טאָג האָט

אַריינגעקוקט און ער האָט מיטן טאָגלעך אַפּן בינטעלע, וואָס אין ווינקל, אַ קוק געטאָן, האָט עס אים נאָך דער נאַכט נאָך מער אָרעמער און ראַכמאנעסדיקער אויסגעזען, און ווי זאל ער דאָס אָן אַ ליכט לאזן, און ווי זאל ער דערפון אַוועקגיין?

האָט ער נאָכאַמאל דאסזעלבע געטאן און נאכאַמאל א ליכט אָנגעצונדן, און צוויי מאָל, און דריי מאל, און אַפּן דריטן האט ער זיך אין ווינקל ווי אַף שׂקיע אַראָפּגעלאזט און שוין קלערן און טרויערן גענומען: צי זאל ער זיך עפּשער גאר אינגאַנצן פון זיין באַשלוס אפּזאגן? — איז ער אבער באַ דעם טרויערן נישט געבליבן, ווייל מיטן טאג האט אים דורכן פענצטער אַ גרויסע האפענונג און טאגלעכער צוזאג אַרויסגערופן, און שוואַך איז ער געווען, און אפּזאגן האט זיך ניט געקאנט, און אַ גרויסער זכוס איז אים בייגעשטאַנען, און טאג און פענצטער האבן גויווער געוועז, און נישט זאגנדיק און נישט אומקוקנדיק זיך שוין אַף גארנישט, האט זיך פון דער ערד אופגעהויבן, פון בינטעלע אפּגעקערט, אַרויסגעגאַן און זיין שטוב פאַרלאזט.

און ס'איז אים פריילעך געווען און שטאַרק אופגעלייגט איז ער געווארן נאכן אַרויסגיין, און די פרייע לופט נאך די דריי־טעג־ווינקל איז אים אין די לונגען געקומען, און ער האט געאָטעמט און זיינע לונגען געבענטשט, און מיט די גאַסן און מיט רויש אין די גאַסן האט זיינע אויגן געשפּייזט, און אַף זיין זיך איבערשטאַרקנדיקן קויעך איז ער שטאלץ געווען, און מיט זיין באַפרייטער פרייד זיך געפרייט, און אַלץ, וואס ער האט געזען, האט אים האַנאע געטאן, און אַף זיין לעבן האט ווי אַ יאמטעוו אַראפּגענידערט...

האט עס אבער נישט געדויערט לאַנג. און אין אַ קליין שטיקל צייט אַרום האט איינמאל, גייענדיק, אין זיין היים און זיין ווינקל זיך דערמאנט, און די ברענענדיקע ליכט מיטן פלעמל האט זיך אים פאָרגעשטעלט, און ס'האט זיך פון זיינע אויגן שוין נישט אפּגעטאן, און באַטאג איז דאס אים פאַר די אויגן געווען, און אויך באַנאַכט איז עס פאַר אים געשטאַנען, און ער האט עס פון זינען נישט געקאנט אפּטרייבן. און פאַרגעסן האט דאס געוואלט, און אַלעם־מי האט זיך געגעבן און אין פאַרשיידענע רויש־ערטער און אין רויש־לעבן זיך אַריינגעלאזט, און די זאַך איז אים נישט געראָטן.

און אַ גרויס לעבן און שטאַרקע טאַינוגים האבן זיך אים געבאָטן, אבער דאס בענקען און דאס בינטעלע האבן זיך אים אין זיין געמיט באַזעצט, און וואס ער האט געטאן, איז דאס שוין נישט עכט געווען, און וואס נישט פראָבירט און פאָרגענומען, האט קיין טאַם נישט געפילט, און געפילט האט נאר, אַז אַזוי קאן עס נישט בלייבן, און מיט גלאַט־און געוואוינלעכע מיטלען וועט דערפון שוין נישט פאטער ווערן; און צו וואס איז דאס אַוועקגיין, אַז יענק גייט אים נאך, און וואס האט ער דא געוואונען, און וואו איז דא דער איבערייס, אַז דער בונד מיט יענעם איז שטאַרק, און ס׳האלט אים אַף צייטן און אַף אַ מעהאַלעך?.. ווייל וויט און שוין לאַנג איז ער פונם אַוועקגעגאַנגענעם געווען, און דאך האָט זיך אים געדאַכט, אַז נ א ר ו ו א ס און ווי ערשט נעכטן האט ער זיך דערפון געשיידט, און דאס נעכטיקע איז פריש—און דאס נעכטיקע איז דעריקער־איקער, און דאס היינטיקע איז נישט, טומל און אויסגעטראכט, און ער האט נישט געקאנט און מיט זיין מי און זינען שאַלעם נישט געמאַכט, און ער האט אַלס פאַרמיטלער דעם שיקער גערופן: ער האט טרינקען גענומען.

דאָס ערשטע מאָל—נישט שלעכט, דאָס צווייטע מאָל—בעסער, און אַזוי האָט זיך מיט שיקרעס געוואוינט און אַף אַ צייט האָט אין דער היים און אין וואָס ער האָט געוואָלט פאַרגעסן. זיינען אָבער אויך די ניכטערע שאָען געקומען, האָט ער שוין איינצווייען געליטן—פון אַלטן און דער־מאַנונגען און אויך פון נייעם, פון שיקרעס־שוואַכקייט, און ווי איז אים געווען צו טרינקען, און ווי אויך—ווען נים. און איינמאָל, ווען ער איז אַזוי אין זיין צימער, באַם טיש און באַ האַלב־אויסגעטרונקענער פלאַש און שוין מיט אַ האַלב שיקערן קאָפּ געזעסן, האָט ער זיך אַף די ווענט אַרומגעקוקט, אין אַלע זייטן, און האָט עפּעס געזוכט, און לעסאָף האָט אַף איינער אַ וואַנט עפּעס אַ צוויאַק דערזען, און ער האָט זיך אופ־געהויבן, שוין מיט שוואַכע פיס און וואַקלענדיקע טריט צו אים צוגעגאַן, צוגעקומען און זיך אים אַנקעגן געשטעלט:

— „האַ, צוויאַק,—האָט ער געזאָגט,—וואָס שטעקסטו און אַף וואָס באַ־שטימט?

— מ׳זאָל זיך אַף מיר הענגען,—האָט דער צוויאַק געענטפערט.

— און ביסטו אויך שטאַרק גענוג, זאָלסט אַ שיקערן און אַ שוואַכן אויסהאַלטן?

— גענוג, — האָט דער צוויאַק געזאָגט.

— און וואָס, אייגנטלעך, האָסטו דען צום שיקער? — האָט זיך דער שיקער שיקערלעך און מיט געיאָמער צום צוויאַק געווענדט.

— אייגנטלעך, נישט, און כ׳האָב קעגן דיר גאָרנישט, אָבער ווער האָט דיך דען גערופן?

— כ׳בין אַליין געקומען.

— נאָך וואָס?

— נאָך הילף.

— קעגן וואָס?

— כ׳בין שוואַך און קאָן מיין שוואַכקייט נישט אויסטראָגן.

— איז לערן זיך פון מיר.

— ווי אַזוי, צוויאַק?

— כ׳בין אויך שוואַך געווען, און ווי דו זעסט, בין פון אייזן, אבער אַ האַרץ האָב אַ ווייכס, און דאָס ערשטע מאָל, אַז כ׳בין פון מיין שפּיץ און פון מיין באַרוף געוואוירע געוואָרן און אַז איך מוז אין עמעצן אַריינגעשלאָגן ווערן און עמעצן ווערט פון מיין אַריינגעשלאָגן - ווערן ווי־טאָן, בין איך פאַרן צוויאָקישן שעפער געקומען און געטאַינעט: „וואָס האָב איך דען צום באַלקן, און פאַרוואָס זאָל איך אים זיין האָלץ ווי־טאָן, און וואָס האָט ער מיר דען געטאָן, און וואָס איז דאָס פאַר אַ באַרוף אַ שפּיציקער?

און מיין שעפער האָט מיך אויסגעהערט, און דער שעפער האָט מיר מאַשקע געשטעלט און מיט דער ערשטער קויסע מיך באַגיטיקן געוואָלט און ער האָט מיר געזאָגט: „גיי, צוויעקעלע, האָלץ איז האָלץ און האָלץ פילט קיין ווייטיק“. און דער שעפער האָט מיך ווי אַ קינד און ווי אַ נאַרעלע באַהאַנדלט און מיך מיט גוטן און מיט אַ שטרויעלע אָפּשטויסן געוואָלט. האָב איך זיך אָבער נישט געלאָזט, און פון דער ערשטער קויסע בין שוין צעוואַרעמט געווען, און מיין ראַכמאָנעס האָט זיך אין מיר געשטאַרקט און איך האָב ווידער געטאַינעט:

— ניין, שעפער, אַזוי רעדט מען דאָך מיט קינדער און מיט נאַראָנים, און איך בין דאָך קיין קינד ניט, און פון צוויאָקעס ווייס איך, און

עלטערע האָבן אונז דערקלערט: „אַז האָלץ איז טאַקע האָלץ, אָבער קיין צוויאָקעס זיינען זיי ניט גערן, און פילן פילט אויך באַלקן, אַז שלאָג און שפּיץ איז אים קיין כאַוועד ניט, און וואָס האָב איך דען צו אים און אַף וואָס פאַר א סינע קאָן איך זיך דען פאַרופן?..“

און מיין שעפער האָט מיר נאָך אַ קויסע אָנגעגאָסן, און דאָס מאָל, האָט ער געמיינט, איז ער שוין זיכער מיט מיר, און ווידער:

— גיי, צוויעקעלע, האָט ער מיר געזאָגט, און זיי ווי אַלע, און טאַינע ניט, און קלער ניט איבער, און אַזוי איז דאָס באַשטימט, און אַזוי טוען צוויאָקעס טאָמעד...

האָב איך זיך ערשט דעמאָלט צעוויינט, צי פון דער מאַשקע, צי דערפאַר, וואָס צוויאָקעס טוען טאַקע אזוי טאמעד און וואס קיינמאל שטעלן זיך ניט און קיינמאל דערווידערן דעם באַרוף זייערן ניט, און די אַוולע איז שוין לאַנג, און אַף דער צוויאקעס אומגערעכטיקייט איז שוין פיל זשאַוועער אנגעוואקסן, און צוויאָקעס געבוירן צוויאקעס, און צוויאקעס עלטערן זיך און יונגערע און פרישערע קומען אַף זייער ארט, און אַלע טוען ווי יעדער, און קיינער ווייטיקט ניט דערוף, און אַזוי איז שוין דער דערעך־האָאוילעם זייערער, און — דא האב איך זיך נאך שטאַרקער צעוויינט און פאַרן שעפער געטאַינעט:

— און אַז איינמאל אין אַ דאָר אַמאל אַ צוויעקעלע שוואַך איז, אט ווי איך, און וויל אין האלץ ניט קריכן און פארקרימט זיך, פאַרוואס לאַכן דערפון צוויאָקעס אַלע, און אויך דו, שעפער, פארוואס זאלסטו קיין אויסנאַם ניט מאַכן, מיך פון מיין באַרוף באַפרייען און מיין געפיל און אייזן־האַרץ ניט שאַנעווען?

און זער שעפער האט אף מיינע טאַינעס געלאַכט, און דערנאך איז ער ערנסט געווארן, און דאַן האט מיך שווייגנדיק צום דריטן מאל מיט אַ קאָס מעכאַבעד געווען און מיר געזאגט:

— צוויעקעלע, מע מוז, און אויב דו ביסט שוואַך און האסט קיין האַרץ ניט, זיינען אבער אַנדערע נאך שוואַכערע דא, מיט נאך ווייניקער האַרץ, און דו האסט כאטש פאר ווענען צו טאַינען, פאַר דיין שעפער, און יענע האבן שוין פאַר קיינעם, ווייל אלץ האבן זיי פארלארן, און קיינער הערט שוין זייערע טאַינעס ניט, און גיי און נעם אַף זיך, און אויב דו וועסט מיט דיין גאַנג עמעצן וויי טאן, וועסטו אבער מיט דיין

קומען פיל נוצן ברענגען, און די וועסט זען און פיל שוואַכע וועלן צו דיר נאָך אַ אייצע קומען, און נאָך דער אייצע וועלן אף דיר זייערע קערפּער און זייערע שוואַכקייטן אופהענגען, גיי...

אַזוי האָט מיר דער שעפער געזאָגט, און איך האָב דאָס אַף זיך גענומען און איך בין אין באַלקן אריינגעקומען. און דעם שעפערס וואָרט איז מעקוייעם געוואָרן — און דערפאַר, וואָס איך האָב מיין אייגענע שוואַכקייט גויוער געווען, האָב שוין פיל שוואַכע פון זייער צאַער און קערפּערס אויסגעלייזט... און אויך דיר אַצינד מיין אייצע: אָדער זיי ווי איך און שטאַרק זיך איבער, אָדער — איך און דער באַלקן זיינען פריי, און די קאָנסט טאָן אַזוי ווי אַלע שוואַכע...

און דער מענטש פאַרענדיקט דאָ פון זיין ווערק צו דערציילן און גיט צו: „און אָט וועגן דעם האַנדלט זיך אין ווערק, און דאָס האָב איך אייך נאָר אַ קליין שטיקל שטעלע געבראַכט, און וואָס דער מענטש האָט שוין דעם צוויקעלע געענטפערט, איז שוין ניט וויכטיק, ווייל דאָס ווערק ציט זיך לאַנג, און דער מענטש האָט געוויס צו זאָגן, און דאָס צוויקל ווידער — וואָס אָפּצופרעגן, דער איקער איז נאָר, וואָס דער מייוון, אָט דער, וואָס אין ווינקל זיצט, זיצט שוין לאַנג אַפן ווערק, און אייניקע מאָל האָט עס געלייענט, ער פאַרענדיקט און ער הויבט ווידער פונם אָנהויב אָן. און טאָמעד, ווען איך קום און שמועס מיט אים, האַלט ער אין איין טאַינען און דעם צוויקעלעס שעפער גערעכט נאָכגעבן: „מ׳מוז, און אייגענע שוואַכקייט דאַרף מען גויוער זיין, און נאָך אַ מאָל דאָס ווערק, זאָגט ער, טאָרסטו נישט פאַרלאָזן, און פיל און איבערפיל וועלן אין דעם אַן אָנהאַלט און אַ כיזעק געפינען".

— „און נו, און איך?" — אַז איך פרעג אים — „און אַז כ׳פיל, אַז ספאָרים שטיקן און שטיקן, און אַז כ׳פיל, אַז אויסער ספאָרים און אויסער פאַר עמעצנס שוואַכקייט זאָרגן איז נאָך עפּעס און עפּשער וויכטיקערס פאַראַן, און דאָס וויכטיקערע מאָנט און דאָס וויכטיקערע פאָדערט, און איך מוז דאָך דאָס ווען־ניט־איז באַפרידיקן?" — לאַכט דערויף דער מייוון און זאָגט, אַז אויך דאָס איז מיין שוואַכקייט, און באַפרידיקן וועל דאָס שוין נישט, ווי יענער מענטש פון ווערק מיינעם, וואָס האָט זיין גאַנץ פריי־ריקס פאַרלאָזט און האָט דעם נאָר אַ ליכטל איבערגעלאָזט, און דאָס ליכטל לאָזט אים נישט רוען, און אויך איך, זאָגט ער, וועל בעסער נישט

זיין, און אויך איך וועל קיין רו געפינען, און אַזוי שמועסן און טאַינען מיר וועגן דעם אָפּט, און דער מייוון איז שטאַרק און שטאַרקט מיך איבער. און זיין וואָרט און זיינע אָפּוועגדונגען קאָן איך אָפּט ניט ביישטיין...

און דער מענטש פאַרענדיקט דאָ זיין דערציילן און ווערט אַנשוויגן, און אויך דער גילגול מיט דעם באַטרונקענעם שווייגן און זאָגן אים גאָר־נישט, און דער מענטש ווערט באַ זיך אַראָפּגעפאַלן פון דעם, וואָס יענע דערווידערן גאָרנישט, און די גאַנצע צייט קוקט און וואַרט פון זיי, ווי ער מאָנט און וועקט אַ אינטערעס צו זיך און צו זיין דערציילן: —

— האַ, ווי מיינען זיי מיט די סאָפרים?

און דער באַטרונקענער שווייגט ווידער, און נאָר דער גילגול צעלאַכט זיך דאָ:

— כאַ־כאַ, — זאָגט ער, — כ'האָב דאָך שוין פריער געלאַכט, און ער האָט דאָך שוין איינמאָל געפרעגט און מ'האָט דאָך אים שוין געזאָגט איינמאָל:

אַרויסטרייבן!..

— און מיטן אייגענעם ווערק, און מיטן אייגענעם מייוון? — פרעגט דער מענטש ווי פאַרשעמט און שוין מיט אַ טאָן אַ געשלאָגענעם.

און דער באַטרונקענער שווייגט אַלץ, און דער גילגול גיט זיך דאָ פלוצלינג אַן אומגעדולדיקער פון זיין בענקל אַ הויב, אַ הויב, און אַ זעץ צוריק אַנידער, און צווישן אומגעדולדיקן הויב און אַנידערזעצן־זיך טוט ער אַ זאָג מיט בייזער:

— וואָס מיינט ער, דער מענטש, שפּינוועבס איז מאַמאָשעס? יאָ, געוויס, דער שפּין טוט זיין זאַך, און די שפּין־ראָד איז קונסט און, קלוימערשט, עקזיסטירט זי. און אַ ראַיע — דער שפּין: ער זיצט אינדער־מיט, און ווי קליין, העסלעך און ווערעמיק־פּיסיק ער זאָל ניט זיין, איז דאָך וויי דער פליג, וואָס האָט אין זיין ראָד געטראָפן. דער פליג... אָבער וואָס האָט דער מענטש מיטן שפּין? און וואָס איז אים זיין קונסט, אַז מיט איין מאָל און מיט איין בלאָז מאַכט ער זי כאָרעוו? און ער, דער, וואָס זיצט אים אַנקעגן און פרעגט אים צום שפּין אַ אייצע, איז דאָך נאָר ראַכמאָנעס־ווערט און לעכערלעך.

— וואָס מיינט ער מיט דעם שפּין? — פאַרוואונדערט זיך און פאַר־שטייט נישט דער מענטש.

— טאַקע אים, דעם מענטשן, אַליין, מיט זיין נישטיקן פּלאָנטער, מיט זיין ווערק און מיט זיין מייוון, און מיט זיין גאַנצן האַק־און פּאַק נאַרישקייט,— ענטפערט דער גילגל.

— וואָס הייסט? — פרעגט דער מענטש נאָך א מאָל.

— וואָס הייסט „וואָס הייסט?" — בייזערט זיך שוין שטאַרק און אַף אַ קאָל דער גילגל,— וואָס פאַר אַ נאַרישקייט רעדט זיין מייוון, און וואָס פאַר אַ פליג וועט צו דער געפייגערטער נאָך א אייצע און נאָך שטאַרקייט קומען, און ווען י א קומען — וואָס קאָן איר העלפן די געפייגערטע? און די מאַיסע מיטן צוויאָק איז דאָך מער ניט ווי אַ מאַיסע, ווייל וואָס פאַר אַן אַנדער ברייררע האָט דען דער צוויאָק, אויב ניט מיט זיין אָן־בריירעדיקער טרייסט זיך טרייסטן? ער שטעקט דאָך שוין...

און אויך גערעכט איז ער: אַפן צוויאָק קאָן דאָך ווער ווען זיך נאָך הענגען, אָבער אַף אים, אַפן מענטשנס ווערק, וואָס?..

און דער צוויאָק האָט דאָך לעסאָף נאָר ביטערן שפּאַס געטריבן און נאָר מיט אַ שיקער און מיט אַ שוואַכן אַזוינע רייד געקאָנט רעדן...

און וואָס לאָזט זיך דער מענטש פון זיין מייוון איינרעדן, און איז דען איין געזונטער געפּיל זיינער נישט טייערער פון אָט די אַלע מעווינים?..

און, אַדעראַבע, זאָל ער אַליין זען,— זאָגט דער גילגל און ווייזט דאַן דעם מענטשן אַף דער זאַל און אף די טישן און אף די איינגעבויגענע מעווינים און סאָפרים באַ די טישן.

און דער מענטש פאָלגט און טוט אַף דער זאַל א קוק, און — עמעס: און אלע ווייזן אים פלוצלינג עפּעס איבעריקלעך און פרעמדלעך אויס, און די גאַנצע זאַך מיט די מעגילעס איז ניט ווי זיינע, און קיינער פון אָט די סאָפרים גייט אים נישט אָן, און אומזיסט, טראַכט ער, האַלט ער זיי דאָ, און אומזיסט פאַרברענגט ער דא די צייט מיט זיי צוזאַמען, און אַלע זיי זיינען אָפּגעלעבט, און אלע געדונגען אף אמאָליקס און געוועזנס צו פאַריכטן, און ער אַליין קער זיך גאָרניט אָן מיט יענעם, קיין שאַיכעס און מיט ג אָ ר נ י ש ט נישט געבונדן...— און ער ווענדט זיין בליק פון דער זאַל אָפּ, און ער שטעלט אים אַפן גילגל אָן, און ווי ער ווענדט זיך נאָך אַ אייצע און נאָך א לעצט וואָרט דאַן צום גילגל.

און דער גילגל פאַרשטייט דעם מענטשנס בליק, און אז ער איז גרייט, און אז ער וועט אלק, וואס ער וועט אים פאָרלייגן, איצט פאָלגן,

און אום צו איבערצייגן זיך און פעסט צו זיין אין זיין זיכערקייט, ווענדט זיך מיט איין וואָרט נאָך און נאָך מיט א שטומער פראַגע צום מענטשן:

— האַ?

— יאָ, — איז דער מענטש שטיל און ווי מיט מוז דאַן מוידע, — און נו?

— און „נו?" — זאָגט דער גילגל צופרידן; — איז צום אַלעם ערשטן, פון אָט די אַלע פאָטער ווערן.

— ווי אַזוי? און ווי מאַכט מען עס?

— לייכט, — זאָגט דער גילגל, און ער ווענדט זיך צום דריטן בייזיי־ענדיקן, צום באַטרונקענעם, וואָס איז די גאַנצע צייט שטיל, אופגעהאַלטן און ווי א זייטיקער געזעסן, אין די רייד זיך נישט געמישט און דאָך דעם גאַנצן שמועס מיט אויער און געהער בייגעוועזן — האַ, פריינט, ווי מיינסטו, אַיאָ, די סטעליע?

— די סטעליע? אַוואַדע די סטעליע! — כאַפּט זיך דער באַטרונקע־נער צום גילגלס וואָרט, ווי צו זיינעם א וואָרט און צו זיינער אַ אייצע.

און דער באַטרונקענער און צוזאַמען מיט אים דער מענטש און דער גילגל נעמען אַלע און הויבן די אויגן מיטאַמאָל צו דער סטעליע אויף, און איידער דער מענטש רירט זיך נאָך, אזוי איז שוין דער גילגל אַפן טיש פונויבן, און זיי, ער מיטן באַטרונקענעם, מיטן גילגל, און דער גילגל מאַכט שוין מיט די הענט עפּעס, און פון דער סטעליע, וואס איז א גאַנצע און אף דער גאַנצער זאַל געדעקט, נעמט זיך איינער אַן עק, עפּעס ווי א מעגילע וויקלען און פאַמעלעך־פאַמעלעכן און וואָס אַמאָל מער און מער אין איין זייט אַריין זיך פאַרוויקלען...

און די סאָפרים זיצן און ווייסן ניט וואס אויבן טוט זיך, אָבער פאַר די דריי — פאַרן מענטש, פאַרן באַטרונקענעם און פאַרן גילגל — איז שוין אין איין איינציקע מינוט די סטעליע נישטאָ, און אַפן קאָפּ פון זאַל איז שוין דער אינדרויסן; און אינדרויסן איז נאַכט, און פונקט איבער דער זאַל אַנקעגן איז דער הימל, און א פולע ליכטיקע און העלע לעוואָנע אין הימל, און אונטער דער לעוואָנע גייען הויך און רירעוודיק הין־און הער וואָלקנס אום...

און סאָפּרים זיצן איינגעבויגן און א צייט באַמערקן ניט וואס איבער זיי, אָבער די לופט און דער דרויסן מאַכן באַלד איינעמס אַ סויפּערס רוקן פּרעסטלען און ער מוז זיך פון דער מעגילע אופּהויבן, דעם רוקן אויסגלייכן און ארופּקוקן, זען, פונוואַנען בלאָזט עס און פונוואַנען קומט די קעלט פּלוצלינג...

און ער הויבט די אויגן אוף, קוקט און זעט קיין סטעליע ניט, און אַפן אָרט פון סטעליע — דרויסן, אָבער ער גלויבט די אויגן ניט, קוקט לאַנג און נאַרישעוואַטע, וואָרום, בעעמעס, ווי קומט דער דרויסן אין זאַל פּלוצלינג?..

און נאָכן ערשטן סויפער דערפילן די קעלט אויך די אנדערע, און אויך די אַנדערע רייסן זיך פון דער אַרבעט אָפּ, און איינער צום צווייטן, און איין טישל מיטן אַנדערן קוקן זיך איבער, און זייער אַרבעט איז געשטערט, און אלע האַלטן די אויגן ארוף געווענדט, און דאס נישט-בלייבן פון דער סטעליע, נעמען זיי נישט אָן, און קיינעם פאַלט עס אין זינען גאָרנישט איין, און ביז אויך דער לעצטער מייוון, און ביז אויך יענער הויבט די אויגן אוף, און ער צוזאַמען מיט אלע רייבן שוין די הענט פאַר קעלט, ווייל א ווינט האט אונטער דער לעוואָנע א גרויסן טונקעלן וואָלקן געבראַכט, און די לעוואָנע איז אונטערן וואָלקן מיט א קעלט ארונטער...

און מיטאַמאָל, און אז דער וואָלקן גייט אריבער און די לעוואָנע — אַרויס, אזוי דערזעט זי איינער, דערשרעקט זיך און שרייט אויס אף א קאָל: „זעט... אינדרויסן! זעט, און וואָס איז דאס מיט דער סטעליע פּלוצלינג?..."

און אלע בלייבן פאַרגאַפט און מיט סאָפּרישע טמימעס, מיט פרומע אויגן און מיט שאָפענע בערד צום הימל פאַריסן, און די לעוואָנע איז פול, און דער לעוואָנע-מענטש כויזעק, און ער קוקט מיט שפּאָט אף די צו אים ארופקוקנדיקע פון זאַל.

און מיטאַמאָל, און אז א צווייטער וואָלקן גייט אונטער לעוואָנע אונטער, איז — צי ס'ווייזט זיך אויס די סאָפרים, צי ס'איז טאַקע אזוי — נאָר פּלוצלינג דערפילן אלע, ווי דער וואָלקן וואָלט אף זיי וואַסער געגאָסן, און נישט אליין דער וואָלקן, נאָר ווי אונטער אים וואָלטן מענטשן געשטאַנען און פון אויבן אַראָפּ זייערפיס - וואַסער געלאָזט...

און די סאָפּרים בלייבן פאַרשעמט און אין פאַרשעמטקייט קאָנען נישט זאָגן גאָרנישט, און אַלע נעמען נאָר די פאַרנעצטע פּענעמער פון אַרופּ־קוקן צו, און — לאָזן זיי אַראָפּ. און זיי קוקן זיך ארום און זיי זוכן אַן אַרויסגאַנג, אַ טיר, וואָס פירט פון זאַל אַרויס; און דאַן, און איינער געפינט די טיר און גייט דער ערשטער אַראָפּ, און נאָך אים נאָך און נאָך, און ס'געשעט שטיל, און קיינער רעדט נישט גאָרנישט בעאייסן אַרויסגאַנג, און ביז אויך די לעצטע און די פאַרשעמטסטע קומען צו און זיי וואַרטן אַף זייער ריי אום די לעצטע די זאַל צו פאַרלאָזן...

און דער מענטש, דער גילגל און דער באַטרונקענער בלייבן אַף זייער אָרט, אַפּן טיש, וואו זיי זיינען פריער געשטאַנען, שטיין, און דאָס, וואָס זיי זעען, וואָס מיט די סאָפּרים קומט פאָר, ווירקט אַף זיי פאַרשיידן: און דער מענטש ווערט טרויעריק, און אַ גרויסע בושע איז אים פאַר זיך, און „ווי האָט ער אַזוינס געשען געלאָזט?" און דער באַטרונקענער זיין עטוואָס גלייכגילטיקער, ווייל צום גילגל איז ער שוין געוואוינט און אייניקע פּראָבן און עטוואָס ענלעכס האָט ער שוין מיט אים דורכ־געמאַכט, און דער גילגל אַליין איז פריילעך זייער און בעשאַס די סאָפּ־רים גייען אַפּ, שווייגט ער, אָבער אַז דער לעצטער און דער פאַרשעמט־סטער פאַרשווינדט, אַזוי שיסט ער אויס מיט אַ געלעכטער אַ פריילעכן: „אָט אַזוי און נאָר אַזוי דאַרף מען טאָן מיט סאָפּרים", — און ער לאַכט ווייטער און ער קאַטשעט זיך פון געלעכטער, און דער מענטש קוקט אַף אים, און אַ בייזקייט קומט אים אין פּאָנעם, און דאָס בייזקייט, זעט מען, פאַרפולט אויך זיין אינעווייניק, און עס קומט אים לעסאָף אויך אַף די ליפּן דאָס בייזע: — וואָס לאַכט ער אַזוי, און וואָס טוט אים אַזוי האַנאָע, דעם גילגל? און דער גילגל הערט נישט אוף צו לאַכן, אָבער אינעווייניק, זעט מען, וויל ער זיך באַהערשן, אום דעם מענטשן נישט צו דעראַגזענען, און אַף וויפל ער קאָן, מאַכט ער אַ פּאָנעם אַן ערנסט, האַלט זיך אוף אַ פאָר מינוט און שיסט ווידער אויס.

און דער מענטש איז פאַרשעמט און ערגערלעך זעט ער אויס, און דער באַטרונקענער — גלייכגילטיק און ווי ער וואַרט אַף וואָס ווייטער וועט געשען, און דער גילגל לאָזט לאַנג ניט וואַרטן און זאָגט:

— און דאָס איז שפּאַס, פאַרשטייט זיך, און קיין בייז האָט ער ניט געמיינט, אָבער אויב דער מענטש מיינט, אַז ס'איז אַנדערש מעגלעך,

האָט ער אַ טאָעס: אַזוי מוז מען טאָן אַמאָל און ס'איז צו געזונט, און פון זיך אַליין אַמאָל אַ לאַך טאָן, שאַדט נישט, בּיפראַט אַז ס'איז דאָ פון וואָס צו לאַכן... און לאַנג האָט דער מענטש מיט זיינע סאָפּרים און טמימעס געלעבט, און אַנדערש וואָלט דערפון נישט פּאָטער געוואָרן... און זאָל ער זען: אַפן אָרט פון דער סטעליע — אַ הימל. אָנשטאָט שאָ־פענע סאָפּרים — דער לעוואָנע־מאַן און דער קיילעכיקער קלוגער, און אַפן אָרט פון שטויב — ספאָרים און מעגילעס, אַ גאַנצע וועלט פּאַר זיך אָפן...

— און וואָס האָבן מיר פון דער וועלט? — פאַלט דער מענטש דאָ דעם גילגל אין די רייד אַריין.

— געדולד, — ענטפערט דער גילגל, — און וואַרט, און באַלד... און אַפן וועג צום געפינען, מוז מען אויך עפּעס פאַרלירן.

— און נו? — פרעגט דער מענטש, — און וואָס שטייען מיר אַפן טיש ווי מאַרשאַליקעס; וואָס געפינען מיר און וואָס פאַרלירן דאָ?

און דער גילגל נעמט זיך עפּעס צוויילן דאַן, ער זאָגט ניט און פאַרלירט קיין וואָרט ניט מער, נאָר עפּעס נעמט ער פריער זיך אַליין צוגרייטן מיט עפּעס האַוואַיעס און מיט באַוועגונגען מעשונענע, און דערנאָך, אַז ער איז מיט זיך פאַרטיק, נעמט ער זיך צו יענע ביידע: און ער קומט און עפּעס פּרואווט ער זיי אונטער די פּאַכוועס פריער, דערנאָך בויגט זיך צו זייערע פיס צו און טוט עפּעס באַ די ליטקעס זייערע, און דאַן, אַז אַלץ איז גרייט און באַשטימט צום גילגלס ווילן, אַזוי באַקומט ער עפּעס א פּאָר מאַשקע־פלאַשן פון ערגעץ, שטעקט איין פלאַש — איינעם אין דער טאַש אַריין, און דעם צווייטן — די צווייטע פלאַש, ווי ער באַזאָרגט זיי און באַוואָרנט זיי און ווי אַף אַ רייזע מיט שיקער־שפּייז פאַרגרייט זיי, און דאַן, און אַז אויך דאָס איז אָפּגעטאָן, אַזוי טוט ער זיך אַליין אינדערלופטן אַ הויב, און יענע צוויי — לאָזט אַפן טיש איבער...

און דער דרויסן איז דעמאָלט ליכטיק, ווייל די וואָלקן האָבן אָפּגע־צויגן און די לעוואָנע אַ פרייע געלאָזט, און באַלד נאָך זיין אופהויבן זיך, באַמערקט מען אים שוין אויבן און הויך אַרופשוועבן, און ער צילט אַרוף, און זיין ציל איז די לעוואָנע, און ער קוקט זיך אַף אונטן ניט אום, און וואָס אַמאָל ווערט ער קלענער און קלענער אונטער דער

לעוואָנעס אָנזען, און ביז לעסאָף זעט שוין ווי אַ פּיצל מענטשעלע און ווי אַ קליין נייפּעלע אויס; און דאַן קערעוועט ער זיך אַף צוריקוועגס אויס, זעט, ווי יענע זיינען נאָך הינטן געבליבן, און פון אָרט, פון זאַל און פון טיש אין זאל נאָך נישט גערירט, און ער ווענדט זיך דאַן מיט אַ קאָל צו זיי, און כאָטש ער איז ווייט און הויך שוין שטאַרק, און יענע נאָך אונטן, און דאָך הערן זיי יעדער וואָרט פון זיין רופן, און ער רופט, און ער מאַכט מיט די הענט צו זיי:

— אַרוף! אַרוף! און וואָס שטייט איר, און וואָס פאַרהאַלט איר זיך דאָרט אַזוי לאַנג...

און יענע פּרואוון זיך, און מיט דעם אַרונטערגעלייגטן און דורך דעם גילגל אָפּגעטאָנענעם אונטער די פּאַכוועס און ליטקעס זייערע ווילן זיך אַ הויב טאָן, אָבער דאָס הויבן געלינגט זיי ניט און זיי זיינען ווי אָנפליגלדיק און אומבאַהאָלפן און קאָנען גאָרנישט מאַכן.

און דער גילגל דערזעט עס און ער באַמיט זיך פון אויבן און פון זיין אָרט זיי העלפן, און מע זעט, אַז עפּעס שטרענגט ער זיך אָן, און ווי ער דערלאַנגט זיי עפּעס און מיט אַלע קויכעס זעט זיי צו פאַרגרינגערן, און דעם גילגלס אָנשטרענגונג געלינגט אים יאָ, און אויך דער מענטש און דער באַטרונקענער זיינען שוין אויבן.

און דער גילגל וואַרט זיי אויס און ביז יענע וועלן אַרוף און צו אים אונטערפליען, און יענע קומט עס נישט אָן לייכט, און פון נישט געוואוינטקייט אַרבעטן מיט די הענט און מיט די פיס איבעריקס, און אַז זיי קומען לעסאָף אין דער נאָענט צום גילגל, זעען זיי שוין שטאַרק מידע אויס און ווי ס׳פעלט זיי אָטעם אַף ווייטער; — און דאַן, און דער גילגל הייסט זיי פון די טאַשן די פלאַשן אַרויסנעמען, אין מויל אַריין נעמען און זיך קרעפּטיקן פון געטראַנק, און יענע פאָלגן, און יעדער נעמט שוועבנדיק די פלאַש אַרויס, עפנט און טרינקט דאָרשטיק, און אַזוי, און די קויכעס באַנייען זיי זיך, און זיי זיינען שוין גרייט און געקרעפּטיקט צום גילגלס אָרט אונטערצוקומען און אויך פון מיט אים ווייטער פליען נישט אָפּשטיין.

איז דאָס אַזוי: און דער גילגל פליט פאָרויס און יענע הינטער אים, און די לעוואָנע איז זיי שוין פאַרביי, און אָט פליען שוין העכער איר, און אַזוי האַלטן זיך אַ צייט—דער גילגל צוערשט און הינטער אים יענע.

און וואָלט מען זיי פון אונטן און פון אונזער ערד געקענט זען, וואָלטן זיי דעמאָלט שוין קליין און ווי שוועלבעלעך אויסגעזען. האָט זיי אָבער קיינער ניט געזען, און זיי שוין — די ערד ניט.

און מיט וואָס פאַר אַ קויעך זיי האָבן זיך אַזוי הויך און לאַנג גע־האַלטן, צי פון דער מאַשקע, צי פון גילגלס קויעך אַנטליענעם, איז ניט צו זאָגן, נאָר דעם קויעך האָבן זיי געהאַט, און אַז זיי זיינען אָפּגע־שטאַנען אַף אַ ווײַלע, האָט זיך דער גילגל אומגעקוקט און זיי אויסגע־וואַרט, און אַז ס'איז זיי מוט אויסגעפאַלן, האָט יענער זיי אים אונטער־געגעבן, מיט אַ רוף, צי מיט אַ וואונק נאָר אינדערלופטן, און ביז ס'איז נאָר מעגלעך געווען האָט ער זיי געוואונקען און גערופן פון צייט צו צייט...

נאָר אָט האָבן זיי שוין צו אַזאַ הויך דערגרייכט, וואָס ווינקען און רופן העלפט שוין נישט, און דאָרט מוז מען זיך שוין אליין העלפן, און נאָר אין אייגענעם פליען מוט און קראַפט קריגן; ווייל שרעק־לעך איז דאָרט די הויך און נאָך שרעקלעכער דער אָפּגרונט, און איןביידע איז געפאַר, און פון ביידע געפאַרן קלויבט מען שוין בעמיילע די הויך דאַן אויס, און דאָס זיינען זיי פון אונזער ערד און פון איר לופט־רע־שוס אַרויס, און אין אַ נייעם און אין אַן אומבאַקאַנטן אָנגעקומען, און באַלד האָט זיך פאַר זיי אַ גרויסע און אומגעהויערע ליכט־ראָד באַוויזן, אַ רעגנבויגן־ראָד, וואָס האַלב פון איר איז פון האָריזאָנט צו האָריזאָנט אָנגעזען געווען, און די אַנדערע האַלב פאַרשטעלט און נישט אָנצוזען...

און פאַרשטאַנען האָבן זיי, אַז דאָס איז דער ערד־גאַלגל פאַר זיי, און דער גילגל, דעם גאַלגל דערזעענדיק, האָט אַרוף צו אים, צו דער מיט און צו סאַמע זיין הויך זיך געלאָזט, און דער מענטש און דער באַ־טרונקענער — נאָך אים, און אַ צייט זיינען זיי געפלויגן צו יענער הויך, און ביז לעסאָף און זיי זיינען אַהין אָנגעקומען...

און אַז צוגעפלויגן, האָבן זיי פאַר זיך פונקט אין דער מיט ראָד עפּעס צוויי הוידעלקעס הענגען דערזען, צו צוויי שטריק פון בויגן־באַלקן אַראָפּגעלאָזט, און אונטן און צום פארייניקן די שטריק — איז אַ שטעקן צום זעצן זיך אָנגעבונדן געווען...

און דער גילגל האָט באַלד דעם מענטשן מיט דעם באַטרונקענעם אַף די הוידעלקעס אָנגעוויזן, און יענע זיינען צו די שטעקנס צו און זיך

גלייך פאַר זיי אָנגעכאַפּט, ארוף, און זיך אַנידערגעזעצט און מיט די הענט זיך פאר די זייטן־שטריק אָנגענומען...

האָבן זיי אויסגעזען באַלד, ווי צוויי קונצנמאַכער אין א קונצן־הויז אונטער אַ סטעליע אַ הויכער און — אַ וואונדער! — און באַלד האָט אויך טאַקע זייער אָנטאָן און זייערע קליידער אַ קונצן־קאָליר באַקומען, און גרינג איז דאָס געווען און צום לייב געפּאַסט, און קיין איבעריקס זאָל זיי ניט שטערן, און גארניט זאָל זיך זיי ניט נאָכשלעפּן...

און אַז דער גילגל האָט זיי מיט די ערטער באַזאָרגט, האָט ער שוין אַזוי ווי אַ האַלבע ארבעט זיינע אָפּגעטאָן, און ער האָט זיי נאָך באַקוקט אַ ווײַלע, ווי זיי זעען אויס און ווי זיי האַלטן זיך, און ער האָט אַלץ דאַן פאַר גוט און פאַר רעכטפאַרטיק געפונען, און יענע האָבן זיך פאַר די שטריק געהאַלטן און פאַמעלעך־פאַמעלעכן זיך נאָר געהוידעט, אָפּ־געררוט און זיך ארומגעקוקט און איינס מיטן אַנדערן שטיל און זיך מיט אייניקע ווערטער נאָר איבערגעוואָרפן, ווי קונצנמאַכער און ברעכער פאַר דער שפּיל און פאַר די קונצן זייערע באַווייזן...

און דער גילגל האָט דאַן געטאָן, און ער האָט זיי אַף זייערע ערטער געלאָזן, און אַליין האָט זיך מיטאַמאָל און מיט קאָפּ אראָפּ, ווי אַ שווערס און אַ פאַלנדיקס, אַף אַראָפּ ערגעץ אַראָפּגעלאָזט.

און געזען האָבן דער מענטש און דער באַטרונקענער, אַז דער גילגל פאַלט געשווינד, אָבער פאַר זיין פאַלן האָבן זיי קיין מוירע ניט געהאַט און פאַרן זיין ניט זיך שעדיקן זיינען זיי זיכער געווען; ווייל געזען האָבן זיי, אַז אַ גרויסער היימישער איז ער מיט זיך אַליין און מיט זיינע מעגלעכקייטן, און די גרענעצן פון מעגלעכס, האָבן זיי געפילט, וועט ער ניט אריבערטרעטן, און דערפאַר, וואָס ער נעמט אונטער, וועט ער אויספירן זיכער...

האָבן זיי דערום אין זיין קויעך געגלויבט, אין זיין קויעך פון פאַלן, ווי אין זיין קויעך פון פליען.

און פון יענעם קויעך האָט ער זיי דאָך אַ טייל געגעבן, און די מאַכט פון פליען האָבן זיי איצט, שוין אַף די הוידעלקעס זיצנדיק, דאָך נאָך אין די ביינער געפילט...

האָבן זיי אים נאָכגעקוקט, און פּלוצלינג, און דערזען האָבן זיי, ווי דער גילגל האָט זיך אונטן ווי אין עפּעס אָנגעשלאָגן, אָנגעשלאָגן און

צוריק ווי אַ גומי־זאַך אָפּגעשפּרונגען, און שטיין איז געבליבן, און דער קלאַפּ האָט אים ניט געשאַדט.

און אַראָפּגעקוקט האָבן זיי און געזעען, אַז אַ שרעקלעכער מעהאַלעך טייַ'ט זיי אָפּ פונם גילגל, און דאָך — אַ וואונדער! — זיי זעען אים! ווי קליין ער איז און ווי ווייט, און דאָך, ווי ער וואָלט גאָר נאָענט און נישט ווייט פון זיי זיך געפינען...

און אופגעשטעלט האָט זיך דאַן דער גילגל און דעם קאָפּ אַרויף אופגעהויבן, ווי צו זען, צי זעען זיי אים, און צו איבערצייגן זיך, אַז דאָס, וואָס ער וועט דאָרט טאָן, וועט צו זייער אויג און אויער דערגרייכן... האָט ער זיך, ווייזט אויס, איבערצייגט.

און פּלוצלינג, און באַמערקט האָבן יענע, ווי באַם גילגל אין דער האַנט האָט זיך עפּעס אַ פידל באַוויזן, און גענומען האָט ער אים ווי אַ קלעזמער אַ קינסטלער, מיט אַ געניטער האַנט און אים צו זיין באָרד צוגעטראָגן, און מיט דער צווייטער, און מיטן בויגן אין דער צווייטער, האָט די ערשטע פּרוּוו און די ערשטע טענער אַרויסרופן גענומען...

און נאָך געזעען האָבן זיי, ווי דער גילגל האָט איצט אַן עכט הינטיש פּאָנעם באַקומען, מיט אַ הינטישן פונהינטן, און די פיס, וואָס ער האָט זיך אַף זיי געהאַלטן, זיינען הינטישע געוועזן, און דער פידל אין זיינע הענט האָט ווי אין די הענט פון אַ הונט אויסגעזעען. און דאַן, און אַז דער גילגל האָט זיין פידל ריכטיק און זיינע סטרונעס אָנגעשטעלט געטראָפן, און אַז ער האָט געזעען, אַז אַלץ, וואָס ער וועט וועלן, וועט איצט באַם פידל פּויעלן, און אַז אַלץ, וואָס ער האָט צו זאָגן — וועט דער פידל פאַר אים, האָט ער אים דעמאָלט פון אונטער דער באָרד צוגענומען, דעם קאָפּ אופגעהויבן און צו די פונויבן־זיצנדיקע — צום מינטשן און צום באַטרונקענעם, אַרופגערופן, אַרופגערופן און אויסגעשריגן:

„הערט, וואָס איך וועל אייך דאָ שפּילן, איר דאָרט אַף די הוידעלקעס!"

און ער האָט באַלד דעם פידל ווי מ'דאַרף שוין גענומען און אָנגעהויבן:

פּויער שטיל און דערנאָך העכער, און די פונויבן־זיצנדיקע האָבן זיך איינגעהערט און פּאַמעלעך־פּאַמעלעך האָבן זיך אין די הוידעלקעס

פֿאַרגעסן, מיט די הענט זיך פֿאַר די זייטן־שטריק געהאַלטן, אָבער מיט די קעפּ און קערפּער, מיט אויערן און געהער זיינען זיי ווי אונטן, בײַ דעם גילגל געווען.

און דער גילגל האָט געשפּילט און געפֿירט און עפּעס אַ גרויסן פּלאַץ האָט פֿאַר זיי געעפֿנט, און אינמיטן גרויסן פּלאַץ איז אַ לאַנגע גאַס אויסגעפּלאַסטערט געווען, און די גאַס איז ליידיק און אופֿגעראַמט און קיינעם איז נישט צו זען אַף איר, נאָר אַליין דעם פּלאַסטער פֿון זאַמד און שטיינדלעך קלאָר־ברוקירט.

און אַ מינוט גייט פֿאַרביי, און פֿון ביידע זייטן פֿון פּלאַץ עפּעס מענטשן באַווייזן זיך, אָרעם און אָפּגעריסענע, און פֿון ביידע זייטן פֿון גאַס קומען צו און זיי לאָזן זיך אַראָפּ און זעצן זיך אויס אַף ביידע זייטן: אָפּגעטראָטן און איינס פֿון אַנדערן אַביסל דערווייטערט, און אַלע באַקומען עפּעס שיסעלעך פֿון אונטער די קליידער, און איניקע שטעלן זייערע שיסעלעך לעבן זיך אַף דער ערד אַוועק, און אַנדערע נעמען זיי אין די הענט אריין — אַף בעטלען...

און גלייך צו זען איז דאַן, אַז בעטלער זיינען טאַקע די מענטשן, און דאָס זיינען זיי זיך צונויפֿגעקומען צו עמעצנס א רייכנס דורכפֿאָרן אָדער צופֿוס־דורכגיין...

און בעעמעס, און באַלד פֿון דער אָנהויב גאַס איינער אַ מאַן באַווייזט זיך, רואיק און פֿיל כּסאָדים פֿאַר די אָרעמע, מיט אַ שטאַלט און רייך אויסזען, און ער טראָגט מיט זיך אַ טאָרבע אַף טיילן; און ער טוט איניקע טריט, און גלייך דערזעט מען, ווי פֿאַר אַלע וואַרטנדיקע האָט ער ווי דאָס געוואונשענע געבראַכט, און אַז אַף אים טאַקע האָבן זיי געוואַרט אַלע; און ער טוט נאָך איניקע טריט, און ביז ער קומט שוין צו די מענטשן צו, און ער נעמט פֿון איינעם צום אַנדערן צוגיין, זיך צו יעדן אָנבויגן און יעדן פֿון דער טאָרבע אין דעם דערלאַנגטן שיסעלע עפּעס אַריינלייגן, און אַזוי פֿון איינעם צו איינעם אַף איין זייט גאַס, און באַלד צו די אָרעמע אַף דער צווייטער זייט גייט איבער, און ביז ער גייט ביידע רייען פֿאַרביי, און ביז ער באַפֿרידיקט מיט נעדאָווּעס אַלע...

און די אָרעמע שווייגן דאַן שטיל, און די אָפּגעריסענע דערלאַנגען די שיסלעך מיט קאָוועד, און אַ שטילער דערעכערעץ פֿילט זיך, און אַ

קאַפּצן־מורמל גייט פון מויל צו מויל און פון ריי צו ריי בעשאַס דעם רייכנס טיילן, און ביז ער פאַרענדיקט און ביז ער פאַרטיילט אַלעמען.

און דאַן, און אַז דער רייכער גייט אָפּ און די קאַפּצאָנים הינטן בלייבן, און אַלע קוקן זיך אַרום און דערזעען דאָס געגעבענע אין די שיסעלעך, אַזוי טיילן זיך אייניקע פון די רייען אויס — קרומע, שטומע און לאָמע — און עפּעס זיינען זיי ווי באַליידיקט און ווי אין זייערע האָפענונגען און געוואַרטן אָפּגענאַרט, און זיי רוקן זייערע נישטיקע נעדאָוועס די אנדערע אָרעמע אונטער די נעזער און אונטער די אויגן אונטער:

„און זאָל מען זען, וואָס מ'שטיינס געזאָגט מ'האָט באַקומען"...

און אויך די אַנדערע און די איבעריקע זיינען נישט צופרידן, און דאָס נישט־צופרידנקייט מערט זיך, און אַלע קאַפּצאָנים נעמען זיך אין איין בינטל צונויף און עפּעס ווי אַ געדראַנג און א געמיש ווערט אין בינטל...

און מיטאַמאָל — און איינער פון זיי הויבט זיין האַנט מיט זיין שיסעלע אינדערלופטן, און דאָס שיסעלע פליט גלייך צו דעם רייכנס אָפּגייענדיקע פּלייצע און רוקן, און נאָכן ערשטן שיסעלע פליט אַ צווייטס, און נאָכן צווייטס אַ דריטס, און אַלע שיסעלעך מיט אַלע נעדאָוועס פליען, און דער מאַן ווערט באַשאָטן, און דער מאַן ווערט באהאָגלט, און ער בויגט זיך איין, בויגט זיך אונטער דעם האָגל, און באַלד נאָכן איינבויגן זיך, בלייבט ניט און ווערט ווי אין דער ערד פאַרשוואונדן, און אַפּן אָרט זיינעם, דאָרט, וואו אַלע שיסעלעך זיינען אָנגעוואָרפן געוואָרן, קומען זיך צונויף און לויפן זיך אָן די קאַפּצאָנים אַלע, און אַלע אַף זיין קייווער און אַלע אַף זיין באַגרעבעניש טאַנצן — טאַנצן, קוליען זיך און ברעכן זיך, — איינס מיטן אַנדערן, איינס איבערן אַנדערן, און יעדער מיט יעדערן, און אַלע מיט אַלע, ביז מיטאַמאָל, און ביז קיינער פון זיי בלייבט נישט און ביז אַלע דאָרט פאַרשווינדן, און ס'בלייבט די גאַס אייניקע מינוטן שטיל, ווי גאָרנישט נישט געווען, און ווידער איז קיינעם נישט צו זען, אויסער די שטיינער און דעם ברוק ברוקירט, און ס'גייען נאָך אייניקע מינוטן אַוועק, און דאָס בילד דאַן בייט זיך:

די גאַס איז דיזעלבע, נאָר אַפּן אָרט פון די פריערדיקע פ י ל קאַפּצאָנים, זיצט איצט נאָר א י נ ע ר, און אָנגעטאָן איז ער אָרעם, און אויסזען זעט אָפּגעשליסן, און צו דערקענען איז אין אים דעם פריערדיקן רייכן,

וואָס איצט איז אָפּגעקומען און איינער און איינאַוינאַיינציקער אַפּן וועג איצט זיצט און אַף באגליקערס און אַף נעדאָוועס־שענקער וואַרט...

און ער וואַרט ניט לאַנג, און באַלד באַווייזן זיך טאַקע פּיל רייכע און בעקאָוועדיקע לייט פון דער גאַס אָנקומען, פון דעם אָרט, פונוואַנען פריער ער, און איצט קומען יענע אָן.

און ער האַלט זיין שיסעלע אָנגעשטעלט, און יעדער רייכער, וואָס גייט פאַרביי, בויגט זיך צו אים אָן און שענקט עפּעס, און די רייכע זעען פול ווירדע און צופרידן אויס בעאייסן שענקן, און דאָס שיסעלע פונם איינעם ווערט פול, פולער און פולער, און ביז די לעצטע נעדאָ־וועס, וואָס דער איינער באַקומט, גייט שוין דאָס שיסעלע איבער, און ער קאָן זיי נישט אָנעמען און לאָזט זיי שוין אַף דער ערד זיך וואַרפן...

און אַז די נעדאָוועס נעמען זיך אויס, און אַז אַלע רייכע זיינען שוין פאַרביי, און דער איינער בלייבט אַליין מיט זיין געשענקטן — אַזוי טוט ער באַלד אַף די רייכע א קוק, ווי יענע זיינען אַלע אין צופרידנקייט אָפּגעגאַן, און אים דאָ אַליין און נאָר מיט די מאַטבייעס און מיטן ביסל אָנגעזאַמלטן געלאָזן, אַזוי שטעלט ער זיך אויף און האַלט די אויגן צו זייערע רייכע און אָפּגייענדיקע פּלייצעס געווענדט, און א קאַעס נעמט אים אָן, ער קערט דאָס שיסלע מיט די מאַטבייעס אין זיין איינער האַנט איבער. און באַלד פליען די האַנטמאַטבייעס אין דעם ערשטנס פּלייצעס פון די רייכע, און נאָך א מאָל קערט דאָס שיסעלע, און — א וואונדער! — כאָטש ס׳איז שוין איין מאָל אויסגעליידיקט געווען, דאָך, באַם נאָכאַמאָל איבערקערן, גיט עס אים נאָך מאַטבייעס, און די ניי־באַקומענע באַקומט אָן אַנדערער אין די פּלייצעס, און אַזוי איין מאָל, צוויי מאָל און אַסאַך מאָל, און מ׳זעט, ווי ער לאָזט א רעגן און א מאַטבייעס־האָגל אַף די רייכע, און די רייכע קאָנען ניט אַוועק, און די רייכע זיינען ווי צו זייערע ערטער צוגעוואקסן, און זיי שטייען אונטער דעם איינעמס האָגל און זיי בויגן די קעפּ איין, בויגן איין, און ביז אויך זיי, און ווי דאס ערשטע מאָל דער איינער רייכער, ווי אין דער ערד פאַרשווינדן.

און דאַן, און דער איינער קומט אַפּן קיוּוער זייערן, אַפּן באַרג און אַף די מאַטבייעס די אָנגעוואָרפענע, קומט אַרוף, טאַנצט, קוליעט זיך און ברעכט זיך: אַ בראָך אַף א בראָך, איין אָרעמער אַף פיל רייכע, איין מאָל, צוויי מאָל און דריי מאָל, ביז אויך ער פאַרשווינדט בעשאַס ברעכן.

און — צום דריטן מאָל בייט זיך דאָס ־בילד:

און ווידער איז די גאַס דיזעלבע, ליידיק און אופגעראָמט און נישט צו זען אַף איר פריער קיינעם, און קיין קאַפּצן קוקט נישט אַרויס און קיין רייכער קומט אים באַגליקן, נאָר פלוצלינג, און נאָך איניקע מינוטן קיינעמס נישט זען און נישט ווייזן זיך, באַווייזט זיך א מענטש־מעשונע, איין האַלב איז אים רייך, די צווייטע — אָרעם, א האַלב פּאָנעם אופגע־לעבט און לאַכנדיק, דאָס אַנדערע — אָפּגעצערט און בעטלער, און איין האַלב מאַלבושים מיט איין הויז איז צעטריפּעט און אין טראָלדן, דאָס צווייטע — ניי און צו יאָמטעוו, און די רייכע זייט דעם מענטשנס איז גוט און וויל געבן, און די אָרעמע — אָרעם און וויל נעמען, און דער מענטש גיט אַליין און נעמט אַליין, איין האַנט שטרעקט זיך אויס און די צווייטע לייגט אין איר אריין, און ביז די רייכע זייט גיט אַלץ, וואָס זי פאַרמאָגט, אַוועק און אַליין בלייבט באַ גאָרנישט, און דאָס האַלבע בעטלער־פּאָנעם גייט דאַן אַף דער רייכער זייט איבער, און אויך דאָס אָרעמע אָנגעטאָן און דער הויז מיט די טראָלדן — אַף יענער זייט, און די אַנדערע ווערט דאַן די רייכע, און די פריערדיקע רייכע נעמט בעט־לען, און די פריער אָרעמע — געבן, און אַזוי איין מאָל, צוויי מאָל און דריי מאָל, און דעם מענטשנס זייטן בייטן זיך אַלע מאָל פון רייך אַף אָרעם און פון אָרעם אַף רייך, און דעם מענטשן ווערט דאָס נימעס, און דער מענטש נעמט אין זיך אַליין מיט אייגענע הענט צו שמיצן און זיך אַליין מיט זיין גוטס און נעדאָוועס באַוואַרפן, און וואַרפנדיק פאַלט אַף זיי, און פאַלנדיק ברעכט זיך, און דער גילגל זעט עס צו, און ער שפּילט אים מיטן פידל אונטער:

„אָט אזוי, און אָט אַזוי! און אַלע קעגן איינעם, און איינער קעגן אַלע, און יעדער קעגן זיך אליין... און וואָס געגעבן, נישט גענומען, און וואָס גענומען, דאָס פאַרוואָרפן, און אַלץ דערוואָרבענע צעבראָכן: א בראָך און א בראָך, און אַ בראָך איז א בראָכע, און וואויל איז די ברעכער, און וואויל דעם געבראָכענעם"...

און מיטאַמאָל, און דער מענטש, וואָס ברעכט זיך, פון זיין אייגן אָנ־געוואָרפן גוטס און נעדאָוועס דערהויבט זיך, און ער נעמט פון דער ערד און פון דער גאַס, וואו ער געפינט זיך, אינדערלופט וואַקסן, און העכער, העכער, און זיין וואוקס ווערט ריזיק און נאָך העכער, נאָך העכער, און

ביז מיטן קאָפּ אַנקעגן דעם מענטשן און דעם באַטרונקענעם, וואָס אַף די הוידעלקעס זיצן, דערגרייכט, און דער מענטש ווענדט זיך דאַן צו די זיצנדיקע, וועקט זיי און דערוועקט זיי, פון זייער געזעענעם און פון זייער אין-די-הוידעלקעס-פאַרגעסן, וועקט זיי און זאָגט צו זיי:

— און נו? און איר?

אוןביידע, דער קאָפּ-מענטש און דער באַטרונקענער, טוען זיך דאַן מיטאַמאָל פון פאַרגעסענעם א כאַפּ, און ביידע דערשרעקן זיך און זיי ווייסן נישט וואס, נאָר זיי פילן, אַז זיי דאַרפן עפּעס טאָן באַלד, און ביידע טוען זיך פאַר די שטריק אַ נעם און מיט די פיס אַף די שטעקנס, וואָס זיינען ביז אַהער אַף זיי געזעסן — א שטעל, און א קראַפט קומט זיי אין די קני, און א שטאַרקער קויעך אין די קנעכל, און אונטערן האַרצן טוט זיי א נעם, און א שטאַרקן כיישעק באַקומען אויך זיי אַף זיך ברעכן...

און זיי קוקן זיך אַרום, און זיי זעען דעם ריז פּ אַ ר זיך און אויך דעם גילגל הינטערן ריז, און ביידע שטייען, און ביידע וואַרטן פון זיי עפּעס, און דער גילגל האָט זיין שפּילן אָפּגעשטעלט, און דער ריז שווייגט און קוקט אַף די הענט און אַף די פיס זייערע...

און מיטאַמאָל, און נאָך שטאַרקער דערוואַכן זיי, און דער כיישעק אין זיי שטאַרקט זיך, און זיי קוקן זיך נאָכאַמאָל אַרום, אַז האָבן האָבן זיי איצט גאָרנישט, און אָרעם זיינען זיי, און נאָר אין קונצן-קליידער אָנגעטאָן, אָבער אויך רייך זיינען זיי, אַף א גאַלגל געוועלטנדיק און איבער א כאָלעל א גוואַלדיקן — און דאַן, און א מעסוקענעם וואָרף טוען זיך באַגלייך ביידע מיט קעפּ אַראָפּ, און פליענדיק מיט די פיס, פאַר די געזעס-שטעקנס פאַרטשעפּען זיך און בלייבן אַזוי הענגען: שטיל און ווי הינער געקוילעטע, פאַר די פיס פאַרטשעפּעט און מיט קעפּ און פּע-נעמער אַראָפּ צום אָפּגרונט געווענדט...

און אייניקע מינוט גייען אַזוי אין רו אַוועק... און זיי געבן זיך באַלד צוריק א וואָרף, אָבער אַזוי געשווינד און אַזוי קונציק, אַז טייקעף שוין ווידער מיט די הענט פאַר די שטעקנס האַלטן זיך און מיט פיס אינדער-לופטן אַראָפּ...

און איבערוואַרפן נעמען זיי זיך דאַן, זיך אַליין איבער די אייגענע קערפּער זייערע, און דאָס וואַרפן איז זיי גרינג, און דאָס איבערקוליען—

פאַרגעניגן, און איין מאָל און נאָך א מאָל. און פונם וואַרפן ווערן זיי פאַרשיקערט, און פון ברעכן — דול פון געדולע, און דער ריז שטייט בא זיי, און דער ריז גיט זיי כיישעק און מוט אונטער: „אָט אַזוי, און אָט אַזוי", און דער גילגל, וואָס הינטערן ריז שטייט, אַז ער זעט, אַז יענע זיינען זיך צעגאַנגען און אין ברעכן באַנייט געוואָרן, אַזוי נעמט ער דעם פידל ווידער און קומט אינמיטן ברעכן זייערן מיט זיין שפיל אַריין:

„וואָס דאַרף מען געפינען, אַז ס'איז אַזוי גוט צו פאַרלירן, און וואָס איז נאָך גרעסער פון גרויסער סאַקאָנע, א בראָך איז א בראָך, און א בראָך איז אַ בראָכע"...

און דער מענטש און דער באַטרונקענער הערן זיין שפילן, און יעדער וואָרט שטאַרקט זיי, און יעדער פידל-זאָג קומט זיי אין דיביינער אריין, און דערזעען דערזעען דעם דאַן גאַנצן גאַלגל איבער זיך, און ווי א פייעריק-שווינדלדיקע ראָד שווינדלט ער פאַר זיי, און ברעכנדיק ברעכט זיך מיט מיט זיי, און פליענדיק פליט זיי נאָך, און זיי מיט אים — איין פייער-ראָד און שווינדל...

און דאַן, און ווי זיי דאָס העכסטע גיכקייט און גרעסטע שנעלקייט שוין דערגרייכן, אַזוי טוען ביידע זיך א פאַרהאַלט פלוצלינג, און ווידער זיינען זיי דעמאָלט מיט די פיס פאַר די שטעקנס פאַרטשעפעט און מיט די פענעמער אַראָפּ געווענדט, און א קוק טוען דאַן איינס אָפּן צווייטן, א שטילן און א בעשוטפעסדיקן, ווי קונצנמאַכער, וואָס רעדן עפּעס אָפּ פאַר לעצט...

און דעם ריז דערזעען זיי, און דער ריז איז זיי א צעהיצטער און ווי אַ שטאַרק פאַרינטערעסירטער צוקוקער צו פאַר זייערע פענעמער צו, און אָפּן גילגל קוקן זיי און זעען, ווי א גרויס-צופרידענער, א פאַרגאַפטער און מיט א מויל אָן אָפנס שטייט, און צו זיי און צו זייער איבערגע-קערטער קערפּער-לאַגע קוקט...

נעמען זיי ז״ד דאַן נאָך א מאָל מיט א לעצטן בליק זיך איבערבליקן און שטיל און מוסקעם די לעצטע רעגע פאַר דער רעכטער און דער רעכטפאַרטיקער געפינענדיק, באַשליסן זיי, און שטיל און ווי הינער פאַר שכיטע, מיט אויגן געשלאָסענע און מיט וויעס אַראָפּגעלאָזענע לאָזן זיך אָפּ, און שטיל און פאַלנדיק, אַראָפּ צום אָפּגרונט פליען...

און דער באַטרונקענער פאַלט, און צוזאַמען מיט אים דער קאָפּ־מענטש, און א שטיק צייט פילט דער באַטרונקענער זיין כאַוער און שוטעף אין פליען, און מיטאַמאָל הערט אים אוף צו פילן, און פונם אופהערן אָן איז ער שוין אַליין, און פליענדיק, פילט ווי דער קאָפּ זיינער עפנט זיך, און דער קאָפּ־מענטש און אַלץ, וואס איז געשען פריער מיטן קאָפּ־מענטש, מיט די סאָפרים און מיט ספאָרים זיינע, מיט זיין אויבער־שטיבל און מיט זיינע מעגילעס, בא אים אין קאָפּ ערגעץ אין א ווינקל פאַר־שטעקט זיך...

און דער קאָפּ פון באַטרונקענעם פאַרמאַכט זיך דאַן, און פאַרן פאַר־מאַכן זעט ער, ווי דער קאָפּ־מענטש האָט פאַר אלעס געשעענעם דאָרט אין א ווינקל א ליכטל אָנגעצונדן און שטעלט זיך אַוועק און קניט פאַרן ליכטל, און מיטאַמאָל, און ווי דער באַטרונקענער פליט אַזוי, אַזוי דער־פילט, ווי די לופט ענדיקט זיך אים און די ערד דערנעענט זיך, און מיט א פראַל און מיט א זעץ טוט מיטאמאָל אין דער ערד א טראַך, און טויט ווי אלע אייוורים צעבראָכן, בלייבט אַף לאַנג, און דאָך דאָרט א לעבעדיקער ליגן...

פון מיזרעך מיט אַ ליכט, פון מאַירעוו מיט אַ פויק — האָט מען זיך אַרויסגעלאָזט און מע גייט שוין אַ צייט, און די פויק פויקט און פעלקער רופט, און די ליכט טראָגט געוויסן און דערוואַכונג, און מע האָפט און מע וואַרט אַף זייער זיך־צוזאַמענטרעפן און באַגעגענען...

בעסטע קינדער פון פעלקער ווייסן דערפון, אויסדערווײלטע און יעכי־דים האָבן די זיכערקייט און עמונע, און שוין א צייט, אין באַנאַכטן, אַז די געטרייסטע פון מיזרעך, גייסט־ריטער און נעזירים, וואַכן און וואַרטן די פויק פון מאַירעוו צו דערהערן, און אַנטקעגן, די מאַירעוו־בעסטע, צו די גרענעצן פון מיזרעך לאָזן זיך, אום פונדאָרט שוין דאָס ליכט צו דערזען.

אַ גוטער און וואַכעדיקער אויער הערט באַנאַכט די פויק פונווייטן שוין שרויט שיטן, און אַ ליכטיק אויג, אַ געוויסנהאַפטיקס, דערזעט אין דער פינצטער, אין האָריזאָנט זיך איינקוקנדיק, יענץ ליכט שוין אָנ־קומענדיק און שאַריען...

— און דערווייל?

אין אַ גרויסער שטאָט, וואָס ליגט אַפן מיט וועג פון דעם פויקן־פייקלער און ליכט־טרעגער, האָבן זיך קינדער פון אַלערליי פעלקער, שוואָטים און לעשוינעס צונויפגעקליבן — ווייס־הויטיקע, ברוינע, געלע און אויך שוואַרצע; פון פאַרשיידענער גרויס און פון פאַרשיידענעם אויסזען, מיט געוויינלעכע אויגן און אויך מיט מאַנדל־אויגן; האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן און אַלע אָוונט קומען זיך צונויף און פאַרברענגען, — אַמאָל נאָר דעם אָוונט, אַמאָל אויך שפּעט אין דער נאַכט אַריין, אַמאָל גאָר די נאַכט און ביזן ווייסן טאָג אַריין זיצן; — זיצן בײַ אַ טיש אין אַ גרויסן פאַרזאַמלונג־זאַל אויסגעזעצט, און שטיל, עכט און פאָרנעם מיט זייערס פון פאַרשיידענע וועלט־עקן געבראַכטן און פעלקישן טיילן זיך.

ס'האָבן שוין דאָס וואָרט געהאַט פאָרשטייער פון די גרעסטע לענדער און ערד-שטעטכן, פון יאַם-אינזלען און יאַם-ברעגעס, פון די הייסטע און קאַלטסטע געגנטן און אויך פון מידבאָריעס און פון די פאַרוואָרפנסטע מעקוימעס; ס'האָבן שוין דערציילט קינדער פאָרגעשריטנסטע, און אויך פון די אָפּגעשטאַנענסטע און נאָך האַלב-ווילדע פעלקער; מע האָט זיך מיט לעגענדעס און פעלקער-טרוימען געטיילט, אין וואָס עס גלויבן און אַף וואָס ס'האָפן און קוקן אַרויס פעלקער; און אַלעמענס געטער זייען באַ די נעמען אָנגערופן געוואָרן, און אַלעמענס מאָשיכים, העלדן און געטלעכע געזעצגעבער, וואָס האָבן געווירקט, און, לויטן גלויבן, וועלן ווידער ווירקן, — זיינען אַף אַלעמענס ליפּן שוין געוועז; און נאָר איינער, אַ לעצט ציגיינער-קינדער, האָט נאָך דאָס וואָרט ניט געהאַט, און פריער, און פאַר זיך, האָט אַלעמען אָפּריידן געלאָזט.

ווז ס'איז צו זיין ריי געקומען, האָט ער אָנגעהויבן און אַזוי געזאָגט:

— אונזער געשיכטע איז אַ פאַרגעסענע, אונזער פאָלקס-שנור האָט שוין לאַנג זיך אָפּגעריסן, און אַ האלב איז ערגעץ אין קאַדמויגים פאַרבליבן, און די אַנדערע שלעפּן מיר מיט זיך נאָך אונזער ציגיינער-וואָגן באַזמענדיק...

אונזער גאָט האָט אונז עפּשער ווען אַמאָל, ווען מיר זיינען נאָך אַף איין אָרט געזעסן, געדינט, אָבער זינט מיר זיינען ציגיינער געוואָרן, באַשטענדיק אין שטויב און אין ביידלעך, נישט געוואַשן, נישט געצוואָגן, און אונזערע פאַרנאָסעס — מיעס, און אונזער שעם — שענדלעך, און לעבן ליבן מיר פון פערד און פון גענייווועס, פון קלעפּ און פון היילן זיך די קרעפּ, — פון דעמאָלט אָן האָט ער אונז פאַרלאָזט, האָט אַף אונז אינמיטן וועג אַמאָל אַ שפּיי געטאָן און אונז א זידלוואָרט נאָכגעשיקט, און אַליין איז אָפּגעשטאַנען און ערגעץ אונטערוועגס געבליבן...

קיין העלדן, מאָשיכים און אומזיסטעסערס דאַרפן נישט קיין ציגיינער. זאָל אַז אַזעלכע ווערן באַ אונז געבוירן אַמאָל, און נעמען וועגן ווירדע און שאַנד, וועגן שמוץ און אָנזויבערקייט, און וועגן שיינע און נישט שיינע פאַרנאָסעס ריידן, איז (אויב זיי זיינען שוואַך און לאָזן זיך) בייסן מיר זיי די נעז אָפּ, און ווי באַלע-מומים און פאָנפאַטשעס שיקן זיי דערנאָך אַף די יאַרידים פאַרן ציגיינער-קאָהעל נעדאָוועס קלויבן; אויב זשע נישט — געבן מיר זיך שוין אַ אייצע: אַזוי, צי אַזוי — אַמאָל אַ

מעסער, און אַמאָל סאַם, אַמאָל פון אַ ברעג אין טייך, און אַמאָל בײַשטיקע און אונטער אַ בריקל ווערט מען פון אַזוינס פּאַטער... אַזוי לעבן מיר.

— אַף וואָס האָפן מיר?

— אַז פּריצים זאָלן פאַרלירן און מיר זאָלן געפינען.

— און ווי האַלטן מיר זיך אַזאַ צייט, אָן ערע, און דאָר־איין, דאָר־אויס, נאָר מיט גנייווע?

— אַזוי! און דערוף דערציילט מען אַ געשיכטע באַ אונז, און אָט די געשיכטע וויל איך איבערגעבן:

— „ס'איז געווען, — דערציילט מען, — אַ צייט דערנאָך, אַז אונזער גאָט האָט אונז פאַרלאָזט, האָט ער זיך איינמאָל פאַרבענקט נאָך אונז; ער האָט אונזערע ביידלעך אָנגעיאָגט, זיך אין אַ וואָלקן באַוויזן, נאָר ז'ער אוילעם אונזערער האָט אים ניט באַמערקט: מע איז דעמאָלט פון אַ מאַרק געפאָרן, און דער אוילעם איז פאַרנומען געווען, מע האָט פון האַנדל און טאָג געשמועסט, געלט געציילט און פון רעוואָכים גערעדט, און קיינער האָט אַף צוריקוועגס ניט געקוקט, און קיינער האָט וואָס הינטן טוט זיך ניט געזעען. נאָר, אַ טויגעניכטס און שלימאַזל אונזערער, וואָס צום האַנדל האָט ער ניט געטויגט, און וואָס האָט זיך באַשטענדיק אַליין אָפּגעזונדערט געהאַלטן, און קיין נוצן האָט מען פון אים ניט געהאַט, און מיט קיין ערנסטער זאַך האָט מען זיך אַף אים ניט פאַרלאָזט, און די איינציקע נוץ, וואָס ער פלעגט, ווען אַנדערע זיינען פאַרנומען געווען, אַרום די פערד און די ביידלעך אַרומגיין, אָט יענער — אַזויווי די מאַרקזאַכן האָבן אים ניט אינטערעסירט, און צי האָט מען פאַרדינט, צי דערלייגט אין מאַרק, איז אים ניט אָנגעגאַנגען, — יענער איז צוריקפאָרנדיק מיטן פּנים אַפצוריק געזעסן, האָט אַלץ, וואָס הינטער אונזער אָפּגעפאָרענעם וועג באַמערקט, און אָט ער האָט אונזער גאָט אין וואָלקן דערזעען.

ס'איז פאַרנאַכט געווען, און מיר זיינען באַלד אין איין אָרט אין פעלד ערגעץ צוגעשטאַנען און דאָרט זיך אַף נאַכטלעגער אָפּגעשטעלט, האָט זיך יענער ציגיינער דאַן פון אונזער מאַכנע אָפּגעטיילט און מיט זיך אַ יונג, נאָרוואָס געבוירן, ציגעלע מיטגענומען, און דאָס אַף די הענט געטראָגן, געטראָגן און — מיט דעם זיך ערגעץ אַפצוריק געלאָזט, און

קיינער האָט אים ניט געפרעגט, קיינעם האָט עס ניט אינטערעסירט און ניט אָנגעגאַנגען,—מע האָט געוואוסט: שלימאַזל...

און מיר האָבן זיך צו אונזער אַרבעט גענומען—די פערד אויסגעשפּאַנט און די געצעלטן צעשטעלט, און ווייבער האָבן צום קאָכן פייערן צע־לייגט, און מאַנסבלען און קינדער האָבן זיך אַרום די פייערן אין רעדלעך אויסגעלייגט; און דערנאָך, און אַז פערד האָבן שוין געפּענטעט אַרום־געהינקען און ווייבער האָבן די געקעכצן אָפּגעקאָכט, און מאַנסבלען און קינדער האָבן אָפּגעגעסן,—איז מען נאָך אַביסל געזעסן, האָט מען נאָך אַביסל געשמועסט, און דאַן, און אַלע זיינען אין די געצעלטן אַריין, און אַלע זיינען שלאָפן אַוועק.

און דער ציגיינער איז צו גאָטס וואָלקן געקומען און באלד האט ער דאָס ציגעלע מיט אַ מעסער געקוילעט, און קוילענדיק האָט ער גאָט מיט בלוט מעכאַבעד געווען, פון דעם קאָרבנדל דעם יונגן, וואָס יענער האָט עס שוין לאנג ניט געהאַט און שוין אַ צייט דעם טאַם דערפון ניט גע־דענקט, און דערנאָך, און דער ציגיינער האָט זיך נעבן בלוט אַף די קני־אַראָפּגעלאָזט און געזאָגט:

— מיין גאָט, באַווייז זיך מיר און קום אַרויס...

און גאָט האָט זיך אים באַוויזן און פון וואָלקן אַרויסגעגאנגען, און אין דער האַנט האָט ער אַ לאָגל ווין געטראָגן, אַן אלטן און פאַרשימלטן, פון זיין אַמאָליקן קעלער פאַר זיין דינער מעכאַבעד צו זיין; און גאָט האָט זיך אים זעצן געהייסן, און אויך ער אליין האָט זיך נעבן אים אַף דער ערד אַראָפּגעלאָזט, און פון זיין שויס האָט ער קויסעס אַרויסבאַ־קומען, און באַלד האט פון לאָגל אָנגעפילט די קויסעס—פאַר זיך איינע און פאַר זיין דינער איינע—און גאָט האָט מיטן ציגיינער געטרונקען...

אַז זיי האָבן די ערשטע קויסעס אויסגעטרונקען און היימישער גע־וואָרן, האָט זיך דער דינער קלאָגן גענומען:

— ער טויג ניט, און ער איז קיין ציגיינער ניט... און ציגיינער געטרויען אים קיין אַרבעט ניט, און זיי האַלטן זיך פון אים פונדער־ווייטנס. ווייל, בעעמעס, איז ער אַרויסגענומען, און טאמעד איז ער פאַרקלערט און בענקט נאָך דעם, וואָס יענע האָבן שוין לאַנג פאַרגעסן... און זייער מעלאָכע איז אים מיעס, און זייער האַנדל—דערווידער. און טאָמעד, ווען ציגיינער צוריק פון יאַרידים פאָרן און מע איילט (איבער

גערויסע ציגיינער־טאַימים) וואָס גיכער אַרויס פונם יאַריד, זיצט ער מיטן פאָנעם אַפּצוריק געווענדט, גלייך ווי מע וואָלט דאָרט עפּעס פאַר־געסן, גלייך ווי מע וואָלט עפּעס אָנגעוואָרן אַפן יאַריד... יאָ, און איזן איז ער אַ טויגעניכטס, און ציגיינער רופן אים שלימאַזל, און קיין ווייב באַ זיי וועט ער ניט באַקומען, ווייל וואָס פאַר אַ ווייב וועט מיט אים זיין שלימאַזל טיילן... און וואָס וועט מיט אים זיין, און וואָס מיט זיין טאַכלעס ציגיינערשן?..

און גאָט האָט אים אויסגעהערט, און גאָט איז פאַרקלערט געווען, און אויך ער האָט זיך פאַר זיין דינער געקלאָגט: „אַז אומעטיק איז אַ גאָט אָן דינער צו זיין, און אַז צווישן געטער איז ער אַ פאַרשעמטער, און זינט ציגיינער האָבן אים פאַרלאָזט, מוז ער פאַר די געטער אַליין די ראָלע פון אַ דינער שפּילן: זייער טיש גרייט זיי, און עסן און טרינקען דערלאַנגט זיי, און קיינער קוקט זיך אַף אים ניט אום, און ער איז אויס גלייכער צווישן גלייכע..."

אַזוי האָט ער זיך געקלאָגט, און דער דינער האָט אַף אים ראַכמאָנעס געהאַט, און באַם דינער אין די אויגן האָבן זיך טרערן באַוויזן... און ביידע זיינען אַנטשוויגן געוואָרן, און אַ שטיק צייט אַזוי שטיל אַף דער ערד געזעסן...

און דאַן, און גאָט האָט דער ערשטער דערוואַכט פון שווייגן, און ער האָט ווידער דעם לאָגל גענומען און פאַר זיך און פאַרן דינער די קויי־סעס אָנגעגאָסן, און שטיל און אָנגיסנדיק, האָט זיך מיטן דינער מיט די קויסעס געביטן: דעם דינערס זיך גענומען און זיינע דעם דינער געגעבן, און ביידע האָבן אויסגעטרונקען, און גאָט האָט געזאָגט:

— און, זע, אָט האָבן מיר זיך געביטן. און דו וועסט צו די געטער פאַר אַ דינער גיין, און איך — צו די דייניקע, צו די ציגיינער; און מיר וועלן זען, וואָס מיר וועלן קאָנען, און עפּשער וועלן מיר עפּעס מאַכן...

און גאָט האָט זיך פאַר שלימאַזלען פאַרשטעלט און שלימאַזלען — פאַר זיך, און ער האָט זיך מיטן דינער אָפּגעזעגנט און זיך צו די ציגיינער־געצעלטן אַוועקגעלאָזט, און דער דינער האָט דעם לאָגל מיט די קויסעס פון דער ערד אופגעהויבן, און דער דינער איז אין וואָלקן אַריין...

און שפּעט איז שוין געווען, ווען גאָט איז צו דער ציגײַנער־מאַכנע אָנגעקומען. די לעצטע אָוונט־פייערלעך האָבן שוין קימאַט באַם אויס־לעשן זיך געהאַלטן, און שוין שוואַך מיט לעצטן זיך געריווכערט; פּערד האבן אין די פּענטעס געהינקען און זיך מיט פעלד־און גראָז־זעט גע־זעטיקט; הינט זיינען באַ די שוועלן געלעגן און די געצעלטן געהיט, און אַלץ אין די געצעלטן האָט גערוט און געשוויגן; האָט ער זיך צו איינס אַביידל דערקליבן און דערוף ארופגעקראָכן, זיך אַוועקגעשטעלט און אויסגעשריגן:

— ציגײַנער, הע, ציגײַנער!

האָבן דאָס צום ערשטן די הינט דערהערט, פריער — איינער און אַ נאָענטער הונט, דערנאָך — די שכיינים־הינט, און דאַן — אויך אַלע און פון די ווייטע געצעלטן אַרום, און האָבן זיך צעהאַווקעט. האָבן דאס שטאַרקע הינט־האַווקען די שלאָפנדיקע ציגײַנער דערהערט און דערשראָקן און פון שלאָף געשטערטע פון די געצעלטן אַרויס.

האָבן זיי דערזען: שלימאַזל איז אָף איינעם אַ ביידל געשטאַנען און מיטן פּאָנעם צו דער מאַכנע געווענדט, און די אויגן זיינען באַ אים צום הימל פאַריסן געווען, און דער האַלז און דער גאָרגל זיינער האָבן עפּעס ביינעריק און ווי באַ אַ דאַרן אפגעפליקטן האָן אויסגעזען, און פונם מויל האָט אים אַ שוים געשלאָגן און ער האָט אין איין שרייען און איין דעם האַלז רייסן־זיך געהאַלטן:

— ציגײַנער, הע, ציגײַנער!

האָבן אים די ציגײַנער אין זיין ווילסטן שטאַנד דערזען און געדענקט, אַז ער איז גערירט, אָדער א שלאַפקייט איז אים באַפאַלן און ער איז פונם זינען. און די עלטערע האָבן געשפּיגן און באַהיט־און באַוואוירן־שפּרוכן געשפּראָכן און באַלד זיך אויסגעדרייט און צוריק אין די געצעלטן שלאָפן געגאנגען, אָבער די יונגערע זיינען נאָך געבליבן, אום אָף שלי־מאַזלען און זיין בייזוואונדער צו קוקן; און איינער, גאָר א יונגער, וואָס האָט נאָרוואָס אַ ווייב גענומען, און שלימאַזלס געשריי האָט אים איצט געשטערט און אָפּגעריסן פונם ווייב, האָט פון איינעם אַ פוס זיינעם אַ הילצערנעם שוך אַראָפּגעכאַפּט און געשיקט און גלייך שלימאַזלען אין פּאָנעם און אין די ציין געשיקט, און — אַ צווייטן שוך, און גלייך אין שטערן אים געטראָפן...

און די הילצערנע שיך האָבן זייער שעליכעס געטאָן, און דאָס דאָרע האַלץ דאָס קלינגענדיקע האָט שלימאַזלען אין די ציין און אין שטערן דערלאַנגט, און דאָס יונגוואַרג, וואָס זיינען אַף צו קוקן פאַרבליבן, האָבן באַלד אַף זיין שטערן א בייל און באַ זיין מויל בלוט דערזען: ווי ס׳גיסט און ס׳יושעט פון אים, און ווי שלימאַזל האָט זיך אָנגעבויגן און לאָזט דאָס בלוט פון מויל רינען, און — ווי איניינעם מיטן בלוט, אַלע ווייסע אויך אַן אויסגעזעצטן צאָן שפייט אויס...

און די יונגע האָבן געקוקט, און ס׳איז זיי נימעס געוואָרן צו קוקן, און מער צו זען האבן זיי נישט געהאַט, און אויך זיי האָבן אים פאַר־לאָזט און שלאָפן געגאַנגען, און אַזוי, און גייענדיק, זיך ווערטלענדיק און כאַלוימעס־באַטלענענדיק, זיינען אַלע אין די לעכער אַריין, און אַלע — אין די געצעלט־טירן פאַרשוואונדן.

און גאָט איז אַליין געבליבן און דאָס איבעריקע בלוט און די איבע־ריקע ציין אויסגעשפּיגן. האָט ער אופגעהערט צו שפייען, און ערשט דאַמאָלט זיך אויך אָן שטערן דערמאָנט, דאָרט אַ וויטיק דערפילט און מיט דער האַנט אַ היפּשע גוליע דאָרט אָנגעטאַפּט; איז ער באַליידיקט געווען, אָבער די זאַך איז געווען פאַרפאַלן, איז ער נאָר פון זיין ביידל אַראָפּגעקראָכן און איבער דער ערד, וואו זיינע ציין זיינען געלעגן, זיך אָנגעבויגן. האָט ער זיי אופגעקליבן פון דער ערד, און אַ טאָרבעלע האָט ער געקראָגן, האָט ער זיי אַהין אַריינגעלייגט און דאָס טאָרבעלע אַף זיך אָנגעטאָן...

און דער דינער, וואָס האָט זיך מיט גאָט מיט זיין שלימאַזל געביטן, איז די גאַנצע צייט אין וואָלקן געשטאַנען און דאָס אַלץ צוגעזען, האָט ער דאָס זען נישט געקאָנט און אין אימפּעט איז צו די געטער געלאָפן, און זיי אַלעמען צום אָרט פון געשעעניש צונויפגעקליבן און זיי אָנגעוויזן אַהין; האָבן דאָס די געטער געזען און ס׳איז זיי נישט אָנגעגאַנגען, זיינען זיי נאָר אַפן דינער בערויגעז געווען, וואָס ער האָט זיי זייער רו געשטערט, און — „וואָס גייט עס זיי אָן, מאַלע וואָס ס׳מאַכט זיך, און געוויס אַ שלימאַזל...“

און גאָט האָט זיין טאָרבעלע מיט די ציין גענומען און צו די זיך־פּאַשענדיקע פערד אַוועקגעלאָזט, און אַז אַלעס איז שוין איינגעשטילט

געווען, און אַלע הינט זיינען שוין ווידער איינגעשלאָפן, האָט ער זיך צו איינעם אַ פערד דערנעענטערט — צו אַן אַלטן, הינקנדיקן און בלינד־לעכן — און ער האָט זיך צו דעם אָנגעבויגן און דאָס פון דער פענטע באַפרייט און זיך דערויף ארופגעזעצט, אַוועקגעריטן און מיט דעם די ציגיינער־מאַכנע פאַרלאָזט.

און גאָט איז פאָרויס אַוועקגעריטן און די ציגיינער הינטער זיך גע־לאָזן, און אַף מאָרגן, אַז די ציגיינער זיינען אופגעשטאַנען, און יעדער ציגיינער האָט פריער זיין פרימאָרגן־אַרבעט פאַר זיין ביידל אָפגעטאָן, און דאן מיט די נאָענטע און שכיינים און מיט אַלע איבעריקע זיך צו־נויפגעקומען און באַגעגנט, אַזוי האָבן זיי פלוצלים — איינער באַם אַנ־דערן, יעדערער באַ זיין שאָכן, און אַלע באַ אַלע — עפעס גוליעס און ביילן אַף זייערע שטערנס באַמערקט; קיינעם האָט ניט ווי געטאָן און קיינער וואָלט ניט געווען געוואוסט גאָרניט, ווען ניט אַ צווייטער, ווען ניט אַן אַנדערער וואָלט אים ניט אָנגעוויזן און מיט אַ פינגער אַף זיין שטערן אָנגעטייט, געפרעגט:

— וואָס איז דאָס באַ דיר אַפן שטערן?

— אַ גוליע, — האָט זיך יענער פאַר זיין שטערן געכאַפּט, און באַלד דערנאָך אַף דעם, וואָס רעדט צו אים, אַ קוק געטאָן, דערזעען:

— זע, און באַ דיר וואָס?

און דער צווייטער, וואָס האָט נאָרוואָס דעם שאָכן אַפן שאָכנס בייל אָנגעוויזן, האָט איצט אויך אַף אייגענעם שטערן קאַלעכיקעס און גוליע־דיקס אָנגעטאַפּט...

און אַלע האָבן זיך געוואונדערט און קיינער האָט די סיבע נישט פאַרשטאַנען, און אין שלימאַזלען און אין נאַכט־טרעפעניש האָט מען נישט געדענקט, און אַז עס איז אַ שטראָף פאַר עפעס — איז קיינעם אַפן זינען נישט געקומען, און אַזוי, און נישט איבערקלערנדיק, און דער אוילעם האָט נאָך אַ שטיקל צייט גערעדט און צוטאָן געהאַט מיט די ביילן, און באַלד עס געלאָזן און מער פון דעם קיין ווערט נישט געמאַכט.

נאָר באַטאָג, אַז די ציגיינער האָבן זיך ווידער אין וועג באַדאַרפט לאָזן, און מע האָט זיך צו די פערד געלאָזט, אום זיי צו די וואָגנס און צו די ביידלעך ברענגען, און אַז מע האָט זיך ארומגעזען, אַז איינס אַ פערד — דאָס אַלטע און בלינדלעכע — פעלט, האָט מען דאַן אויך אין

שלימאַזלען זיך דערמאָנט און דערזעען, אַז ער איז נישטאָ; האָט מען אויך פריער געזוכט און געלאַכט און פריילעך געווען אים זוכנדיק, און זיך געוויצלט און געווערטלט אַפן גליק און אַף דער מעציע, וואָס איז זיי פארלאָרן געגאנגען, — און אז שלימאַזל האט זיך נישט געפינען, און אף אלע רופן און געשרייען האָט ער זיך נישט אָפגערופן, האָט דער ציגיינער-אוילעם פאַרשטאנען, אז דאס איז ער מיטן פערד אוועק, און אַז מיט שלימאזלען איז עפּעס שלימס געשען...

און די עלטערע האבן זיך נאָכפרעגן גענומען און זיי זיינען פון דער נאַכט און פון די הילצערנע שיך געוואָר געוואָרן, און אַז איינער אַ יונג האָט זיך געצילט, געטראָבן אין אים, און אַז באַ שלימאַזלען איז אַפן שטערן אַ בייל אופגעלאָפן, און אַז ער האָט נאָכן שוך אים טרעפן מיט בלוט און מיט ציין געשפיגן, — איז דער עלטערער אוילעם ערנכט געוואָרן און זיי האָבן דאָס די יונגערע פירגעהאלטן, און די יונגע האָבן זיך געשעמט און פאַרענטפערט, אָבער באַלד האָבן זיך די יונגע אָפּגעקערט פון די עלטערע און אין די פאָרוואַרפן, אין שלימאַזלען און אין פערד פאַרגעסן, און דער אוילעם האָט שפּאַנען גענומען, און אלע ציגיינער האָבן זיך באלד אין וועג אַוועקגעלאָזט.

און גאָט פון די ציגיינער האָט זיך פאָרויסגעלאָזט און אַף זיין פערד געריטן. און אַף מאַרק-טעג און יאַרידים איז ער אָנגעקומען, און אָנקערמענדיק פלעגט אַן אָרט צווישן אַלע אנדערע יאַריד-לייט פאַרנעמען און זיך אַוועקשטעלן, און זיין סכוירע, זיין טאָרבעלע מיט די ציין, צעלייגן... און מענטשן פלעגן פאַרבייגיין, און מענטשן פלעגן זיך פאַר זיין שטעל אָפּשטעלן, און מענטשן פלעגן זיך וואונדערן און „וואָס ער פאַרקויפט" פרעגן, און אַף זיין סכוירע זיך כידעשן... און גאָט פלעגט נישט אַראָפּפאַלן מיט זיין סכוירע, און גאָט פלעגט שטיל אַף די ציין אָנווייזן און זאָגן:

— ס'איז סגולע-ציין...

„צו וואָס אַ סגולע" — פלעגט מען באַ אים פרעגן.

— אַז קיין קלעפּ זאָלן ניט צושטיין און קיין שעדיקונג זאָל נישט שאַדטן, — פלעגט ער ענטפערן.

און דער אוילעם האָט געקויפט, ווייל גאָט האָט נישט טייער געבאָטן, און דער אוילעם האָט איינגעשטעלט, און „פאַר ביליק מעג מען פּרוּוון, און וואָס קאָן דען דאָס אַרן, און וואָס קאָן מען דאָ אָנווערן...״

און די צייַן האָבן אַ שעם באַקומען, און דער אוילעם האָט זיך פאַר־גלויבט אין זיי, און דער ציגיינער מיטן בייל אַפן שטערן איז באַוואוסט געוואָרן, און קוינים זיינען פיל געווען, און קוינים האָבן געקויפט גערן; און מוטערס האָבן זייערע קינדער אַף די העלזלעך אופגעהאַנגען, און אויך גרויסע האָבן זיי אין די העמדער געטראָגן און פאַר אַ שמירע גע־האַלטן און דער קויעך און די הילף זייערע איז גרויס געווען, און אַלע האָבן בעכוש אַרויסגעזען זייער הילף...

און גאָט איז פון אָרט צו אָרט געפאָרן, און מער ווי איין מאָל איז ער ניט געווען און ניט פאַרקויפט אַף איין אָרט. און טאָמער און אָפּ־פאַרקויפנדיק, האָט זיך נישט געזוימט און לאַנג דאָרט נישט געבליבן, און באַלד און אוועקגעריטן, אום מיט זיין טאָרבעלע אַף אַ צווייט אָרט צו קומען...

און אַז ציגיינער פלעגן נאָך אים אין זעלביקן אָרט אָנקומען, פלעג מען זיי שוין דערקענען, ווייל די ציגיינער זיינען דאָך מיט דיזעלביקע ביילן געשטעמפּלט געווען, מיט אַזעלכע, ווי זייער גאָט, דער פריערדי־קער ציגיינער, האָט געהאַט; פלעג מען זיי אַרומרינגלען און באַ זיי אַף צייַן זיך נאָכפרעגן, פלעגן זיי ניט האָבן און ניט פאַרשטיין, וואָס מע וויל פון זיי, און דאָס פאַר אַ געלעכטער האַלטן, און זיי פלעגן אויך לאַכן; פלעג מען אַף זיי בערויגעז ווערן און מיינען, אַז זיי מאַכן זיך, און צו זיי צושטיין און באַ זיי שוין פאָדערן; און די ציגיינער, אין אומ־שולד, האָבן דאָס פאַר כויזעק און בייזווויליקייט אָנגענומען און זיך אויס־דרייען און וואָס גיכער זיך אָפּטשעפּען געוואָלט, איז מען שוין צו זיי מער צוגעשטאַנען און אינקאָעס און אופגעטראָגן ווערן איינס אַף דאָס אַנדערע, און אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט, אַן אויסרוף קעגן אַן אויסרוף,— און אָפט פלעגט דאָס צו קריג פירן, צו קריג און צו געשלעגן גרויסע. ווייל... די קריג איז אין עמעצנס אינטערעסן געווען, און פון די גע־שלעגן האָבן זיך אייניקע אַ פאַרנאָסע געמאַכט:

— דאָס זיינען די שטאָט־און לאַנד־רויפים, שפּרעכער און טרעפער געווען, וואָס האָבן דעם אוילעמס ווילדעניש, פאַרגראָבטקייט און

פאַרגלֿויביקייט געקענט, און אַז דער אוילֿעם גלֿויבט זיך אין אַ הייל־מיטלֿ איין, איז אים שוין גאָרנישט ניט טייער, און ער וועט דערפאַר מיט אַלֿץ און מיטן לֿעצטן באַצאָלֿן.

און דער אוילֿעם האָט זיך שוין איינגעגלֿויבט, און דער אוילֿעם האָט די ציין פאַר אַן אַלֿ־מיטלֿ אָנגענומען: פאַר אַלֿע שלֿאָפקייטן און צו אַלֿעם בייז; פאַר קינדער, אַזוי אויך פאַר גרויסע; פאַר מענטשן, אַזוי אויך פאַר בעהיימעס.

האָט מען עס שטאַרק געפאָדערט באַ די רופים און וויפלֿ זיי ווילֿן זיי פאָרגעלֿייגט, און יענע האָבן עם נישט געהאַט, און אויך ניט געוואוסט עס ווי צו קריגן; ווייל, ווי געזאָגט, פלֿעג דער ציגיינער נאָר איין מאָלֿ אין אַן אָרט קומען און מער זיך אין יענעם אָרט שוין ניט ווייזן, און דאָ, און אַז די ציגיינער פלֿעגן נאָכן גרויסן פאָדערן אַהין אָנקומען, — פלֿעגן דאַן די רופים שטאָט־שלֿעגערס און שטאַרקע יונגען אָנדינגען, זיי זאָלֿן זען מיט די ציגיינער אַ קריג פאַרפירן און די קריג זאָלֿ צו געשלֿעג ברענגען, און שלֿאָגן זאָלֿן די שלֿעגערס אין די ציין נאָר, און פאַר יעדן צאָן וועלֿן זיי אַ געוויס געצאָלֿטס באַקומען...

איז אַזוי געווען — אין איין שטאָט און אין נאָך אַ שטאָט, אַף איין יאַריד און אַף אַלֿע יאַרידים; און ציגיינער זיינען קיינעם נישט שולֿדיק געווען און אומזיסט נאָר געשלֿאָגן געוואָרן, און ציגיינער האָבן שוין פאַרשטאַנען און דאָס פאַר אַ שטראָף געהאַלֿטן, און די עלֿטערע האָבן זיך נאָכאַמאָלֿ אָנפרעגן גענומען, און די יונגע האָבן זיי ווידער די מאַיסע מיט שלֿימאַזלֿען דערציילֿט, און אַלֿע האָבן דאָס פאַריכטן געוואָלֿט, אָבער מיט וואָס ניט געוואוסט...

און אַ צאַער איז אַף די ציגיינער געווען. און ציגיינער האָבן זיך פון האַנדלֿ און פון פאַרנאָסע אַרויסגעשלֿאָגן, ווייל באַשטענדיק אַף מאַרק־טעג און אַף יאַרידים זיינען נאָר מיט געשלֿעגן פאַרנומען געווען; זיינען זיי אויך פאַראָרעמט געוואָרן זייער, און דערשלֿאָגענע און מיט אַראָפגעלֿאָזטע קעפ אַרומגעגאנגען...

און זייער גאָט האָט דאָס צוגעזען און ער האָט אַף זיי ראַכמאָנעס געהאַט, און אַף זיין באַלֿיידיקונג האָט ער שוין מויכלֿ געווען, און אַף די יעסורים, וואָס די ציגיינער האָבן שלֿימאַזלֿען פאַרשאַפט, האָבן זיי דאָך שוין כאַראָטע געקראָגן.

האָט ער איינמאָל אין אַ באַנאַכט אַ שטילן זיין פערדל פון פּאָרויס־פאָרן פאַרקערעוועט און צו דער ציגיינער־מאַכנע זיך אומגעקערט, און — אַז ער איז אונטערגעקומען און דערזעען, ווי די ביידלעך שטילע שטייען, קיין פייערן רויכערן זיך ניט, ווייל קאָכן איז ניט געווען וואָס, און הינט האָבן זיך הונגעריק געלייגט, און אויך ציגיינער — מיט ווייבער און קינדער — אָן עסן, האָט ער פון זיין פערדל אַראָפּגענידערט און אַף דער ערד אַראָפּגעשטייגט, אַראָפּגעגאַנגען און צו דער צווייטער זייט מאַכנע מיט אַ האַנט אַ מאַך געטאָן...

האָט זיך דאָרט אַ וואָלקן באַוויזן און זיך געעפנט, און שטיל און פון זיין עפענונג איז שלימאַזל זיין דינער אַרויסגעגאַנגען, מיט אַ גאָלדענער פלאַש און מיט צוויי קויסעס זילבערנע, און גלייך האָט ער זיך צו גאָט זיינעם געווענדט און אים אַף דער ערד זיך אַראָפּזעצן פאָרגעלייגט, און אויך ער האָט זיך אַראָפּגעזעצט, און ער האָט פון דער גאָלדענער פלאַש אין די זילבערנע קויסעס אָנגעגאָסן — זיך איינע און זיין גאָט איינע — און ביידע באַגלייך, און ביידע האָבן אויסגעטרונקען...

און אַז זיי האָבן אָפּגעטרונקען, האָט זיך גאָט אַף זיינע געטער צע־פרעגן געגומען, און שלימאַזל — אַף די ציגיינער; און שלימאַזל האָט וועגן זיין דינסט און שטעלע דערציילט, ווי ס׳גייט אים און ווי ער פילט זיך, און אַז אַסאַך האָט זיך שוין אויסגעלערנט, און אַזאַ אַסאַך וועט ער ערשט לערנען, און דאָס, וואָס ער האָט אַף דער ערד ניט געקאָנט און ניט באַגריפן, הויבט אַפן הימל אָן באַנעמען, — און דאָ, האָט שלימאַזל אַף דער גאָלדענער פלאַש מיט די זילבערנע קויסעס אָנגעוויזן, און דער־ביי דינעריש און געניייויש געשמייכלט: און דאָס איז אים פון אַ הימל־טיש אַראָפּגעפאַלן, ווען די געטער זיינען שטאַרק באַטרונקען געווען, און — ער האָט געזען, וואָס אַנדערע דינער טוען, האָט ער אויך אַזוי געטאָן...

און שלימאַזל האָט געשמייכלט, און דאַן אַף זיינע ציגיינער זיך דער־פרעגן געגומען, און גאָט האָט אים דערציילט וועגן זיי, וואָס די לעצטע צייט איז מיט זיי געשען און מיט זיי זיך פאַרלאָפן, און אַז קיין ציין אין מויל האָבן ניט און פון פּאַרנאָסעס האָבן זיי זיך אַרויסגעשלאָגן, און ציגיינער לייגן זיך אָן עסן, און הינט זיינען באַ זיי הונגעריק, און — זאָל ער זען, אָט ליגן זיי און קיין סימען פון קיין פייערל, און „אויב

ער האָט עפּעס, און אויב ער קאָן נאָר, זאָל ער זען און זיי אונטער־האַלטן".

און דער דינער האָט איינגעשטימט, און זיין דינער־האַרץ האָט זיך אים געעפנט, און ווידער האָט ער זיך מיט זיין גאָט אין די קויסעס אָנגעגאָסן, און ווידער האָבן זיי אויסגעטרונקען. און אַז זיי האָבן גע־ענדיקט, און דאָס פלעשל מיט די קויסעס זיינען ליידיק געבליבן, האָט ער זיי אַ נעם געטאָן, שלימאַזל, און שטיל, און שיקערלעך זיין גאָט זיי אונטער דער פאָלע ארונטערגערוקט...

און גאָט האָט זיך מיט אים אָפּגעזעגנט, און דער דינער, שיקערלעך און שוואַך אַף די פיס זיך האַלטנדיק, איז אין וואָלקן אַריין, און גאָט האָט שטיל צו דער ציגיינער־מאַכנע געגענט און צו איינעם א געצעלט, און צו דער שוועל פון דעם עלטסטן פון די ציגיינער זיך אונטערגע־גאנווערט, און אַזוי און זיך אונטערגאנווענענדיק, האָט שטיל און פּאַמע־לעך, געהיט און פּאָרזיכטיק, דאָס פלעשל מיט די קויסעס דאָרט אַוועק־געשטעלט.

און דער דינער האָט דאָס פון וואָלקן צוגעזעען, און ער האָט זיך אַף אַ שיקער־קאָל צעלאַכט, און פון זיין לאַכן האָבן זיך די שלאָפנדיקע הינט אופגעכאַפּט און שטאַרק אַפּן זיך־גאַנווענענדיקן גאָט אָנגעפאַלן, און יענער איז קוים אַנטלאָפן און מיט אָפּגעריסענע פּיס און קליידער זיך קוים ארויסגעריסן, און פון די ציגיינער האָט קיינער ניט געהערט, און קיינער איז פון זיין געצעלט ניט אַרויס, ווייל די ציגיינער זיינען דאַן מיד און דערשלאָגן געווען און גאָרניט איז זיי אָנגעגאַנגען...

נאָר אינדערפרי, אַז זיי זיינען אופגעשטאַנען און דער עלטסטער זייערער האָט באַ דער שוועל פון זיין געצעלט די געטלעכע מעציע דער־זען, האָט ער זי גענומען און אלע עלטסטע צונויפגערופן, און אַזוי ווי אַביסל פון אַמאָליקן גאַטסדינסט האָט ער נאָך געדענקט, און אַביסל האָט ער זיך דערמאָנט און בעקאַבאָלע געהאַט, האָט ער זיך אַוועקגע־שטעלט און אַף זיך גענומען, און אָפּגעריכט, וואָס מע דאַרף אָפּריכטן: אַ דאַנק־קאָרבן געבראַכט און אַ טפילע בעאייסן ברענגען, און אלע עלטערע האָבן דאָס מיט אים מיטגעמאַכט, און די איבעריקע — די יונגע און ווייבער און קינדער אַלע — זיינען געשטאַנען דערביי און דאָס מיט ערפורכט צוגעזען, און אַזוי, און די ציגיינער האָבן יענעם טאָג גאָטס־געשאַנק

צוגענומען און גלייך נאָכן צונעמען דאָס אין שטאָט צו פאַרקויפן אַוועק־
געשיקט, צו פאַרקויפן און דאַן אַ שטיקל צייט צו לעבן אַפן פאַרקויפטן...

און ציגיינער זיינען אַף קיין יאַרידים ניט געפאָרן; און אַ צייט פון אָרט, וואו גאטס־געשאַנק האָט זיי געטראָפן, זיך ניט גערירט, און ניט געהאנדלט, און זיך פאַר לייטן ניט געוויזן, אום די לעצטע ציין ניט איינצושטעלן און צו קיין געשלעגן ניט ברענגען.

האָבן זיי פון גרייטן געלעבט און וועגן פאַרנאָסע זיך נישט געקימערט, און אויך דער גאָט זייערער איז רואיק געווען און פון צאַער און ראַכ־מאָנעס אויסן געשטאנען, און שלימאַזל האָט אין הימל געדינט, און געטאָן און געמיט זיך...

און אַז דאָס געשענק האָט זיך געענדיקט, און אַז דאָס אויסגעלייזטע געלט דערפאַר האָט זיך אויסגעלאָזן, און אַ היפשע צייט איז שוין אַוועק און ציגיינער האָבן מיינען געמעגט, אַז לייט האָבן אין זיי און אין זייערע ציין שוין פאַרגעסן, האָבן זיי זיך אַ פרואוו געטאָן, און צום ערשטן און צום יאַריד דעם נאָענטסטן האָבן זיי זיך אופגעהויבן און אין שטאָט אַריינגעקומען.

האָט זייער אין שטאָט־אָנקומען אַ גרויסן ראַעש געמאַכט, ווייל שוין לאַנג, אַז מע האָט זיי נישט געזעען, און שוין אַ צייט, אַז מע האָט אַף זייער אָנקומען געוואַרט. ווייל די רויפים־סכוירע איז שוין אַפן מאַרק ניט געווען, און פאַר אַ מינדסטן צאָן האָט מען שוין אין טאָג אַריין געצאָלט.

האָט מען זיי איצט דערזעען, האָט זיך די יעדיע באַלד איבער דער שטאָט צעטראָגן, האָבן זיך באַלד דערפון דערוואוסט די אלע, וואָס וויסן האָבן געגאַרט זייער; זיינען זיי זיך אָנגעלאָפן, די שטאָט־שלעגערס און די יונגען די געדונגענע, און באַלד אַרומגערינגלט און זיך ארומגעשטעלט אַרום די ציגיינער.

און די ציגיינער האָבן דאָס דערזעען, און אַף די ציגיינער האָט די הויט געציטערט און זיי האָבן זיך ווי שאָף צונויפגערוקט און אינייגעם געהאַלטן, און אויסמיידן געשלעגן ווי וויט מעגלעך, און פאַרשוויגן אַלץ האבן זיי געוואָלט, און אף קיינע זידלערייען נישט צו ענטפערן און אַלע שלעכט־ווערטער פאַר זיי פאַרביי די אויערן לאָזן; האָבן זיי זיך געמיט און מיט אַלע קויכעס פון קריג און פון קאַעס זיך אָפצוהאַלטן.

האָט דאָס אָבער נים געהאָלפֿן, ווייל די שלעגער זיינען דאָך דערויף געקומען, און יאָ אַ סיבע, צי נישט קיין סיבע, און שלאָגן האָבן זיי דאָך געמוזט, און אלע מיאונגען פון די ציגיינער זיינען אומזיסט געווען און סאָפּקאָלסאָף האָט אויך באַ זיי די גאַל געפּלאַצט, — און די קריג האָט זיך אָנגעהויבן, און שלעגערס האָבן געשלאָגן: פריער צו די גרויסע און צו מאַנסבלען זיך גענומען, און גרויסע און מאַנסבלען האָבן שוין קימאַט ליידיקע מיילער געהאט; האָבן זיך די ווייבער אַריינגעמישט, האָבן זיי אויך זיי נישט געשאַנעוועט; האָבן זיך קינדער צעקוויטשעט, האָט מען אויך קינדער איבער די מיילעכלעך דערלאַנגט...

און ציגיינער זיינען צעיושעטע אַרויס, און אַ שטיק צייט זיך געוואַשן און די פּענעמער און די מיילער גערוישט, און פון יאַריד אַוועק זיינען זיי מיט גאָרנישט, און פון שטאָט אַרויסגעפאָרן מיטן זעלביקן, וואָס געקומען, און אַף קיין ברויט און קיין אָוונט-עסן האָבן זיי ניט געהאַט, און מער ווי קלעפּ און שעדונגען האָבן זיי גאָרניט אַהיים געבראַכט.

און דערנידעריקט און טויט-מיד זיינען זיי געווען. און אַ צאַער איז אַף די מאַנסבלען געווען — און אויך אַף די פרויען און קינדער — צו קוקן; און ווידער האָבן זיך די ציגיינער אין פעלד אַף הונגער צעלייגט, און ווידער האָט פאַר זייערע געצעלטן קיין איין פייערל ניט געברענט דאן, און גאָט זייערער האָט זיך נאָכאַמאָל אין יענער נאַכט באַוויזן און שלימאַזלען פון וואָלקן אַרויסגערופן, און ווידער האָט ער פאַר די ציגיינער געבעטלט און שלימאַזל האָט זיינע ברידער געהאלפן.

און אזוי איז דאָס געווען, און אַזוי שוין שטייגער געוואָרן. און גאָט האָט געפּוילט, און די ציגיינער זיינען גוט און פרום געוואָרן. און ציגיינער האבן פון טפילעס און פון גרייטן געלעבט, און פון צייט צו צייט פלעגן זיך אַף אַ יאַריד אַ פּרואוו טאָן, מיט גאָרנישט זיך אומקערן פון יאַריד; און ווידער האָבן זיי ניט געהאט, און אָבער האט פאַר זיי גאט געבעטן און זייער גאט איז אַ שנאָרער געוואָרן, און שלימאַזל — זייער שפּייזער...

האָט מען זיך אָבער איינמאָל געזאָלט אַרומקוקן אין הימל: ווייל פריער פלעשלעך און קויסעס, דערנאָך לעפל און גאָפל, דערנאָך אויך זעלצערלעך און אויך אנדערע טיש-מאכשירים האָבן געפעלט, און אין

הימלס טישרייכקייט איז אַ לאַנג געוואָרן... און שלעכט האָט עס שוין מיט שלימאַזלען געהאַלטן, ווייל באַלד און נאָך אַביסל וואָלט מען זיך צו אים געוועזן גענומען, און ביפראַט, אַז אין דער לעצטער צייט איז אים נאָך אַ מאָלע צוגעקומען: און שלימאַזל פלעגט אין די געטלעכע אַלקערס דורך די שליסל-לעכער אַריינקוקן און זען, ווי די געטנס טוען זיך אָן און טוען זיך אויס, און וואו די געטנס די צירונגען זייערע באַהאַלטן; און איינמאָל, ווען פון טיש איז שוין געפערלעך געוועזן, ווייל באַם טיש איז שוין נאָר דאָס נויטיקע געבליבן און מער צונעמען האָט מען ניט געקאָנט, און שלימאַזל האָט זיך איינער א געטנס צירונג אויס-געזוכט, איר נאָכגעקוקט, ווען זי איז איינמאָל אַ פרימאָרגן פון אַלקער אַרויס און די טיר אָפן געלאָזן, און דאָס ארט, וואו דאָס צירונג ליגט, האָט ער געוואוסט, און ער האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַפגיך און אַפגיך-גיך שוין אַריינגעכאַפּט דאָס צירונג...

און אַז די געטן האָט זיך ארומגעזעען און אַ גוואַלד געמאַכט, און די געטן איז אַ גרויסע קליפּע געוועזן, און אַפן הימל אַ שרעקלעכן טומל אופגעהויבן און דער גאָט אירער איז ווי פאַרסאַמט ארומגעלאָפן, און אויך אַנדערע געטער זיינען זיך אָנגעלאָפן, און דעם גאַנעוו און די גנייווע זוכן גענומען,— אָט דעמאָלט, און מיט שלימאַזלען האָט שוין שלעכט געהאַלטן און שלימאַזל האָט שוין שווער זיין שולד געקאָנט פאַרשטעלן.

האָט ער איינגעם מיט אַלע קלאָמפּערשט נאָך דער גנייווע געזוכט, אָבער די גנייווע איז דאָך באַ אים אין שויס געלעגן, און נאָך אַביסל און אַ האָר איז אָפּגעגאַנגען, אַז מע זאָל אים אַליין ניט באַזוכן.

האָט ער זיך דעם טאָג נאָך ווי-ניט-ווי געדרייט, און מיט מאַטער-ניש און מיט קונצן אַלערליי יעדן כשאַד פון זיך אָפּגעצויגן, אָבער צום אָוונט און שלימאַזל איז מיד געוואָרן זייער, און שוין קוים אַף די פיס זיך געזעגנט און ער האָט קיין-קיינעם אַ רײד ווערטל-ניט אין אַף דער פינצטערניש זיך אויסדערוואַרט, ער זאָל זיך מיט גאָט זען און אים דאָס, וואָס ער האט באַ זיך געהאַט, אָפּשטעקן...

און אַז אין הימל איז מען אַנטשטילט געוואָרן, ווייל מער אין אָוונט האָט מען נישט געזוכט, און אויך די געטן האָט זיך באַרואיקט, ווייל דער גאָט, דער מאַן אירער, האָט איר פאַרשפּראָכן, אַז אין פאַל, ווען דאָס צירונג וועט זיך ניט געפינען, וועט ער איר אַנדערס פאַרשאַפן,

איז מען זיך דאַן יעדער צו זיך צעגאַנגען און ס'איז רואיק געוואָרן, און שלימאַזל האָט דערוף אַרויסגעקוקט, און ער איז באַלד פון וואָלקן אַרויסגעגאַנגען, און באַלד, און באַ זיין אַרויסגיין, האָט זיך מיטן ציגיינער-גאָט נעבן דער ציגיינער-מאַכנע אָנגעשלאָגן.

און שלימאַזל האָט אים פון טאָג און פון געשעעניש דערציילט, און אַז זיין לאַגע איז היינט אף אַ האָר געהאַנגען, און נאָך אַביסל וואָלט מען אים געוווען באַזוכט, און דאָס, וואָס ער האָט געהאַט באַ זיך, געפינען, און דאַן, און אים מעקאַנע זיין וואָלט ניט געווען אַף וואָס... און שלימאַזל האָט דאָס צירונג פון שויס אַרויסגענומען און דאָס דעם גאָט אַף באַטראַכטן באַוויזן, און גאָט האָט דאָס געזעען מעווייניש, און ער האָט דאָס אין פיל געלט געשאַצט, און דאַן, און אָפּשאַצנדיק, האָט זיך אָנגערופן און אַזוי געזאָגט:

— און איצט גענוג... און דיין אין הימל-זיין איז שוין ניט נויטיק און דיין זיך-אופהאַלטן דאָרט — אַ סאַקאָנע. און די ציגיינער וועלן אַ שטיק צייט זיך שוין פון צירונג שפּייזן, און דו די ציגיינער-מעלאָכע קאָנסט שוין... און איצט וועלן מיר זיך צוריקבייטן, און דו — צו די ציגיינער, און איך — צו די געטער ווידער.

און דער ציגיינער-גאָט האָט שלימאַזלען דאָס צירונג אָפּגעגעבן און אַליין איז אין וואָלקן אַריין, און שלימאַזל איז געבליבן און ווי-ניט-ווי אַף דער ערד דאַן איבערגעגעכטיקט און די נאַכט ערגעץ אין פעלד פאַרבראַכט, און אַף מאָרגן איז ער צו די ציגיינער אָנגעקומען, און גלייך און צום ערשטן, צום עלטסטן פון די ציגיינער זיך באַוויזן...

און אַז די ציגיינער האָבן אים דערזעען, און אַז שלימאַזל האָט זיי דאַן די מאַטאָנע באַוויזן, האָבן זיי אים מיט גרויס ערע און נייגיריקייט אַרומגערינגלט. און אויספרעגן האָבן אים גענומען: „וואו ער איז געווען, און וואו די צייט פאַרבראַכט, און וואו און פונוואַנען קומט צו אים אַזאַ גוטס פלוצלים..." און ער האָט געשוויגן און ניט געזאָגט גאָרניט, נאָר מיט די אויגן האָט ער געוואונקען און האָט אונטערגעשמייכלט געניייוויש און די ציגיינער האָבן פאַרשטאַנען, און אַז אַ גוטע „לערע" האָט ער געהאַט ערגעץ, און אַז די צייט האָט ער ניט אומזיסט פאַרבראַכט און פיל האָט זיך אויסגעלערנט, און איצט מעגן זיי זיך באַ אים שוין לערנען...

האָבן זיי זיך געפּרייט מיט אים זייער, און הונגעריק איז מען געווען, און באַ דער נעשאָמע קיין פּרוטע, און באַלד האָט מען באַ שלימאַזלען אַ דערלויבעניש געבעטן, און שלימאַזל האָט דערלויבט, און פון צירונג האָט מען גענומען, און גלייך אין שטאָט אַריין אַ שעליעך אַף דאָס צו פּאַרקויפן געשיקט; האָט מען געשיקט און יענער האָט פּאַרקויפט, און פיל שפּייז און אויך פיל געטראַנק מיט זיך מיטגעבראַכט...

האָט מען געגעסן און פריילעך געווען דעם גאַנצן טאָג, און שלימאַזל איז דער אָנגעזועענסטער און דער הויפּט-און איקער-גאַסט געווען, און אַלע אויגן זיינען צו אים געווען געווענדט, און אַלע בעסטע כאַלאָקים זיינען אים אָנגעקומען, און אַלע זיינען אַרום אים אַרומגעגאַנגען און אויך ציגיינערנס און די יונגסטע האָבן זיך געשאַרט ארום אים...

ווייל אויך דער שענסטער איז איצט שלימאַזל געווען: אָנגעגעסן און פון הימל-קעסט, און אַף זיין שטערן קיין בייל, און מיט אים — די ציין אַלע... און פּאַרנאַכט, און נאָכן עסן און נאָכן פריילעך זיין פון די ציגיינער, און שלימאַזל האָט זיך שוין מיט איינער אַ ציגיינערן פון דער מאַכנע אָפּגעטיילט און אויסער דיביידלעך אין פעלד געקומען, און באַלד, און אין אַ שטיקל צייט איז ער שוין מיט איר נאָענט געווען און זי אַרומגענומען, און געקושט זי און געליבט זי, און אַ קאַפּאָרע אַלע הימל-געטנס, — האָט ער פאַרזיכערט, — פאַר איין אייוער אירן, ציגיינערישן...

און שלימאַזל איז אַ היימישער געוואָרן, און באַלד האָט ער די, וואָס ער האָט געוואָלט, פאַר אַ ווייב גענקראָגן, און ציגיינער האָבן זיך פון אָרט ניט גערירט און נאָר אין פעלד געשטאַנען, און ניט געהאַנדלט און ניט געדאַרפט האַנדלען, ווייל צו וואָס און צו ווען? — אַז אַזוי לעבט זיך אויך גוט...

און גאָט?

ער איז אין הימל אָנגעקומען און אויך ער האָט ווי-ניט-ווי די נאַכט איבערגענעכטיקט... אָבער אַף מאָרגן, אַז מע האָט אים באַגעגנט און באַ אים אַפן שטערן דעם בייל דערזען, און אַז מע האָט זיך צערעדט מיט אים, און דערזען, אַז אַלע ציין פעלן אים, איז מען אַף אים אָנגעפאַלן און אַ גרויס אָנגעלאָף איז אַרום אים געוואָרן, און די געסן איז אָנגעלאָפן און דעם גרעסטן ראַעש געמאַכט, און איר מאַן איז צו, — און

אירע קוילעס האָבן דעם הימל געשפּאָלטן, און — „יאָ! און ס'איז דאָך קלאָר! דאָס איז ער, און דאָס האָט ער איר צירונג געגאַנוועט, און דאָס איז ער מיט דעם אַף דער ערד געווען און דאָרט די נאַכט אין די שענקען פאַרבראַכט און געשיקערט, און שיקערנדיק האָט זיך געשלאָגן, און אין געשלעג האָט די ציין אויסגעזעצט געקראָגן און אַפן שטערן דעם בייל באַקומען...״

האָט מען אים באַזוכן גענומען און געפונען האָט מען באַ אים גאָר־ניט, אָבער דאָס איז נאָך מער כאָשעדיק געווען, און נאָך פאַר אַ באַווייז אַף דער געטנס האַשאָרע געדינט: און אַז פאַרשיקערן אַזוי פיל האָט מען ניט געקאָנט, און אַז שיקערערהייט האָט מען באַ אים געוויס גע־גאַנוועט... און ער האָט געשוויגן, און צו זיין באַרעכטיקונג קיין וואָרט ניט געזאָגט, און טרויעריק געקוקט אַף אַלע, און קוקנדיק מיט גאָרנישט ניט דערווידערט... איז דער אוילעם נאָך מער אופגעבראַכט און אײנ־קאַעס געוואָרן זייער, און זיין שולד איז קלאָר געווען, און מעסופּעק זיין איז ניט געווען אין וואָס, און קיין וואָרט אַף זיך צו פאַרענטפערן האָט ער ניט געהאַט, און זיין אומשולד צו באַווייזן — אומעגלעך...

האָט מען אים געבונדן און אין הימל־טפּיסע אפּגעפירט, און מער די גענייווע האָט מען ניט געזוכט און דער אוילעם האָט זיך דערוף באַ־רואיקט, און וואָס מיטן גאָט צו טאָן, און ווי מיט אים זיך צו באַגיין — האָט מען נאָך צייט, און מע וועט נאָך באַקלערן...

האָט מען באַקלערט און אַ פּסאַק ארויסגעטראָגן:

— אַזויווי די גענייווע איז דאָך פאַרפאַלן, ווייל מיט די ערד־גאַ־נאָווים זיך אָנהויבן איז קיין אייסעק ניט, און סאַיווי איז אַף דער גענייווע צוריקצובאַקומען קיין האָפענונג, און אַזוי ווי דער גאָט צו באַצאָלן פאַרמאָגט ניט, ווייל קיין דינסט־לייט און קיין גלויביקע האָט ער ניט, און קיינע קאָרבאָנעס ווערן אים ניט געבראַכט און מיט קיינע מאַטאָנעס ווערט ער ניט באַשאָנקען, און פון דער גאָט שאָדן וועט דאָך פאַרן שאָדן אומגעקערט באַקומען, ווייל געטער האָבן יאָ גלויביקע: גרויסע געטער — גרויסע פעלקער, קליינע געטער — קליינע פעלקער, — און די געטער ווערן פון זיי אויסגעהאַלטן... יאָ אויסגעהאַלטן... אָבער שוין אַ צייט, אַז די גלויביקע האָבן פון די געטער קיינע נוצן ניט, און געטער (זאָגן זיי) עסן נאָר אומזיסט, און קיין הילף פון זיי — קיין מינדסטע. און גלויביקע

מאָנען שוין, און דינסט־לייט פאָדערן, אַז געטער זאָלן זיי דאָס שוין לאנג־צוגעזאָגטע אַף דער ערד אַראָפלאָזן, שאָלעם און מאָשיעכס־צייטן זיי שיקן, און די זון זאָל זיי אי באַטאָג, אי באַנאַכט, און אַ גאַנץ גייענדיק יאָר לויכטן...

און געטער וואָלטן געוואָלט גערן, און געטער וואָלטן אַוואַדע עפּעס געטאָן דערפאַר, אָבער זיי ווייסן ניט וואָס, און ווי אַזוי מע נעמט זיך פאַר דעם,— איז אָט איצט זאל ער, דער געשטראָפטער גאָט, אַף דער ערד אַראָפגעלאָזן ווערן, און — זאָל ער עפּעס טאָן, און זאָל ער אונטערנעמען... און טאָן דאַרף אַזוי:

„זאָל אים אין וועג אַריין אַ הימל־ליכט מיטגעגעבן ווערן, און באַווייזן מיט דער ליכט דאַרף ער זיך אין מיזרעך, ווייל איז מיזרעך איז הייס, און אין מיזרעך איז שטרוי, און שטרוי איז גוט צו סרייפעס, און זאָל ער דאָרט צינדן פון צייט צו צייט, און בלינדע מיזרעך־לייט זאָלן זען, און בלינדע מיזרעך־גלויביקע זאָלן זיך איבערצייגן, אַז געטער שלאָפן ניט, און אַז געטער טוען פאַר זיי עפּעס... און פאַר מאַירעוו,— וואו קיין שטרוי איז ניטאָ, און ביניאָנים זיינען פעסט, און צינדן צינד זיך נישט לייכט, און מענטשן שלאָפן רואיק און זיי הערן ניט, ווי טויב אין שלאָף,— זאָל ער זיך אַ פייקלער דינגען, און באַנאַכט דאָרט אין שלאָף די מאַירעוו־לייט מיט דער פויק וועקן... און אַ פויק ווערט אים אויך מיטגעגעבן, אָבער קיין פייקלער ניט, און דעם פייקלער מוז ער אַליין קריגן, און ער מוז עס אַף זיך נעמען, און — געטער ווילן ניט וויסן! — האָט ער אין איין נאַכט אַ גאַנץ פאַרמעגן פאַטערן געקאָנט, מוז ער איצט אַ פייקלער אַף אייגענע הויצאָעס נעמען... און — געטער וועלן רואיק זיין אַ צייט, און געטער וועלן זייערע גלויביקע שוין אַף עפּעס קאָנען אָנווייזן, און די גלויביקע וועלן זיי ווידער עסן טראָגן און אויך דינסט־לייט וועלן זיך באַרואיקן, און גאָט דער גאַנעוו וועט זיין שטראָף באַקומען, און דער מישפעט פון די געטער איז אַ גערעכטער...“

אַזוי האָט מען געפאַסקנט און אַזוי געטאָן: און דעם ציגיינער־גאָט האָט מען פון טפיסע אַרויסגעפירט און אין וועג אים אָנגעריכט, און אָנגעטאָן האָט מען אים אין אַ נאָזיר־קלייד, און די שטריק, מיט וועלכע ער איז געבונדן געווען, האָט מען אים אַרום גאַרטל ארומגעגאַרטלט, און אין דער האַנט האָט מען אים אַן אָנגעצונדענע ליכט מיטגעגעבן,

און אַפן האַלז אים אַ פּויק אופגעהאַנגען, און אַזוי אַן אָנגעטאָנענעם האָט מען אים איינמאָל אין אַן אָוונט צום וואָלקן צוגעפירט, אופגעעפנט און ארויסגעלאָזט...

און ווער. ס'האָט דעם גאָט פון וואָלקן ארויסגיין געזעען, האָט זיך געכידעשט און דערשראָקן, אָבער שלימאַזל האָט אים דאָך דערקענט, און פאַר שלימאַזלען איז דאָס קיין נייס ניט געווען.

און געווען איז דאָס אינאָוונט, און די ציגיינער-מאַכנע איז שוין געשלאָפן, און שלימאַזל איז מיט זיין יונג ווייב נאָך פאַר זיין שוועל געזעסן און פאַרן שלאָף זיך מיט איר אַף דער שוועל געשפּילט, — האָט ער דעם גאָט מיט דער ליכט אין דער האַנט און מיטן פּייקל אַפן האַלז דערזעען און ער איז אים אַנטקעגנגעלאָפן און אים באַגעגנט... און גאָט איז זייער טרויעריק געווען, און גאָט האָט אים פון זיין אוינעש, וואָס איז אַף אים ארופגעלייגט געוואָרן, דערציילט, און אַז פאַר שלימאַזלען און ציגיינער מוז ער איצט אָפּקומען, און מיט אַ ליכט מוז ער גיין און אַף סרייפעס האָט זיך אונטערגענומען, אָבער קיין פייקלער האָט ער ניט, און ער ווייסט ניט, ווי אים צו באַקומען, און — אויב ער וויל, און אויב ער באַשטייט, שלימאַזל, זאָל ער עס אַף זיך נעמען, און זאָל ער אים ארויסהעלפן... און, נישקאשע (האָט גאָט צוגעגעבן), איך מיין שטראָף וועל אָפּקומען, אָבער די געטער וועלן — מערער, און פייער איז א סאַקאָנע, און בעשאַס צינדן און ברענען, וועלן אויך זייערע טעמפּלען און היילקייטן מיטברענען, און גלויביקע וועלן זייערע שטיבער און שייערס דאַרפן ראַטעווען און פאַר טעמפּלען און פאַר היילקטימער וועט קיין הענט און קיין וואַסער ניט סטאַיען. און אַז מאַירעוו וועט דערהערן, אַז מיזרעך ברענט, וועט דאָרט אַ מעהומע ווערן און מע וועט צו דער סרייפע לויפן, און דאַן (האָט גאט ווידער צוגעגעבן) און גאַנאָווים וועלן „פאַרדינען" און ציגיינער וועלן ניט דערלייגן אוןביידע וועלן זיך ניט נאַרן און פלינקע הענט וועלן אַריינכאַפּן...

און שלימאַזל איז באַשטאַנען און שלימאַזל האָט גאָטס פאָרשלאַג אָנגענומען, און באַלד האָט ער פון גאָט די פּויק אַראָפּגענומען און זי זיך אַפן האַלז אופגעהאַנגען, און שלימאַזל האָט אַ פּרואוו געטאָן און זי האָט זיך מיט אַ גרויסן בום-בום אַפן פעלד, וואָס פאַר דער ציגיינער-מאַכנע, אָפּגערופן, און דאָס ווייב זיינס האָט אַ פּויק דערהערט און זי האָט זיך

דערשראָקן, און זי האָט די אויגן אופגעהויבן, און איר ציגיינער מיט אַ פויק, מיט אַ גאָט און מיט אַ ליכט אין דער האַנט דערזעען, האָט זי זיך נאָך מער דערשראָקן, און גיך און מער שוין ניטקוקנדיק האָט זיך גלייך אין געצעלט אַריינגעמאַכט, און איילנדיק האָט זיך אַף איר געלעגער אַ וואָרף געטאָן און יענע נאַכט שוין אָן א מאַן פאַרבראַכט...

און גאָט מיט שלימאַזלען זיינען אַוועקגעגאַנגען און ציגיינער זיינען איבערגעבליבן, און אַ צייט האָבן זיי נאָך פונם צירונג געלעבט. אָבער אַ צייט, אַז ס'איז זיי שוין אויסגעגאַנגען דאָס צירונג און פון דעמאָלט אָן קוקן ווידער אַף הילף אַרויס, פון זייער גאָט דעם בעטלער און פון שלימאַזלען זייער מאַשיעך, און געהערט האָבן זיי, אַז איינער האָט זיך מיט אַ ליכט אַוועקגעלאָזט, און מיט אַ פויק — דער צווייטער, און די וועלט אַף מעהומעס וואַרט, און אויך די ציגיינער דערויף וואַרטן... האָבן זיי דאָס דערהערט און אַ יעדיע האָט צו זיי דערלאַנגט, האָבן זיי מיך אויסגעקליבן און געשיקט אַהער, אום צו זען און אום צו הערן, אום וועגן אַלעם דאָ באַ אייך צו געוואָר ווערן...

און דאָ האָט דער ציגיינער זיין מאַיסע געענדיקט, און אַלע פעלקער־קינדער האָבן אים אופמערקזאַם אויסגעהערט ביז ענדיקן, און אייניקע האָבן געשמייכלט אים אויסהערנדיק, און אַנדערע האָבן זיך געוואונ־דערט, און אָפן אַרויסגעזאָגט זייער וואונדער: ווי פאַרשיידן איין לע־גענדע אין פאַרשיידענע מויכעס באַ פאַרשיידענע פעלקער שפּיגלט זיך אָפּ, און ווי יעדעס פאָלק אין זיין געשטאַלט און פאָרם אויך זיין לע־גענדע פאָרמט און שאַפט... און דער אוילעם איז נאָך געזעסן און פאַר־טראַכט איינינעם, און כאָטש די שאַ איז שוין אַ שפּעטע געווען, און כאָטש דער זייגער האָט שוין לאַנג אַריבער דער האַלבער נאַכט געוויזן; און פּלוצים — און איינעם האָט זיך אין אַ פענצטער אַ ליכט אויסגעוויזן, און אַ צווייטער, און נאָך איינער האָט עפּעס ווי אַ פויק פויקן דער־הערט... האָבן זיך אַלע פונם טיש אופגעשטעלט, און מויל און אויגן אופגעעפנט און אויערן אנגעשטעלט, און מיטאַמאָל, און איינער (נישט צו באַמערקן ווער) האָט זיך פון טיש אַ הויב געטאָן, און אַלע נאָך אים, און אַלע האָבן זיך פון זאַל אין דרויסן אַרויסגעשיט.

און אַלע זיינען אינדרויסן געקומען, און אַלע האבן זיך אין איין רעדל געשטעלט, און געקוקט אין אַלע זייטן און געזען, אַז ס'האט זיך נאר אויסגעדאַכט, און קיין ליכט איז ניט צו מערקן, און פון קיין פויק ניט קיין סימן; און אַז אַלע זיינען פון דער אויסדרוכטעניש און צו דער איבערצייגונג געקומען, און מיטאַמאל, אַז ס'איז שוין שפעט זיך דער־מאנט, און צייט שוין צו שלאפן, אַזוי האבן זיך אַלע פאר די וועסט־טאשן געכאפט, אום אף די זייגערס צו זען, און — טפו! און — וואס איז דאס? — באַ קיינעם קיין זייגער, און בא אלע זיינען די וועסט־טאשן ליידיק געווען...

האט מען זיך ארומגעקוקט און ארומגעזען: און אלע פעלקער־קינדער זיינען אפן ארט געווען, און נאר איינער, דער ציגיינער, וואס האט יענעם אוונט די מאיסע דערציילט, האט געפעלט. האט מען זיך באלד אנגעשטויסן און פאַרשטאַנען, און געלאכט און זיך געווערטלט, און גע־וויצלט, און פריילעך געווען און אופגעלייגט זייער, נאר איינער א בע־רויגעזער האט זיך געברויגעזט און אינקאעס געווען שטארק, און — „ניין, און ס'איז ניט פאַרפאַלן, — האָט ער געטאַינעט, — און ער מוז די זאַך קרימינאַל איבערגעבן"...

און אַף מאָרגן, און דער ברויגעזער האט וואָרט געהאַלטן, און די זאַך איז קרימינאַל איבערגעגעבן געוואָרן, און קרימינאַל דעם פאַרשוין זוכט שוין, און דער פאַרשוין איז ניטאָ, און זיינע שפורן זיינען פאר־שוואונדן, און אַליין, זאָגט מען, איז מעאייווער־לעיאם שוין, און נאָר ציגיינער פון אים ווייסן... און אזוי גייט א ווערטל בא די ציגיינער: „ביז וואָס ווען, ביז מאָשיעך וועט קומען, און ביז גאָט וועט געבן, מוז מען דערווייל פון געניווועס און פון קינדער־זייגערלעך לעבן".

זיי זיינען געשטאַנען אויסגעשטעלט ווי אַ דאַוונענדיקע איידע, אין אַ גלייכער שורע און מיט די פּנעמער צו דער ערדישער, קילער און פייכט-שאָטנדיקער וואַנט, אין טיפן וואַלד-גראָבן דאָרט.

— ווער?

— די מאָכיקע.

זיי האָבן זיך ניט גערירט, קיין כיעס און קיין לעבעדיקייט פאַרמאָגן זיי ניט. אָבער ערנסטע און בעטנדיקע האָבן זיי אויסגעזען, און א גאַנצע איידע האָט זיך דאָך צונויפגעקליבן, און מיט פּנעמער צום וואַנט געשטעלט, און זייער געבעט איז געווען איינס, און צו איין קאַוואנע האָבן זיי זיך מיסכאַוון געווען...

האָט מען, ווייזט אויס, זייער געבעט פאַרנומען, און הינטער די פּלייצעס זייערע האָט זיך שפּאַצירנדיק דער גרינער מאַן באַוויזן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און די מאָכיקע אין די רוקנס דערזען, ווי זיי שטייען אַזוי און ווי אַלע איין באַגער באַגערן, האָט ער זיך אָנגערופן און געזאָגט:

— מאָכיקע, וואָס זיצט איר און וואָס באַגערט איר?

האָבן זיך די מאָכיקע נישט אויסגעקערעוועט און אף זיין פראַגע נישט געענטפערט, נאר ער אַליין, און ווייטער אף זייערע רוקנס קוקנדיק און פון זיי קיין ענטפער נישט באַקומענדיק, האט אליין און פאר-שטענדלעך זייער ענטפער פאַרשטאנען...

האָט ער פון זיין גאַרטל אַ שליסל אַראָפּבאַקומען און צו זייער וואַנט און אין גראָבן אַריין אַראָפּגעגאַן, האָט ער דאָרט אַ טיר געפונען און געעפנט, און אַליין זיך באַ דער זייט אוועקשטעלנדיק, האָט דער גאַנצער איידע שטיל אף דער טיר אנגעוויזן. און די מאָכיקע האָבן זיך פון דער וואַנט אפּגעטיילט, און איינציקווייז, און איינער נאכן אַנדערן, אין דער אנגעוויזענער טיר אריינגעגאַן, פּאַמעלעך און נעצנדיק, און ווי מאָכיקע

קאָנען גיין; און אַז אַלע זיינען שוין אינעווייניק געווען, איז אויך דער גרינער מאַן און דער לעצטער דאַן אַריין, און באַלד און אַהין אַריינ־קומענדיק, האָט נאָך זיך די טיר פאַרמאַכט און פון יענער זייט פאַר־שלאָסן.

און דער גרינער מאַן האָט געפירט און מיט די מאָכיקע אַף פרייען פעלד אַרויס, און פרימאָרגן איז נאָך געווען, און דער גרינער מאַן האָט זיי סאַמע אינדערמיט, צום זוניקסטן און צום וואַרעמסטן אָרט געבראַכט. האָט ער זיי זיך אַוועקזעצן געהייסן, און מיט דער האַנט פאַר זיי ווי אַ ראָד אָנגעצייכנט; און די מאָכיקע האָבן געפאָלגט, און שטיל, און נישט רעדנדיק האָט יעדערער אַן אָרט פאַרנומען, און דער גרינער מאַן האָט צוגעקוקט, און ביז אַלע האָבן זיך אויסגעזעצט, אויסגעוואַרט, און דאַן האָט זיי אַף טאָג און אַף טריקענען איבערגעלאָזט, און אַליין צו זיין אַרבעט, אַף פעלד און אַף גרינעם אַוועק.

און דער גרינער מאַן האָט אַף לענג און אַף ברייט, אַף אַלע פעלד־עקן און גרענעצן מיט זון און גראָז געגרינט און גרין־באַשעפטיקט געווען, און נאָר פון צייט צו צייט, צווישן שאָ און שאָ, האָט אויך אַהין, צו די דורך־אים־אַוועקגעזעצטע, זיך אומגעקוקט, צו זען, ווי אין זיצן גייט זיי, און צו מערקן, ווי אין טריקענען האַלטן זיך. אַזוי אַ מאָל אין אַ שאָ, נאָך אַ מאָל און מער מאָל, און אַזוי אייניקע מאָל, ביז פאַרנאַכט . . .

און אַז די זון האָט זיך שוין צו הימל־און ערד־נידעריקייט אַראָפּ־געלאָזט, און דער גרינער האָט שוין זיין טאָג־אַרבעט געהאַט פארענ־דיקט, און אַלע גרענעצן אַרומגעקוקט און שוין מיד געווען פון קוקן, האָט ער זיך דאַמאָלט צום מיט־פעלד געלאָזט, אָנגעקומען און געזען:

באַ די מאָכיקע האָבן די קעפּ, ווי באַ פרישע סטערטעס היי אויס־געטריקנט, און די נעק אונטער זיי איז שוין ווינציקער געווען, און פון די קעפּ זייערע האָט זיך אַ פרישער היי־רייעך געטראָגן, האָט ער זיך נעבן זיי און נעבן זייער ראָד אַן אָרט אויסגעקליבן, זיך אַראָפּגעלאָזט — אַליין צו רוען, און צוזאַמען מיט די זיצנדיקע דעם אוונט און ערעוו־אוונט צו פאַרברענגען.

און די מאָכיקע האָבן געשוויגן און מיט פאַרנאַכט, מיט נאָך־טאָג און מיט פעלד־און ערד־גוטס געאטעמט, און אַז דער גרינער מאַן האָט

זיך דאַן געווענדט צו זיי און באַ זיי אַ פרעג געטאָן: „און נו, מאָכיקע, ווי איז אייך געגאַן דער טאָג?“ — האָבן יענע ווידער גע־שוויגן, אָבער אין שווייגן זייערן איז איצט אַ צופרידנקייט געווען, און אינם נישט־ענטפערן — אַן ענטפער: בעסער האָבן זיי זיך ניט גע־וואונשען...

און דער גרינער מאַן איז אויך צופרידן געווען, און פאַרן טאָג און צופרידנקייט האָט געוואָלט זיין ליולקע פאַרויכערן, אָבער באַ זיך האָט קיין פייער נישט געפונען, און אויך די זון איז שוין פאַרגאַן, און אויך באַ איר האָט ער נישט אנצינדן געקאָנט, האָט ער געוואַרט אַ ווײַלע, און ביז אין פעלד האָט זיך דער טאָג געלייגט און מיט טונקלעם די גאַנצע ערד באַצויגן, האָט ער זיך דאַן אופגעשטעלט און צו איינעם אַ זייט־הימל געווענדט, האָט ער דאָרט דעם אָונט־שטערן דערזען, דעם גאָלדענעם און דעם גוטן, האָט ער צו אים אַ האַנט אויסגעשטרעקט און יענער האָט אים אַ בלאָ פייערל אף זיין שפיץ פינגער דערלאַנגט, האָט ער עס גענומען און מיט דעם זיין ליולקע פאַרויכערט, און נאָכן פאַרויכערן איז אים נאָך געבליבן, און ער האָט דאָס אויך צו די מאָכיקע און צו זייערע קעפ צוגעטראָגן. און אַזוי און צוטראָגנדיק, און ער האָט יעדן מאָכיקן זיין צוגעטריקנטן קאָפ אָנגעצונדן, און אויך אַלע מאָכיקע האָבן פאַרויכערט...

שטיל און ערעוו־אָוונט, און אַלע מאָך־קעפ האָבן מיט רויך גע־דעמפט, — ווער נאָר מיט רויך, און ווער אויך וואו־ניט־וואו מיט אַ פלעמל אופגעפלאַמט — און אַלע האָבן זיי מיט פאַרוואונדערונג צום גרינעם מאַן געקוקט: ווי ער איז געשטאַנען און ווי רואיק ער האָט זיין ליולקע גערויכערט, און ווי גרינג ער האָט דאָס פייער באַקומען, און ווי לייכט מע האָט עס אים פון הימל דערלאַנגט...

און דער גרינער מאַן האָט זייער פאַרוואונדערונג געזען און גע־שמייכלט, און דאַן, און אַז ער האָט זיך ווידער אף דער ערד אַראָפּגע־לאָזט, האָט זיך צו די מאָכיקע געווענדט און אָנגערופן:

— כ'זע, איר וואונדערט זיך, ווי כ'האָב אין הימל פייער באַקומען, און ווי היימיש כ'בין מיט די שטערן אין הימל, וויל איך אייך דאָס קלאָר מאַכן און אויך קלאָר דערקלערן. און אַזוי ווי די נאַכט זאָגט־צו־צו זיין א שטילע, און דער אָוונט — א מילדער, און איך בין נאָך ניט

באַ שלאָפן, און איר מיססאָמע אויך ניט, קאָנט איר דערום הערן און איך וועל דערציילן.

און די מאָכיקע האָבן געדרויכערט און מאַסקעס געווען, און דער גרינגער מאַן האָט דערציילט:

„קליינערהייט בין אין פעלד אַ מעשאָרעס געווען, האָב באַ גרינס און גראָזן פאַר אַ שיק-אינגל געדינט, און ווינטן, ווען זיי פלעגן פון שטעט און נישט ריינע ערטער קומען, פלעגן זיך מיט מיר שאַפן און איך האָב זיי אַף די הענט וואַסער געגאָסן...

און געליבט און אָנגעלייגט בין איך געווען באַ די ווינטן, ווייל זיי האָבן מיין קינדערש-איבערגעבנקייט צו זיי געזען, און אויך זיי צו מיר זיינען איבערגעגעבן געווען און מיך געצערטלט. און טאָמעד, ווען זיי פלעגן פון אַ וועג און פון ווייט צופליען קומען, פלעגן זיי מיך געדענקען, און טאָמעד, און אָנקומענדיק, מיר פון אונטער דער פאָלע א מאַטאָנע ברענגען — אַמאָל איין שפיל-זאַך, און אַמאָל אַן אַנדערס, און ווען זיי האָבן שוין גאָרנישט נישט געבראַכט, פלעגן זיי מיך מיט עפּעס אַנדערש, פלעגן מיך מיט עפּעס דערציילן באַלוינען.

און ליב איז מיר געווען, מיט אַן אַלטן ווינט, מיט אַ מידן און אָפּגע-פלויגענעם פליער, אַמאָל אַף א גאַנצן טאָג, צי אַף אַ גאַנצער נאַכט, צו בלייבן, באַ אים צופוסנס און נעבן זיין אָפּגעריבענער פאָלע זיך האַלטן, אים אין די אויגן און אין מויל קוקן, הערן, הערן און אַף זיינע געיעגן און מאַיסעס זיך כידעשן...

און די אַלטע האָבן נישט געקאַרגט, און זיי האָבן זיך מיט מיר ווי מיט א גרויסן געטיילט, און טאָמעד נאָך אַזאַ טאָג, צי נאָך אַזאַ נאַכט א גאַנצער, נאָכדעם, אַז מיר זיינען לאַנג אַף איין אָרט אָפּגעזעסן און פיס און ביינער זיינען אונז פארקלאַסטערט געוואָרן פון זיצן, פלעג מיר דעמאָלט דער דערציילער זיך צעלויפן הייסן, זען, ווי איך וואַקסן האַלט איך, און ווי גרינג מיינע פיס טראָגן מיך.

און איך בין געלאָפן, און דער אַלטער פלעג מיר מיט די אַלט-פאַר-זשמורעטע אויגן נאָכשפירן, און אַז איך בין צוריק געקומען און פאַר אים זיך אַוועקגעשטעלט, פלעג ער שמייכלען און מיר אין פלייצע קלאַפּן, אַף מיר גוט קוקן און „גוט” זאָגן — „גוט, און אַז דו וועסט אונטערוואַקסן, וועסט דו צו א ווינטיש שעליכעס טויגן”. און איך האָב

זיך געפּרייט, און איך האָב ווינטיש גוטס געוואָלט פאַרדינען, און איך האָב זיי נאָך מער געדינט, און אויך פון זיי, וואָס אַ מאָל אַלץ מער און מער געליבט געוואָרן, און שטילערהייט האָב געהערט, ווי זיי פלעגן זיך וועגן מיין גורל און וואוקס שושקען, און שטילערהייט — פעלד און גראָזן פאַרזאָגן, זיי זאָלן מיך מיטן בעסטן, וואָס זיי פאַרמאָגן, שפּייזן.

און איך בין געוואַקסן און מיט יוגנט און פאַרגעניגן מיין דינסט געטאָן, און די טעג האָב מיט גראָזן פאַרבראַכט, און באַנאַכט האָב איך אין פעלד גענעכטיקט, און זון און האָניק איז מיין שפּייז געווען, און ווינטן — מיינע דערציער און פאַרזאָרגער.

און אין אַ צייט אַרום האָב שוין דאָס ערשטע שעליכעס באַקומען.

און געוועזן איז דאָס אַ באַנאַכט איינמאָל, ווען די ווינטן האָבן זיך גראָד אַף דעם אָרט, וואו איך האָב מיין געלעגער אויסגעקליבן, זיך פאַרזאַמלט; און געהערט האָב איך, אַז ווינטן זיינען עפּעס פון איינער אַ זאָרג באַהערשט, און אַז איך האָב זיך איינגעהערט, האָב פאַרנומען: „אַז מעגלעך מאָרגן, מעגלעך איבערמאָרגן וועט דורכדאַנען דער האַר זייערער דורכפאָרן, און זאָגן פאַרפריער האָט זיי דער האַר נישט גע-זאגט, און גענוי די שאָ ווייסן זיי נישט, און גענוי דעם טאָג — אויך נישט, און באַ קיינעם קאָנען זיי נישט געוואוירע ווערן, און דער האַר קאָן פלוצלים קומען, און דער האַר קאָן אַ היגן ווינט דאַן פאָדערן, באַ אים אַף זיינע גיטער און פעלדער פרעגן, און ווינטן וועלן דאַמאָלט ווייט און פאַרנומען זיין און דער האַר וועט נישט האָבן באַ וועמען צו פרעגן, — איז אָט, זיינען דערום פאַרזאמלט און פאַרזאָרגט די ווינטן, האָבן זיך צונויפגענומען און קאָנען זיך קיין אייצע נישט געבן, ווייל אַלע זיינען שוין צעשטעלט, און אַף מאָרגן, איבערמאָרגן האָבן אַלע פאַרשיידענע אַרבעטן פון ווייט, און דאָס פעלד און דער פלאַץ בלייבט נישט באַוואַכט פון קיינעם, און וואו נעמט מען, און וואו קריגט מען אַ איבעריקן איינעם?“...

— איך! — האָב איך זיך פון מיין געלעגער אופגעכאַפּט און אינמיטן דער ווינטן-פאַרזאַמלונג מיט מיין וואָרט אַריין.

און די ווינטן האָבן זיך דערשראָקן צום ערשט, און ווער איך בין נישט פאַרשטאַנען, און דערנאָך, אַז זיי האָבן מיך און אַז ס'איז איך דערזען, האָבן זיי זיך מיט מיר דערפרייט אַלע, און אַלע האָבן מיך

אַרומגערינגלט, און אַלע האָבן מיך פון אַלע זייטן אַרומגעקוקט, און אַזוי און מיך אַרומקוקנדיק, האָבן אַלע געלאַכט און פון מיין קינדערשער טמימעס האַנאָע געהאַט.

— האַ, און עפשער?..— האָבן אייניקע לאַכנדיק געזאָגט, און — פריער אַף קאַטאָוועס און דערנאָך שוין ערנסט,— און אַלע האָבן איינ־ געזען, און אַלע באַשטאַנען, און אַלע האָבן דאָס טאַקע פאַר אַ פּלאַן געפונען: אַזוי ווי איך בין יונג און גרינג, און אַזוי ווי איך בין גרין און אין פעלד איז מיך ניט אַרויסצוזען, אַזוי זאָל איך די וואַך האַלטן און קוקן, און אַז איך וועל פונווייטן דעם האַר דערזען, זאָל איך לויפן און אָנזאָגן און אַ נאָענטן ווינט פון האַרס אָנקומען צוּוויסן געבן.

און אַזוי איז דאָס אויך געבליבן. און ווינטן זיינען צופרידן געווען, און ווידער האָבן זיי מיר אין פּלייצע געקלאַפּט און געלאַכט צו מיר, און פאַרן שלאָף מיר אָנגעזאָגט, און פאַרן לייגן־זיך מיך געלערנט, ווי איך זאָל שטיין און ווי וואַכן, און וואָס איך זאָל טאָן, און וואָס פאַר־ נעמען, אַז איך וועל דעם האַר דערזען; און איך האָב זיך צוגעהערט און אַלץ אויסצופאָלגן צוגעזאָגט, און ווינטן זיינען באַרואיקט געבליבן, און נאָכדעם איז יעדערער, וואוהין ער האָט באַדאַרפט, אַוועקגעפלויגן, און איך האָב זיך געלייגט און איך בין די נאַכט איבערגעשלאָפן, און אַף מאָרגן, און מיטן טאָגלעך האָב זיך אויפגעכאַפּט און גלייך זיך צו דער וואַך געשטעלט...

געשטאַנען און געשטאַנען — דער האַר איז ניטאָ, אַ שאָ און צוויי — דעם האַר איז ניט צוזען, אַ דריטע שאָ — און איך בין דאָך מער ניט, ווי אַ אינגל געווען, האָב איך זיך פאַרשפּילט, ווייל אין פרימאָרגן און פאַר דער זונס אויפגיין איז מיר קאַלט געווען, און שפּעטער, אַז זי איז אופגעגאַן, האָב איך זיך דערוואַרעמט; און אויך מיינע כאַוויירים האָבן זיך באַוויזן: מיינע פליגן און ווערעמלעך אין גראָז, און מיינע היישעריקן אין הויך־גראָז האָב דערהערט,— האָב איך זיך געלאָזט נאָך זיי, זיי נאָכגעלאָפן און געפאַנגען, און ־ גלייך, און נאָכן ערשטן היישעריק אין האַנט האָבנדיק, האָב שוין אין דער וואַך און אין די ווינטן און אויך אין האַר פון די ווינטן פאַרגעסן...

און דער פרימאָרגן איז מיר אין שפּילן אַוועק און איך בין מיט כאַ־ וויירים פאַרנומען געווען, און די זון האָט זיך שוין אַרופגערוקט און

אונז קאָפּ און פּלייצעס געבריט, און אום זיך צו קילן, האָבן מיר זיך מיט פּיס און באָרוועס פון איינע גראָזן אין אַנדערע געיאָגט און געשפּרונגען, און אַזוי און פאַרנומען זייענדיק, און אַזוי און זיך פאַרגעסנדיק, האָב נישט באַמערקט, ווי איינער אַ הימל־עק איז אינמיטן פּלוצלים גאָר פאַרטונקלט געוואָרן, און אויך די גאַנצע שיין אין פעלד. האָבן מיר מיטאַמאָל אַ פרעמדן אָטעם דערפילט, און היימישע גראָזן האָבן גענומען די קעפּ אין אַ זייט אַריין בויגן, און פון הימל און פון דער זון פון אויבן האָט זיך אַף דער גאַנצער ערד אַ שאָטן אויסגעצויגן; האָבן מיר זיך אינמיטן דער שפּיל פאַרהאַלטן און פון לויפן זיך אָפּגעשטעלט, האָבן מיר זיך אַרומגעקוקט און דערזען:

אַף יענעם הימל־עק, אין אַ גרויסן שטויב־וואָלקן איז שוין דער האַר פון די ווינטן אין זיין פאַרמאַכטער קאַרעטע צו זיינע נאשפּיק־געשפּאנטע פערד געשטאַנען און רייטער זיינען אַף די פערד געזעסן, און דינער — אַף די קאָזלעס, און נישט צו זען און נישט צו באַמערקן איז געווען, צי פאָרן זיי דאָרט, די רייטער, צי האַלטן זיך נאָך אויף פון פאָרן...

און מיינע כאַוויירים האָבן זיך נ י ט דערשראָקן, ווייל מיינע כאַוויירים האָבן דאָך פון דעם האַר נישט געוואוסט, און געוואונדערט האָבן זיך אַף מיר נאָר, וואָס איך האָב זיך י אָ דערשראָקן, און וואָס כ'האָב זיך אָפּגעשטעלט און אינמיטן די שפּיל איבערגעריסן...

און אַז איך האָב די קאַרעטע דערזען, האָבן זיך באַ מיר דאָך די קניעס אונטערגעהאַקט, ווייל איך בין דאָך מיט די ווינטן גוט געווען, און נעכטן האָב דאָך עפּעס צוגעזאָגט, און אַף היינט — אַף זיך גענומען, און דער האַר שטייט שוין באַם פעלדסטויער און ווינטן ווייסן נאָך פון גאָרנישט, און ווי זאָל איך צו זיי קומען און ווי וועל איך נאָך באַווייזן, און וואָס וועל איך זיי זאָגן, אַז איך וועל זיי נ י ט אָנזאָגן און נישט באַווייזן...

און איך האָב זיך מיט קויעך אָנגענומען, און מיינע יונגע קניעלעך האָבן מיט קראַפט אַ קראַך געטאָן, און אַ ריס האָב זיך געגעבן און פון יענעם הימל־עק באַלד אָפּגעקערעוועט, און פונקט צום אַנדערן, צום אַנקעגנדיקן, אַוועק, — אַוועק, און מיט אַזאַ א י מ פּ ע ט אַוועק, און מיט אַזאַ קויעך, אַז ווען נישט דער האַר, ווען גלאַט און אַזוי אַ ווינט, און איך בין זיכער, איך וואָלט זיך מיטן יונגסטן און גרינגסטן פאַרוועס,

און קיינער וואָלט מיך ניט דעריאָגט, און קיין איינער וואָלט בײַ מיר דעם וועט־געלאָף נישט געווינען...

אָבער דער האַר... און דערצו נאָך אין זיין קאַרעטע, און מיט די שוואַרצע פערד נאַשפּיץ געשפּאַנט, און מיט די רייטער אַף די פערד און מיט די דינער אַף די קאָזלעס. — און דער האַר האָט זיך נאָך מיר יאָגן גענומען, און גלייך האָב דאָס אין דער פּלייצע פון זיינעם אַ ווינט דערפילט, און איך בין געלאָפן, און דער ווינט איז מיר פונהינטן, פון די זייטן און פונפאָרנט פאַרלאָפן און מיך גענגט און אָפּהענטיק געמאַכט און מיר אָטעמען געשטערט.

און וואָלקנס האָבן זיך גענומען טראָגן איבער מיין קאָפּ, געיאָגט און מיך איבערגעיאָגט, און אין פעלד איז אַ געוויטער געוואָרן, און אַ פינצ־טערניש האָט זיך אָנגערוקט; און כאַוויירים היישעריקן זיינען אַנשוויגן געוואָרן, מיך פאַרלאָזט און נישט געבליבן, און גראָזן — האָב דערזען — האָבן פאַר אַ באַלדיקן און גרויסן רעגן מוירע.

און טאַקע: און באַלד האָב איך לויפנדיק די ערשטע רעגן־טראָפּנס אַפן קאָפּ דערפילט, און באַלד האָט מיר אין די אויגן אַ לופטיקער בליק געטאָן, און טייקעף האָט זיך אַ קראַך דערהערט, און אַ גרויסער שלאַקס־רעגן האָט מיך געטראָפן; און באַלד דערנאָך האָב הינטער זיך פערדישע טלאָען דערשפּירט, און גלייך נאָכדעם — אַפן האַלז־און נאַקן פערדישע נאָזלעכער אַף מיר בלאָזן, און באַלד, האָב איך געהערט, האָבן זיך אַ שטעל געטאָן די פערד, און אין גרויסן שלאַקסרעגן איז איינער אַ רייטער פון פערד אַראָפּ, צו מיר פונהינטן צו און מיך אַ נעם געטאָן, און מיט מיין גאַנצער נעץ און מיט מיין כליופּ אינגאַנצן האָט מיך צו דער קאַרעטע געבראַכט, אַ טיר געעפנט און מיך אַריינגעשטויסן, און — אַ נאַסער און פאַרשעמטער, געלאָפן, נישט דערלאָפן און אינמיטן לויפן געפאַנגען — האָב זיך אויג אף אויג דאַן מיטן האַר אין זיין קאַרעטע געטראָפן...

און דער האַר האָט אַף מיר געקוקט, און איך אַף אים — ניט, ווייל כאָטש מיין שולד איז נישטיק געווען און מיין וואַך־פאַרזען — נישט גע־וואָלט און נישט אומיסטן, און דאָך האָב פ א ר ז ע ן, און די ווינטן וועלן דערפון ליידן, און וואָס וועלן זיי זאָגן, און ווי וועל זיי אין די אויגן קוקן? און איך האָב די אויגן פאַר בושע אַראָפּ געהאַלטן, און איך האָב זיך צעוויינט פאַר בושע...

און דער האַר האָט מיך געטרייסט, און דער האַר האָט מיך מיט אַ האַנט אָנגערירט, און פאַרזיכערט האָט מיך, אַז די ווינטן וועט גאָרניט קומען, און אויך די ווינטן וועלן בייז ניט זיין, און אַזוי ווי ער זעט, ווי איך בין זיינע קינדער געטריי, וועל איך אים, דעם האַר, דאָך אַוואַדע — און ער נעמט מיך צו זיך, צו אים אין זיין שלאָס, און פון היינט און אַף ווייטער — זיין אויג אַף מיר און זיין האַשגאָכע.

און טאַקע:

און טייקעף האָט זיך די קאַרעטע זיינע אָפגעשטעלט, און דער רעגן איז שוין איבערגעגאַן, און ווידער איז אַ דינער איינער פון די קאָזלעס אַראָפ, און ער האָט פאַר אונז די טיר פון דער קאַרעטע געעפנט, און דער האַר איז ארויס, און איך נאָך אים, און באַלד און אַרויסקומענדיק, האָב זיך אַרומגעקוקט און דערזען:

אַף אַ הויך אָרט, און פאַר אַן אַלטן צווייסטאָקיקן שלאָס געפינען מיר זיך, און דער שלאָס איז אָפגעזונדערט, אַליין און אַ פאַרלאָזטער אינדערהויך געשטאַנען, און פון היפלען, ווי פון וועגט אַרומגערינגלט, און די היפלען האָבן אים ווי געדעקט און פון פרעמדן אויג און פון טאָל פאַרשטעלט. און אויסער דעם האָב דערווייל נישט געזען גאָרנישט, און קיין צייט נישט געהאַט צו זען, און דער האַר איז פון זיינע דינער באַגעגנט געוואָרן, און אַף ווייכע סטעזשקעס צו זיך און אַף די שלאָסטרעפ אַרוף, און איך בין אַליין געבליבן, און — אַפן ווייטערדיקן, און אַף וואָס מ'וועט מיט מיר טאָן, געוואַרט.

האָט זיך באַלד אַ דינער געוויזן און אַ הירש האָט ער פאַר די הערנער געפירט, און אַ נאַכט-פויגל איז אים אף אַן אַקסל געשטאַנען — אַן איינגעהאָרבעט-אָנגעפּעדערטער און אַן אומבאַהאלפענער באַטאָג און אין טאָג אַ בלינדער, — האט ער מיך באַקענט מיטביידע און מיר זיי אין מיין רעשוס איבערגעגעבן, איבערגעגעבן און מיר אָנגעזאָגט:

— דער הירש ווערט דיר געגעבן אַף באַטאָג אין די טאָלן צו רייטן און אונזערע טאָל-גרענעצן צו היטן, און דער נאַכט-פויגל — אַף באַנאַכט, אונזער האָב און אונזער דאַך, פון וואָס מ'וועט דאַרפן און פון אַלעם געפאַר צו באַוואַכן.

און דער דינער האָט מיר אַפן האַלז אַ יעגער-האָרן אָנגעטאָן און אין דער האַנט מיר היפקע און קיזלשטיין אַף פייער אויסצושלאָגן געגעבן,

געגעבן און אַליין מיטן נאַכט־פויגל אָפּצוריק זיך אויסגעקערעוועט און אַוועקגעגאַן, אַוועקגעגאַן און מיך מיטן הירש אַליין שטיין געלאָזט.

און גרינג בין איך געווען און גלייך האָב זיך אָפּן הירש אַרופגעכאַפּט, און גרינג און גרייט איז אויך דער הירש געשטאַנען, און באַלד איז ער מיט מיר פון דער הויך אין טאָל אַראָפּ.

און וואָס צו היטן האב איך נישט געוואוסט, און פון וואָס דער שלאָס דאַרף באַוואַכט ווערן, האָט מען מיר נישט אָנגעזאָגט, אָבער פאַרלאָזט האָב זיך אַף זיך און אַפן רוקן פון הירש, און — וואָס מ'וועט דאַרפן, וועל זיך דערוויסן, און וואָס נויטיק וועט זיין, וועל מיסטאָם געוואוירע ווערן.

און דער הירש האָט מיך אַף אַ מעשופע־סטעזשקעלע פון בארג אין טאָל אַראָפּ און צווישן בוימער געטראָגן, און צווייגן און בלעטער פון בוימער האָבן מיך פאַרבייטראָגנדיק אין פּאָנעם געפּאַטשט, און אַראָפּ־אַראָפּ איז דער הירש געלאָפן, און שטיינער און שטיינדלעך אַפּן וועג פון זיינע פיס פאַרכאַפּטע זיינען אונז נאָכגעלאָפן, און באלד זיינען מיר פריי און פריינטלעך שוין פון אונטן געווען, און גלייך און צום ערשטן באַגעגעניש האָט מיך אַ שעליעך פון די ווינטן געוואַרט:

— גרינער, — האָט ער מיר פריילעך אין נאָמען פון די ווינטן איבער־צוגעבן געהאַט, — זאָרג נישט, ווינטן האָבן דיין גוטן ווילן געזען און דיין וואַך־פאַרזען וועלן דיר נישט רעכענען, און דיין געפּאַנגענשאַפט איז נישט, און אונזער האַר האָט האַנאָע פון דיין געפאַנגען. און די ווינטן וועט ער גאָרנישט טאָן, און ווינטן וועלן קיין שולד נישט טראָגן, און איצט, און זיי געזונט, און דין געטריי, און וואָס דו האָסט צו טאָן, טו מיט גליק טאָמעד... אַ גוטן!

און דער ווינט איז אַוועק און מער גאָרנישט נישט געזאָגט, און איך בין שטיל און אַליין, אין טאָל און מיטן הירש אַף אונזער אָרט און וואו געשטאַנען, געבליבן.

און אַרומקוקן האָב איך זיך גענומען און איינהערן האָב זיך איינגע־הערט, און פון ערגעץ, נישט פון פעלז און נישט פון טאָל, האב קיין פרעמד קאָל און קיין אומהיימישע טריט נישט פאַרנומען.

און אויך דער הירש, וואָס איז צו דער וואַך געוואוינט געווען, האָט זיין קערפּער שטיל און זיין קאָפּ הויך און הערשיש געהאַלטן, און

אויערן אָנגעשטעלט און קיין מינדסט און פרעמדס האָט זיין אויג און אויער נישט דורכגעלאָזט. זיינען מיר אַזוי געשטאַנען, און ווידער איך פון וואָס צו היטן האָב נישט געוואוסט, און אויך פון וועמען — נישט, און וועמען היימיש און וועמען פאַר פרעמד אָנצונעמען, איז מיר נישט קלאָר געווען; און דער הירש האָט יאָ געוואוסט, און פון צייט צו צייט, אַז ס'האָט זיך עפּעס ערגעץ אַ שאָרך געדאַכט, האָט ער זיך שטיל און פון זיין אָרט גערירט און צו יענעם אָרט און צום כאָשעדיקן צוגעגאַן, און אַ צייט שוין דאָרט פאַרבליבן, וואו ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן; אָבער — אַזוי ווי קיין ערנסט האָט זיך נישט אַרויסגעוויזן, און אַזוי ווי קיין אויסערגעוויינלעכס האט זיך דעם גאַנצן טאָג נישט געטראָפן, זיינען מיר אַזוי נאָר געשטאַנען און זיך שטיל געהאַלטן, און קיין איין מאָל קיין איבעריקן און גיכן לויף נישט געטאָן, און דעם גאַנצן טאָג קיין איין מאָל דעם האָרן נישט אויסגענוצט און אין אים נישט געבלאָזן...

און פאַרנאַכט, אַז דער הירש האָט דעם קאָפּ אופגעהויבן און צום פעלז אים געווענדט און אין היפל, וואס טאָמעד רוט און דעם פעלז באַדעקט, עפּעס אַ פאַרב־שפּיל דערזען און פאַרשטאַנען: די זון זעצט זיך און דער טאָג־דינסט איז געענדיקט, און ס'איז צייט אַף פעלז אַרוף, אין שטאַל אַריין און אַף נאַכט אַף אָפּרו, — האָט ער מיך גענומען און צוריק דעם מעשופּע געפונען, דאָס סטעזשקעלע, דורכוואַנען מיר האָבן פריער אַראָפּגענידערט, דורך דעמזעלבן מיט מיר איצט צוריק אופגעגאַן, און אופגייענדיק האט מיך פאַרן שלאָס געבראַכט, און מיר האבן געזען, אַז ריכטיק: די זון האָט זיך געזעצט און מיט אַ לעצטן שטראַל האָט דעם היפל־דעק געשפּאַלטן, געשפּאַלטן — און ערשט דאַמאָלט האב רעכט דעם שלאָס און זיין אַרומיקייט באַמערקט...,

און דער שלאָס איז טאַקע אַלט געווען, מיט אַלטע ציגל, מיט דאַך און באַדעקעכטס, אַן אַמאָליקער און פון יאָרן אַ יערושע, אָבער געשמעקט פון אים האָט נישט מיט אַלטקייט, ווייל אַרום דעם שלאָס, די געביידעס און שטאַלן, זיינען באַלעבט און באַוואוינט געווען, און פון איין זייט זיינער האָב אַ גרויסן גאָרטן דערזען, און אינם גאָרטן — דעם האַר מיט זיין טאָכטער שפּאַצירן.

און ס'איז מיר קלאָר געוואָרן, פאַרוואָס דער אַלטער שלאַס זעט אַלט נישט אויס, און פאַרוואָס דער פעלז — אַזאַ הויכער, זייטיקער און ווילדער —

דאַרף באַוואַכט ווערן, און פאַרוואָס דער האַר פון די ווינטן האָט מוירע, און אַז זיין מוירע איז נישט קיין אומזיסטע; ווייל — ווי דער האַר זאָל גרינג נישט זיין, איז זיין טאָכטער נאָך גרינגער, און וויפל מעשאָרסים און ווינטן ס'זאָלן דעם האַר נישט צו באַדינען שטיין, דאַרף ער נ אָ ך, און אויך מיט נ אָ ך איז ניט זיכער...

און דער האַר איז מיט דער טאָכטער צווישן די בוימער אין גאָרטן געגאַנגען און אין די בוימער איז אַ פרייד געווען, און די זון איז שוין קימאַט געהאַט פאַרגאַנגען, און פאַרן פאַרגיין האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און פאַרהאַלטן, און די היפּלען, וואָס רוען אַרום שלאָס באַשטענדיק, האָבן די פאַרב ווי נישט פון דער פאַרגאַנגענער זון באַקומען, נאָר אַפן פּאָטער מיט דער טאָכטער קוקנדיק, און אויך איך מיטן הירש אָנקומענ־דיק, האָבן די שפּאַצירנדיקע דערזען און זיך פאַרזאָמט, און כאָטש מידע און פאַרמאַטערטע, דאָך אונזערע אויגן נישט געקאָנט אָפּרייסן.

און דער באַטאָגעדיקער דינער איז צוגעקומען, און ער האָט מיר פון הירש אַראָפּגיין געהייסן, און ער האָט מיר עסן־טרינקען דער־לאַנגט, און — באַלד, און נאָכן עסן — ווידער מיטן נאַכט־פויגל צוגע־קומען...

און דער נאַכט־פויגל האָט שוין איצט נישט ווי באַטאָג, נישט אָנגע־פּעדערט און אָנגעבלאָזן, אויסגעזען, נאָר שטייף און ווי ער דאַרף אויסזען. און וואָס אַ מאָל, און וואָס שפּעטער, וואָס מער אַפן פעלז איז טונקל געוואָרן און די לעצטע טאָג־ליכט האָט זיך פון אים אָפּגע־טאָן, אַלץ מער און מער האָט ער אין זיינע אויגן זיין געוויינלעכע נאַכט־ריע באַקומען, און ער האָט אַף מיר געקוקט און זיך צו מיר פרעמד גע־האַלטן, נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל געקוקט און ער האָט מיך נישט קענען געוואָלט, און ביז דער דינער האָט אים פון זיין אַקסל אַראָפּגענומען, און צו מיר און אַף מיינעם אַוועקגעשטעלט.

און דער האַר מיט זיין טאָכטער איז דעמאָלט פון דער גאָרטן־פאָרטקע אַרויסגעקומען און ביידע זיינען פאַר מיר, מיטן פויגל אַף מיין אַקסל, פאַרבייגעגאַנגען, און פאַרן האַר האָב זיך שוין נישט געשעמט, און ער האָט צו מיר געשמייכלט, און פאַר זיין טאָכטער — יאָ, און די אויגן אַראָפּגעלאָזט, און אויך זי האט צו מיר געשמייכלט, און פון איר איי־נעם בליק און איינעם שמייכל אירן, איז מיר גענוג ליכט געבליבן אַף

דער גאנצער נאַכט מיטן נאַכט־פויגל צו פאַרבלייבן, און נישט נאָר אַף איין נאַכט, נאָר אַף פיל נעכט — ליכט.

און איר בליק האָט מיך געפּלעפּט און מיט מיינע אויגן האָב איר אַפילע נאָכקוקן נישט געקאָנט, און דער האַר מיט דער טאָכטער זיינען אין שלאָס פאַרשוואונדן, און איך מיטן נאַכט־פויגל זיינען נאָך זייער אַוועקגיין נאָך איניקע מינוטן אַף אונזער אָרט געבליבן, און פּלוצלים — און דער נאַכט־פויגל האָט מיט די פליגלען אַ פּאָך געטאָן און אַוועק, אוועק און מיין אַקסל אַליין און אַ ליידיקן געלאָזט.

און איך האָב זיך דערשראָקן, און איך האָב זיך נאָכן פויגל נאָכגע־לאָזט. און דערזען האָב איך, וואוהין ער איז אָפּגעפלויגן, און איך האָב אין יענער זייט אַריין געאיילט, און דערזען האָב איך, ווי ער איז אַרונ־טער דעם שלאָס אַוועק, אַקעגן אַ וואַנט איינער, מיט איינס אַ פענ־צטערל אין וואַנט, און דאָרט אַקעגן, אַף איינעם און א איינציק־שטייענ־דיקן הויכן פיכטע־בוים, אַף אַ צווייג זיך אַוועקגעשטעלט.

און געמיינט האָב איך, אַז דער פויגל קאָן מיך נאָך פאַרלאָזן, און איך האָב ווידער פאַר שולד פאַרן האַר און פאַר נישט־היטן מוירע געהאַט; האָב איך דערום באַלד צום בוים צוגעאיילט, און געמיינט אים מיט גוטן רופן, אָדער מיט בייזן נעמען. אָבער באַלד האָב אין דער וואנט און אין דער אַנקעגנדיקער דאָס איינציקע פענצטערל דערזען, און דעם האַרס טאָכטערס געשטאַלט האט מיר זיך דאָרט ווייזן געדאַכט, האָב איך זיך גלייך באַרואיקט און פאַרשטאַנען: — אַז דער בוים און די וואַנט, אַז די טאָכטער און דער פויגל אַקעגן, און דאָס הייסט געהיט, און דאָס איז דעם פויגלס אָרט דאָס ריכטיקע...

און איך האָב זיך באַרואיקט, און אַפן פעלז איז שוין נאַכט געווען, און דער פויגל איז אַפן בוים געזעסן און מיטן פּאָנעם צום פענצטערל געווענדט, און איך בין אונטן געשטאַנען און מיט די אויגן צום פויגל געקערעוועט.

און דער שלאָס איז שוין שטיל געוואָרן, און דינער פון די געביידעס און שטאַלן האָבן פריער דאָס פי און דערנאָך אויך זיך אַליין באַלייגט, און פון די שטאַלן האָט זיך ווען־ניט־ווען שוין נאָר אַ קוואישער זיפץ דערהערט, און ווען־ניט־ווען האָט אַף אַ דרענגל אין שטאל אַן אָף זיך דערשראָקן.

און וואָס אין שלאָס אליין איז פאָרגעקומען, האָב ניט געזען, און ווי דער האַר ווערט פון די דינער באַדינט, האָב ניט געוואוסט, און צי האָט ער זיך שוין שלאָפן געלייגט, צי נאָך וואַך, איז נישט צו דערקענען געווען, און צי זיין טאָכטער שלאָפט שוין — אויך ניט.

האָט זיך דער נאַכט־פויגל פּלוצלים פון דער הויך פון בוים אַראָפּגע־לאָזט אַ־ן נידעריקער אַף איינער א צווייג אַראָפּגעהיפּט, און אַף יענער צווייג האָט זיך אופגעהאַלטן אַ ווײַלע, און דערנאָך האָט אויך זי פאַר־לאָזט און נאָך נידעריקער געקומען, — און אַזוי, און פון צווייג צו צווייג, און אַזוי און אַלץ נידעריקער און נידעריקער, און דער פויגל איז שוין קימאט אַף דער אונטערשטער און נאָענט צו דער ערד געווען, און ער האָט זיך צו מיר דאַן שטיל געווענדט, און פון בוים־פאַרשטעלטקייט און פון פויגל־פעדערן האָב זיין קאָל דערהערט:

— ס'איז שוין אָוונט און מ'שלאָפט שוין אַלע, און מיר וועלן וואַך זיין און אַליין בלייבן, און דו ביסט דאָך פרעמד און ווייסט נישט, וואָס דו וואַכסט, און איך — היימיש און דאָ אַן איינוואוינער פון לאַנג, און צייט האָבן מיר גענוג און אונזער דינסט הויבט זיך אָן ערשט, און איך וועל דיר דיין דינסט קלאָר מאַכן און דיין וואַך־באַדאַרף דיר דער־קלערן... און ער האָט געשוויגן א ווײַלע און געזאָגט:

— „די טאָכטער האָסטו געזען און איר פענצטערל דא אַנקעגן — אויך, און דאָ איז איר שלאָף־צימער, און שלאָפן שלאָפט אַליין באַנאַכט, ווייל קיין מוטער האָט זי נישט און אַף דינסטן און כאַווערטעס פאַרלאָזט זיך ניט איר פאָטער; און ווייסן ווייסט ער, אַז דער עלטסטער פון די וואָלקן האָט אַף איר אַן אויג געוואָרפן, און שוין אַ צייט, אַז ער ליבט זי, און א לענגערע — אַז ער האָט פאַרטראַכט זי נעמען, און וויפל מאָל און ער האָט שוין צו איר פאָטער שעליכים געשיקט, און באַפוילן האָט ער, ער גייט אַף אַלץ, און וואָס נאָר איר מויל, אָדער איר פאָטערס וועט אויס־רעדן: און פון יאַם וועט די פערל אויסשעפּן און פון דער גאנצער ערד דאָס גאָלד קריגן, און פון עק־וועלט וועט מיט א גאָלדענער קאַרעטע קומען, און ער וועט זי נעמען און זי אָפּגילדן און אַ פּאַלאַץ און אַ שלאָס וועט איר אין די העכסטע וואָלקנס בויען; — און דער פאָטער וויל ניט הערן, און דער האַר זאָגט אלע מאָל דעם וואָלקנס שעליכים אָפּ און זיי קערן זיך טאָמעד מיט ליידיקן אום...

און דער ראָש פון וואָלקן האָט דעם קאָפּ פאַרלוירן, ער ליבט זי און גייט אויס נאָך איר, און ס'שטייט אים נישט אָן, און ער גייט אַרום אין אנגסט אין גרויסע, — און אָט, און די לעצטע צייט, אַז ער האָט צום לעצטן מאָל געשיקט און אויך צום לעצטן מאָל אָפּגעזאָגט באַקומען, האט זיך פאַרן קאָפּ אָנגענומען און געשוואוירן: טויט אָדער לעבעדיק, אָבער האָבן וועט זי האָבן... און ער האָט זיך מיט דונער און בליץ, שלעק און געוויטער צונויפגערעדט, און ער האָט זיי פריי געלאָזן, און זאָלן זיי, וואָס זיי באַגערן, טאָן, אַבי אים, אבי אים אין זיין באַגער צו העלפן...

און דונער און בליצן העלפן אים, און שלעק און געוויטער פאַלן אַף אונז אָן פון צייט צו צייט, און זיי שטורמעווען און ווילן דעם פעלז צעקראַכן, דעם שלאָס און דעם פאָטער אומברענגען און די טאָכטער פאַרן ראָש פאַנגען, און — מעגלעך, ס'וואָלט זיך זיי איינגעגעבן, מעג־לעך — געראָטן, ווען ניט איך, דער נאַכט־דינער, און ווען נישט מיין ברודער, דער הירש, באַטאָג...

דו וואונדערסט זיך, וואָס איך רוף דעם הירש אָן ברודער? אָבער ביידע אין איין טאָג זיינען מיר דעם האַר געשענקט געוואָרן, ביידע אין איין טאָג זיינען מיר אים א מאַטאָנע געגעבן געוואָרן, און דאָס איז צו זיין כופע־טאָג געווען, און אַזוי ווי וואונש, די פרוי זיינע, איז אַ יעסוימע געווען, און טאָג און נאַכט האָבן זי כאַסענע געמאַכט, און טאָג און נאַכט האָבן זי אויך אויסגעשטאַט, האָבן זיי, צום מאַן און צו זיין שלאָס זי באַגלייטנדיק, איר גליק געוואונשן און פיל זאַכן און גוטס גע־וואָלט מיטגעבן, דער יונגער מאַן אָבער האט זיך פון אלע זאַכן און פון אלעם גוטן אָפּגעזאָגט, און ער האט די פרוי אַף זיינע פליגל גענומען, און אָן זאַכן — אַ גרינג פליען און א גרינגן וועג געהאט, און נאָר מיך מיטן הירש — איך דער נאַכטס מאַטאָנע און דער הירש דעם טאָגס, — האָט נאָך זיך נאָכפליען און נאָכלויפן געלאָזט...

און די גליקוואונשן פון טאָג און נאַכט האָבן ניט געקלעקט אף לאַנג, און וואונש האָט יונגערהייט גאָט די נעשאָמע אָפּגעגעבן, און גע־לאָזט נאָך זיך האָט אַ יאָריק־קינד נאָר, אַ קליינס, און דאָס קינד איז איצט צו דער טאָכטער אויסגעוואַקסן, און מיר, איך מיטן הירש, זיינען דעם געטריי און איבערגעגעבן פון קליינערהייט און מיר האָבן דעם פון

פּיצעלע אָן מוטער און אַמען פאַרביטן, און איצט, אַז זי איז אויסגע־וואַקסן און די ערשטע סאַקאָנעס האָבן זיך איר אין וועג געשטעלט, האָט זיך אונזער געטריישאַפט פאַרטאָפּלט און אונזער איבערגעגעבנקייט — אינצווייען, און מיר האָבן צווישן זיך די צייט צעטיילט, און איך האַלט באַנאַכט די וואַך, און הירש, מיין ברודער, באַטאָג האַלט זי...

און דער ראָש פון די וואָלקן האָט שוין געפּרואווט נישט איין־מאָל, און באַנאַכט איז אונז אָנגעפאַלן און די אָנפאַלן זיינען אים נישט געראָטן, און היינט, — און איך פיל אין דער לופט אין דער שטילער, — אַז מעגלעך באַלד און מעגלעך שפּעטער, און דער ראָש גרייט זיך ווי־דער, און דער ראָש וועט אויך היינט זיך פּרואוון... זאָלסט דו דערום זען און אַכטונג געבן, און אַז ס'וועט שלעכט זיין און די סאַקאָנע שוין נאָענט האַלטן, זאָלסט דו צום שלאָס, צו אַלע טירן און לאָדן לויפן, קלאַפּן און קלאַפּן, און דעם פאָטער, דעם האַר פון שלאָס, אופוועקן... און — שאַ, און — זע".

און גלייך האָב איך באַמערקט, ווי אף אַ האָריזאָנט נישט ווייט, האָט, ווי אין אַ זומער־נאַכט נאָך אַ הייסן טאָג אַמאָל, אַ וואַרעם, קליין און לופטיק בליצל געטאָן, און נאָכדעם איז עפּעס ווינטיק געוואָרן, און די צווייג, וואו דער פויגל איז געשטאַנען, האָט זיך אַ הוידע געטאן און די פעדערן באַם פויגל האָבן זיך אופגעבלאָזן, אָבער ארום איז נאָך שטיל געווען און שלאָס מיט שטאָקן, און שטאַלן מיט גארטן זיינען נאך גע־שלאפן, און קיינער, אויסער דעם פויגל, האט נאך גארניט אין דער לופט געשפּירט.

האט אבער ווידער אין עק הימל א בליץ נאך א בליץ געטאן, און כאטש שטילע און אָן דונערן, אבער אָפטער און אָפטער, און מיט יעדער בליצל האט זיך אויך דער ווינט געשטאַרקט...

און דער ווינט איז גרעסער געווארן, און גלייך האט מען עס אפן גראען גלאַנץ פון שייבעלע אין פענצטערל געזען, און וואלקנס האבן זיך אין טונקלעם הימל רירן גענומען, און פון וואס פאר א זייט זיי גייען, און — וואוהין, איז נאך נישט צו באַמערקן געווען, אבער דער ערשטער פארדומפּענער סימען, דער ערשטער דונער דער פארוואָרפּע־נער, האט זיך שוין ווייט און ערגעץ אף א האריזארט אין דער פינצ־טערניש געקייקלט.

און אַ שטילקייט איז נאָך ערשטן דונער אפּן פעלז געוואָרן, און אַף אַ ווײַלע איז דער ווינט נישט געבליבן...

האט זיך דאַן נאכאַמאָל אַ דונער דערהערט, און איצט שוין א שטאַר־קער און נאָענטערער, און וואָלקנס זײַנען נאָכן צווייטן דונער איבערן פעלז, ווי מיט שווערע טריט, אין דער פינצטערניש איבערגעגאַן, און די גאַנצע ביז־אַהעריקע שטיל־און שאָלעם־אויסזען האט זיך געביטן און אַף אַלעם האט זיך אַן ערנסט אנגעצויגן און נאָכן פינצטערניש האָב שוין אַן ערשטן טראָפּן אַף זיך דערפילט, — און גלײַך, און דער־פילנדיק, האָב דעם קאָפּ צום הימל אופגעהויבן און — דערזען:

ווײַט אין א הימל־עק האט עפּעס אַן אַרט געליכטיקט און ווי אַ קלײנינקע סרײַפע־אַפּשײַן אויסגעזען. און פאַרשטאַנען האָב איך, אַז דאָס האט דער ראָש דאָס אַרט דאָרט אנגעצונדן, און אַז פון דאָרט און דע־ריקער, וועט דער הויפּט־שלאָק און דאָס געוויטער קומען.

און טאַקע: און באַלד האָט מיך דער פויגל אַ רוף געטאָן און אונטערן בוים אַרונטערגײן געהייסן, און באַלד, ווי איך בין אַרונטער, האָט אַ גאָס געטאָן, און אַ קנאַל האָט געטאָן און דאָס ליכטיקע אָרט אין וואָלקן האט זיך דערנעענט, און פעלז און גאָרטן האָבן זיך אַף אַ רעגע אין אַ העלישן פײַער באַוויזן.

און צוזאַמען מיט פעלז איז אויך דער בוים און דער פויגל פון ערשטן בליץ באַלויכטן געוואָרן, און איך האָב באַוויזן אים צו זען, און צו זען, אַז דער בליץ האָט אים נישט דערשראָקן, און ער איז נאָר דעם קאָפּ אין די פעדערן אײַנגענורעט געשטאַנען, און געקוקט און נאָך רואיק געווען, און דאָס איז „גאָרניט” האָט עס געהייסן, — „און דאָס איז ערשט דער אָנהויב, און דאָס שפּעטערע און דאָס ערנסטערע דאַרף ערשט קומען”. און נאָכדעם איז פינצטער געוואָרן, און אין דער פינצטער האט דער גרויסער רעגן אַ גאָס געגעבן און בליץ און דונער האָבן זיך פאַרוועטן גענומען, און דער שלאָס האט, אופלויכטנדיק בעשאַס אַ בליץ, אָרעמ־לעך, פאַרלאָזט און ווי אַף קײנעמס נישט באַראָט אויסגעזען, און דער ראָש האט זיך דערנעענט און א געפאַנצנטער און אַן אָנגעצונדענער אין הימל פון זײַן סרײַפע־ערטל אַרויסגעקוקט, און ער האט זיך געצילט און זײַן בויגן אָנגעצויגן געהאַלטן, און זײַנע אויגן זײַנען צו דער וואַנט און צום פענצטערל אין דער וואַנט געווענדט געווען.

און מיטאַמאָל, און דער פויגל האט ווי די לעצטע און ערנסטע מינוט דערפילט און ער האט, אין גאָס און בעשאַס רעגן, פון בוים אַ פלי געטאָן און צו דער וואנט און צום פענצטערל צו, און דער ראָש האט אים דערזען, און ער האט זיין שטענדיקן סוינע און שלאָס-שיצער דערקענט, און דאָס אָרט זיינס אין וואָלקן האט זיך נאָך שטורעמדיקער און פייערדיקער אָנגעצונדן און דער ראָש האָט דאַן זיין ערשטע פייל ארויסגעלאָזט...

און געדאַכט האט זיך דאַן, אַז די ערד שפאלט זיך און דער פעלז האלט נישט אויס, און פעלז ווערט מיט גרונט, מיט ווענט און דאַך אונטערגעריסן...

און מוירעדיקע בליצן האט ער געשיקט, און יעדער בליץ האט אַף אַ לענגערער פייעריקער רעגע דאָס גרויסע אַרומיקע פינצטערניש פאַרבלענדט, און אלע בליצן זיינען צום פענצטערל געווען געווענדט... איז אָבער דער פויגל אַפן דרויסנדיקן שוועל-פענצטערל אַף דער וואַך געשטאנען, און יעדער בליץ האט נאָר אים געטראָפן, און אלע בליצן האבן נאָר זיינע פעדערן געסמאַליעט און צום פענצטערל און אַף אינעווייניק האט ער זיי נישט צוגעלאָזט...

און אַז דער ראָש האט דאָס דערזען, און אַז ער האט איין מאָל און פיל מאָל געשאָסן און פון זיין שיסן איז גאָרנישט געוואָרן און וואָלקנס זיינען שוין שוואַך געוואָרן און זייער שטורעם-געדיכטקייט שוין שיטער, און באלד וואלט זיך זיי די קויכעס אויסגעלאָזט, און דער ראָש וואָלט אָן כאַיעל און אָן העלפער געבליבן, — האָט ער נאָך די לעצטע קויכעס צונויפגעקליבן, און פאַרן אָפטרעטן און פאַרן נישט-געלונגען פון פרואוו האט די אויגן פון פענצטערל און פון פויגל אָפגעקערעוועט און צום פעלז און זיין גרונט זיי געווענדט, און — אויסוואַרטנדיק אַ וויילע, און דעם רעגן אַליין נאָר גיסן לאָזנדיק — האט זיך אייניקע מינוט ווי אופגעהאלטן און ווי קלוימערשט אָפגעשוואַכט זיך געוויזן, אָבער דער מיין איז געווען, מ'זאָל זיין זאַך פאר אים פאַרשפילט האלטן און אַף נאָך אָנפאַל זיך שוין ניט ריכטן, און דאַן, און מיט די לעצטע קויכעס, און דאן, און ער וועט דעם פעלז אין גרונט אונטעררייסן...

און דער פויגל האט דאָס געוואוסט, און ער האט אים געקענט פון לאַנג, און אלע זיינע גענג, און אלע זיינע איבער-כאָכמעס באַ גע-

שלעגן, און דערום, און דער פויגל האט צו מיר פון זיינע פעדערן אַ רוף געטאָן, אַ געשריי געטאָן: אַפּגיך, און איך זאָל קיין רעגע ניט פאַרזאַמען, אַפּגיך, און איך זאָל לויפן, און טייקעף, און איך זאָל דעם פאָטער, און גיכער, און איך זאָל דעם האַר פון שלאָס אופוועקן...

און איך בין געלאָפן, און צו דער צווייטער זייט פון שלאָס געקומען, און צום האַרס טיר און לאָדן צוגעאיילט, און מיט יונגע הענט און מיט איבערגעשראָקנקייט-גרויס אין טיר און לאָדן צו קלאַפּן און האַקן גע-נומען, און — דאָס, וואָס דונערן און בליצן האָבן נישט געמאַכט און דעם האַר פון שלאָף נישט אופגעוואכט, האָב איך מיט מיינע שוואַכע הענט דערגרייכט, און דער האַר איז באַלד אַרויס...

און אַ רעגע האָט געדויערט, און ער איז שוין ווי צו געיעג אָנגעטאָן געווען, און אַ סווישטש האָט זיך דערהערט, און זיין מאַכנע איז אים שוין גרייט געשטאַנען; און דער האַר האָט זיך צו די וואָלקנס אַ הויב געטאָן, און באַלד דעם ראָש מיט זיין ברענענדיק אָרט אַ טרייב געטאָן, און דאָס אָרט האָט זיך גלייך שוין ערגעץ אין אַ זייט און נישט קעגן שלאָס געזען.

און דאַן, און אַז דער ראָש האָט מיט זיין לעצטן קויעך, צום לעצטן מאָל, זיין לעצטן און מעכטיקסטן קנאַל ארויסגעלאָזט, האָט שוין אָבער דער קלאַפּ דאָס נויטיקע אָרט אין פעלז נישט געטראָפן, נאָר אַביסל ווייטער און אף צוריק געפאַלן, און דער גאַנצער קויעך איז אים אויס-געשעפּט געווען און ער האָט אָפּטרעטן גענומען און אָפּהענטיק אין אַ הימל-זייט זיך אָפּצורוקן.

און דער האַר האָט אים יאָגן גענומען און באַלד זיינע קליינע העל-פער צעטריבן, און דערנאָך — און נאָך אים אַליין זיך געלאָזט, און דער האַר איז צו אים צו, און גלייך צום ליכטיקן אָרט זיינס זיך דערקליבן, און ער איז אַריין און מיט אימפּעט צום ראָשס קאָפּ און באָרד צוגע-פאַלן, אוןביידע, און אַ צייט נאָך לאַנג, האָבן זיך פאַר די קעפּ און פאַר די בערד דאָרט געריסן...

און די סאַקאָנע איז אַריבער, און דער האַר האָט זיך נאָכן קריג אַהיים אומגעקערט, און דאָס פענצטערל איז פון נאַכט און אָנפאַל אָפּגע-היט געוואָרן, און אויך דער פויגל איז מיד און נאָכן געשלעג אפן שוועל-פענצטערל נאָך געשטאַנען; און אַז אַלעס האָט זיך באַרואיקט,

און פון ראָש און וואָלקנס שוין קיינע סימאָנים נישט געבליבן: דער הימל — לויטער, און דער האַר איז שוין אינדר'היים געווען און צו זיין געלעגער זיך אומגעקערט, און אויך זיין כאַיעל איז זיך צעגאַנגען, — האָט דאן אויך דער פויגל די נעץ פון זיך אָפגעטרייסלט און צוריק צום בוים זיך אומגעקערט, און דאַן, און מיך דערזעענדיק, האָט זיך געווענדט צו מיר און אויך מיר שלאָפן - גיין געהייסן:

— גיי, — האָט ער מיר געזאָגט, — די סאַקאָנע איז פאַרביי און פאַר היינטיקער נאַכט איז שוין קיין מוירע נישט צו האָבן, און דער ראָש פון וואָלקן האָט אַ היפש ביסל האָר פון באָרד פאַרלוירן, און אַ צייט וועט אונז שוין צו רו לאָזן, און אף אַ צייט האָט זיך געוויס שוין פון אָנפאלן אָפגעזאָגט. גיי...

און איך בין צום שטאַל אַוועקגעגאַן און איך האָב די טיר אַביסל אָפן געטראָפן, און אַז איך בין אין דער פינצטער אין שטאַל אַריין, האָב זיך אומגערן אין הירשס הערנער אָנגעשלאָגן און אים דעם שלאָף געשטערט, אָבער דער הירש האָט עס ניט פאַר שלעכט אָנגענומען און נישט פאַר בייז געהאַלטן, און שטיל, און ער האָט זיך נאָר אַ לייכטן רוק געטאָן, און אַף היי און אַף שטרוי מיר אַן אָרט אַף - זיך - לייגן געמאַכט: לייג זיך...

און איך האָב זיך אַוועקגעלייגט, און נעבן הירשס זייט, שטיל און צוזאַמען מיט אים, די נאַכט אָפגעשלאָפן, און אינדערפרי זיינען מיר ביידע פון דינער אופגעוועקט געוואָרן, און דער הירש האָט זיין פרימאָרגן - עסן באַקומען, און אויך איך — מיין עסן, און דער דינער האָט מיר דאַן אפן הירשס רוקן אָנגעוויזן און איך האָב זיך ארופגעזעצט.

און אַז מיר זיינען אין טאָל געקומען, האָט מיר דער הירש געזאָגט:

— גרינגער, האָסט די נאַכט היינט געזען, ווי דער וואָלקן - ראָש איז אָנגעפאַלן, און ווי ס'איז אים נישט געראָטן, און אַלע זיינע מיטלען האָבן מיר צו נישט געמאַכט; האָבן זיך אָבער נישט אויסגענומען זיינע מיטלען, און איינס אַ מיטל האָט ער אַ באַהאַלטנס, און דאָס איז עפשער דאָס געפערלעכסטע... און אַזוי ווי קעגן די אָפענע האָט מיין ברודער - פויגל זיך איינצושטעלן, אַזוי קעגן דעם באַהאַלטענעם זיינעם דאַרפן מיר זיך ווערן; און אונזער קעגנער איז מאָך מיט זיין מאַכנע מאָכיקע... וואונדערסט זיך? ווייל אַפן ערשטן קוק איז דאָך דאָס אָפגע-

פֿרעגט, און אַז מ'זאָגט: „מאָך — אַ קעגנער", איז דאָך דאָס צום לאַכן, אָבער אינדערעמעסן איז דאָס ערנסט און דעם ערנסט איז גלײַך אַרויסצוזען:

און קומען קומט מאָך אַ שטילער און איזן איז ער פֿון וואָלקן אַ געדונגענער, און טאָמעד איז אַף קעסט באַ אים, און פֿון וואָס מ'גיסט אַרויס באַ יענעם, שפּײַזט ער זיך, אָבער דינען דינט געטריי, און פֿאַרן וואָלקן — אין פֿײַער און אין וואַסער...

און קומען, ווי געזאָגט, קומט ער אַ שטילער, אַמאָל צו די פֿיס פֿון פעלז; און אַמאָל אַביסל העכער, און אַ פֿאָנעם האָט אַ פּרומס, און זײַן באַדאַרף איז אַ קלײנער, און ער בעט זיך צום פעלז נאָר צו צושפּאַרן, ווײַל איזן איז ער שוואַך און ער קאָן זיך אַף די פֿיס ניט האַלטן...

און דער פעלז זאָגט נישט אָפּ, וואָרום, וואָס אַרט דער מאָך דעם פעלז, און פֿלאַך האָט גענוג, און וואָס זען זיך בא אים אָן און וואָס פֿאַר אַ מאַמעש איז אים מאָך...

און מאָך איז אַן אָנעוו און ער האַלט זיך צוערשט באַ אַ פֿוס-נאָגל פֿון פעלז, און דאָס אַניוועס פֿון מאָך צעוואַקסט זיך פֿון מאָל צו מאָל, און פֿאַמעלעך-פֿאַמעלעך און ער ווערט שוין היימיש מיטן פעלז, און יענער לאָזט אים אַ טאָג טאָגן און אַ נאַכט איבערנעכטיקן, און פעלז איז גרויס, און פעלז איז מילד אין גרויסקייט, און פעלז איז מעכטיק און אין מעכטיקייט נאַרישעוואַטע... און דער מאָך לייגט זיך אונטער און קיצלט זײַן מעכטיקייט, און פֿון צייט צו צייט, ווען דער מעכטיקער קאָן ניט אײַנשלאָפֿן, דערציילט אים מאַיסעס צום שלאָפֿן — און אַזוי, און ער נאַרט זיך אַרײַן, און אַזוי, און ער קלעפּט זיך צו צו אים, און דערנאָך איז אים שוין נישט אָפּצוטרײַבן, און ביז ער קריכט שוין אַפֿן קאָפּ פֿון פעלז...

און דער ראָש קוקט דאָס צו און האָט האַנאָע. דער ראָש זעט דאָס, און ער לאַכט זיך אין באָרד אַרײַן. און וואַרטן וואַרט ער אויס, ביז דער מאָך וועט שוין אינגאַנצן און פֿונױבן אַרופֿקומען, און וואַרטן וואַרט ווײַטער, ביז ס'וועלן אַמאָל גרויסע היצן זײַן און טעג וועלן ברענען, און דער ראָש וועט די וואָלקן באַפֿעלן, זיי זאָלן קיין רעגן נישט געבן... און אין אַזאַ טאָג, און ס'וועט זיך מאַכן, אַז דער האַר פֿון די ווינטן וועט זיך גראָד פֿון דר'היים אָפּטיילן, וועט פעלז פֿאַרלאָזן און מיט זײַן

קאַרעטע אַף זיינע גיטער אַרויספאָרן, און די טאָכטער וועט ער אײַנ־דר'היים לאָזן, ווייל ער וועט איר געזונט שאַנעווען און נישט וועלן די זון זאָל איר אין קאָפּ שלאָגן, — אָט דאַמאָלט, און דער ראָש וועט די מינוט און די שאָ אָפּציפערן און ער וועט זיך פלוצלינג באַווייזן, און ווען דער האַר וועט שוין ווייט אַף זיין נעסיע זיין — מיט אַ וואָלקן זיך אָנרוקן, און אפגיך־אַפגיך, און איינס און צוויי, — און ער וועט מיט אַ בליק אַ בליץ טאָן, און ברען־מאַטעריאַל וועט זיין, און מאָך האָט זיך פאַר די היץ־טעג גענוג אויסגעטריקנט, און באַלד וועט ער זיך אָנכאַפּן און שלאָס און שטאַלן ארומכאַפּן, און (אַזוי האָפּט דער ראָש) — דער שלאָס וועט דאַמאָלט מיטן פייער אַוועקגיין, און די טאָכטער וועט ער מיט ליידיקע הענט נעמען . . . און — ווי דו ווייסט — איז דער כויגל, ברודער מיינער, באַטאָג קיין בעריע ניט, און קעגן באַנאַכט און בליצן קאָן ער זיך שטעלן, אָבער קעגן טאָג און מאָך איז ער שוואַך, און — דאָס האָט ער מיר איבערגעגעבן, און דאָס דאַרף איך באַזאָרגן.

האָט זיך שוין מיין געהער אויסגעאַרבעט, און מיין אויער איז וואַך און פאַרנעמט, ווי מאָך וואַקסט, און ווי נאָר איך הער אַ קליין זוימנדל זיינס פאַרזעמט זיך, אַזוי בין איך דאָ, און — מיט מיין צאָן און מיט מיין טלאָ — און איך זע גלייך, און באַלד, דאָס שוין אין וואָרצל אויסרייסן . . .

דאָס איז פון אונטן, ווען צופוסנס פון פעלז, ווען אָבער העכער, און ווען דאָס אָרט איז מעשופּע, און קיין סטעזשקע פירט אַהין ניט, און איך קאָן אהין ניט דערלאַנגען, דערוף ביסט דו מיר געגעבן, און ווען ווייניק — וועסט מיט הענט, און ווען מער און שוין צעוואַקסן — וועסט דעם קיזלשטיין און דאָס פייער אויסנוצן . . .

אַזוי האָט מיך דער הירש געלערנט און איך האָב דאָס פאַרנומען, און אָפּט האָט ער מיך טאַקע אין אַן אָרט געבראַכט, וואו דער פעלז איז מעשופּע און שפּיציק געווען, און וואו פאַר אַ הירש און אָן הענט איז ניט אַרופצוקומען, — האָב איך אהין ארופגעקלעטערט, און וואָס איך האָב גע־קאָנט, האָב מיט די הענט, און וואָס ניט, און ווען ס'איז שוין אַסאַך געווען, האָב פון קיזלשטיין פייער אויסגעשלאָגן און געצינדן, און אַזוי און אָנצינדנדיק, פלעגן איך מיטן הירש דעם פייער אויסוואַרטן, און ביז ס'האָט אַלץ אויסגעברענט און אויסגעלעקט, און אַזוי און אויסלעקנדיק, די שטילע און לאַנגע מאָך־מעלאָכע צו נישט געמאכט . . .

אזוי דעם גאנצן טאָג, אָפּט און פון צייט צו צייט, און דער הירש האָט וואָס ער האָט געקאָנט, אליין געטאָן, און וואָס נישט — האָט מיך געשיקט; דערפאַר, פארנאכט, אַז מיר האָבן אונזער טאָג־דינסט אָפּגעדינט און ארויף צו פעלז און צום אוונט זיך אומגעקערט, אזוי פלעג אונז דער האר באַגעגענען און אונז אקעגן גיין, און דעם הירש האָט דעם האַלז און האָרן געגלעט, און אויך מיך מיט אַ בליק אַמאָל, און אמאָל מיט אַ וואָרט, באַלוינט, און דאַן, און מיט אונז פאַרברענגענדיק און אונז באגיטנדיק א ווייל׳ע, פלעג צום גאָרטן און צום אָוונטיקן אוועקגיין, וואו די טאָכטער פלעג אף אים אין ביידל ווארטן, אָדער אמאָל בא דער פאָרטקע שטיין און צוזען, ווי ער באגעגנט אונז און פארן טאָג באלוינט אונז, און אַמאָל, און זייער זעלטן, און אויך די טאָכטער פלעג צו אונז ארויסגיין, און אויך זי פלעג אונז באַגיטיקן.

און די אָוונטן האָב ווידער מיטן נאַכט־פויגל פארבראכט, און ווען סאַקאָנעס זיינען פאָרגעשטאנען, האָב זיי שוין דערקענט, און אין דער לופט דערפילט, און שוין נישט שלאָפן געגאַן, ביז ס׳זיינען ניט פארביי די סאקאנעס; און ווען ניט, ווען ס׳איז גאָרניט פאָרגעשטאנען, פלעג דאָך נאָך א שטיקל צייט נאָכן טאָג מיטן פויגל פארבלייבן: ליב געהאט אונטערן הויכן בוים צו זיצן, און איבער זיך, אף דער צווייג, דעם פויגל האָבן, — און דערפאַר, און דער פויגל פלעג מיך באַלוינען פאַר די אָוונטן מיט אים פאַרברענגען; און ביידע מיר פלעגן אף דער אנקעגנדיקער וואנט קוקן און אפן פענצטערל אין וואנט, און דער פויגל פלעג מיר בעשאס־מאיסע אַמאָל פון האַר און אמאָל פון דער טאָכטער דערציילן, און אמאָל פון ביידע, און איך האָב געהערט מיט פארגעניגן.

און איינמאָל, אין אן אָוונט איינעם, ווען איך בין צום פויגל און צום בוים געקומען, זיך אוועקגעזעצט און אף זיין דערציילן געווארט, האָט מיר דער פויגל א סימען אף שטיל־זיין געגעבן: שטיל און איך זאָל קיין וואָרט נישט אויסרעדן.

— וואָס איז און וואס געשען? — האב בא אים געפרעגט.

— שא, גרינער, און פרעג ניט, גיי אונטערן בוים ארונטער און הינטערן שטאם פארשטעל זיך, און קוק, און רעד ניט — האָט ער מיר געענטפערט.

און אז איך בין ארונטערגעגאַן און זיך פאַרשטעלט און ווייניק צייט אַזוי אָפּגעשטאַנען, אַזוי האָב באַמערקט, ווען אַלעס איז שוין שטיל גע־וואָרן, און אַלעס איז נאָך טאָג און מיט שטילקייט איינגעהילט געוואָרן, אַזוי איז פון דער זייט פון שלאָס, פון א האָרן־ווינקל ערגעץ דער האַר אַרויס, שטיל און ווי זיך געגאַנוועט, און געהיט, און קיינער זאָל זיינע טריט ניט הערן, און אין דער האַנט האָט א לאָמטערן געטראָגן, און מיטן לאָמטערן האָט זיך דעם וועג צוגעלויכטן, און שטיל און דעם לאָמ־טערן בא דער ערד האַלטנדיק, איז מיט אים אַזוי צום בוים צוגעקומען און דאַן אים אויסגעלאָשן, און שטיל און אינדערפינצטער־בלייבנדיק, האָט זיך מיט פּאַנעם צו וואַנט און צום פענצטערל געווענדט.

און דאָס פענצטערל איז, ווי אַלע מאָל אין דער צייט, פינצטער און דרעמלנדיק געווען, און אויך דאָס שייבעלע האָט דאַמאָלט אוונטיק און טונקל־שפּיגלדיק אויסגעזען, און א פאָרהאַנגל האָט דאָס פאָרהאַנגען און דאָס פאָרהאַנגל איז אַראָפּגעלאָזט געווען, און מיינען האָט מען גע־מעגט מיינען, אַז די טאָכטער האָט זיך שוין שלאָפן געלייגט, און ווי ווי אַלץ אין שלאָס שלאָפט שוין, אָבער דער האַר האָט נישט אַזוי געמיינט, און דער האַר האָט רעכט געהאַט...

און ס'איז געווען, ווי ער איז אַזוי אייניקע מינוט געשטאַנען און מיט די אויגן אָף אַרויף געקוקט, אַזוי האָט זיך פּלוצים פון הינטער דעם פאָרהאַנגל א פייערל א ווייז געטאָן, פריער א וואַקלנדיקס און א קליינס, און ווי באַלד וועט זיך אויסלעשן און אָף לאַנג וועט ניט בלייבן, — איז דאָס אָבער יאָ געבליבן, און גלייך האָט מען געזען, אַז ס'איז אָף לאַנג און לענגער אָנגעצונדן געוואָרן, און אַזוי און טאַקע ברענען בלייבנדיק, האָט איינגאַנצן דאָס צימער אינעווייניק און אויך א שטיקל דרויסן אויסנווייניק מיט שיין באַלויכטן.

און דער האַר האָט געקוקט און ער האָט די אויגן נישט געקאָנט אָפּ־רייסן, און געהאַלטן האָט זיך שטיל און זיך נישט גערירט, און נאָר פון צייט צו צייט, ווען דאָס געשטאַלט פון דער טאָכטער האָט זיך פון הינטער דעם פאָרהאַנגל געוויזן און פאַרבייגעשאָטנט, האָט דער האַר א לעבעדיקן סימען באַוויזן, זיך א ריר געטאָן און דעם אָטעם געביטן...

און דער האַר האָט לאַנג, און ביז דאָס פייערל האָט זיך געהאַלטן, אויסגעוואַרט, און דערנאָך, און אַז ס'האָט זיך אויסגעלאָשן און די טאָכ־

טער איז שוין מיט אַן עמעס שלאָפֿן געגאַן, האָט דער האַר דאַן ווידער זײַן לאַמטערן אָנגעצונדן און פֿון אונטערן בוים און פֿון צום פֿענצטערל אַרופֿקוקן אָפּגעגאַן, ווידער צום שלאָס׳ס ווינקל־האָרן זיך גענומען, און אַהין, פֿונוואַנען ער איז אָנגעקומען, פֿאַרשוואונדן.

און דער פֿויגל האָט מיר דאַן פֿון אונטערן בוים אַרויסגיין געהייסן, און איך בין אַרויס, און איך האָב זיך אים אַקעגן אויף דער ערד געשטעלט, און ער האָט מיר געזאָגט:

— „האָסט געזען, גרינער: דער פּאָטער קוקט דער טאָכטער נאָך, און ער קוקט זיך אונטער איר פֿענצטער אונטער, דאָס איז ער עפּעס כּוישעד, און זײַן כּשאַד איז נישט קיין אומזיסטער: עפּעס באַהאַלט זי פֿאַר אים, און דאָס האָט ער צום ערשטן באַמערקט, און שוין אַ לאַנגע צײַט, אַז אויך מיר, איך מיטן הירש, ווייסן דערפֿון, און פֿיל דאַרף מען אונדז ניט זאָגן, און פֿאַר אונדז איז אַ קוק גענוג...

און זען זעען מיר, אַז ס׳איז עפּעס ניט גלאַט מיט אונדזער טאָכטער, און באַמערקט האָבן מיר, אַז זי האָט עפּעס נײַס און נישט ביז־אַהערס אינזינען, און בײַנאַכט לאָזט זי זיך דעם שלאָס באַרואיקן, וואַרט אויס ביז אַלעס אין שלאָף פֿאַרזינקט, און דאַן צינדט זיך איר ליכט אָן, און עפּעס טוט זי, און עפּעס, דאַכט זיך, שרײַבט זי בײַם ליכט...

און אַ סימען האָבן מיר: די לעצטע צײַט האָט זי זיך אייניקע מאָל פֿון איר געוויינלעכן פֿאַרנאַכט־שפּאַציר אָפּגעזאָגט, דעם שפּאַציר, וואָס פֿאַרן פּאָטער איז ער פֿאַרגעניגן, און פֿון זינט זי איז אונטערגעוואַקסן, איז בײַ זיי אַ כאָק באַשטענדיק, האָט זיך אָפּגעזאָגט און אין צימערל אַליין געבליבן, און אַז ס׳איז טונקל געוואָרן און די ערשטע פֿלעדערמויז האָט דעם ערשטן קרום־פֿאַרנאַכטיקן פֿלי געטאָן, אַזוי האָט זי דאָס טעכטערל בײַם פֿענצטערל פֿאַרהאַלטן, און לאַנג מיט איר פֿאַרבראַכט, גערעדט און צוטאָן געהאַט, און, כ׳מעג שווערן, זי האָט איר ווי אַ בריוול איבערגעענטפֿערט, און, אויב מײַן ריע האָט מיך נישט אָפּגענאַרט, האָב דאָס דערנאָך טאַקע בײַ דער פֿלעדערמויז אויף אַ פֿיסל הענגען געזען...

און מיט וועמען זי שרײַבט זיך איבער, איז אונדז ניט קלאָר, און ווער איז דאָס דער סאָד פֿאַר איר פֿאָטער, ווייסן מיר ניט, און דער פֿאָטער האָט שוין נישט איינמאָל בײַ מיר געפּרוּווט פֿרעגן, און איך האָב זיך

ניטוויסנדיק געמאַכט, און געזאָגט, אַז כ׳ווייס גאָרניט... און דעם פּאָטער איז דאָס אַ כידעש, און ער וויל די זאַך דערגיין, און אפט קומט ער צום פענצטערל אַהער און, ווי היינט, שטייט די גאַנצע צייט און ביז דאָס ליכט אין פענצטערל ווערט אויסגעלאָשן, און דערנאָך גייט צוריק אַוועק, און, מיר דאַכט, מיט גאָרניט טאָמעד״...

אַזוי האָט מיר דער פויגל געזאָגט און מיטן געזאָגטן בין איך שלאָפן געגאַן, און אַף מאָרגן האב דאָס דעם הירש דערציילט, און באַם הירש, ווייזט אויס, איז דאָס קיין נייס ניט געווען, און דער הירש האט נאָר ערנסט געהערט און ער האט זיך פאַרקלערט, און אַז כ׳האָב אים געפרעגט: „הירש, וואָס קלערסט דו?״, האָט ער מיר געענטפערט:

— כ׳קלער פון אונזער טעכטערל, און, כ׳קלער אויך, אַז ס׳שטייט אונז א ווייטער וועג פאָר. — וואוהין? — האט ער שוין נישט געזאָגט, און גוזען האָב איך, אַז ער ווייסט עפּעס, און נישט אַזוי ער ווייסט, ווי ער פילט עפּעס אַ וויסן, נאָר דערוויל קאָן דערפון נישט רעדן און ער האלט עס אונטער דער הויט און אין קאָפּ באַם האָרן...

און די צייט איז געגאַנגען, און איך מיטן הירש באַטאָג און ווידער מיטן פויגל באנאַכט האָבן דעם שלאָס געהיט און גאָרנישט צו אים נישט צוגעלאָזט, און מאָכיקע האָבן זיך געפּרואווט, און דער וואָלקן־ראָש — אויך, און ס׳איז זיי נישט געראָטן; און דער וואָלקן־ראָש האט זיך שוין מעיאַעש געווען, ווייל ער האָט געזען, אַז די טאָכטער קוקט אַף אים קיינמאָל, און יעדער מאָל, ווען נאָך דער מילכאָמע מיט איר פּאָטער, ווערט באַ אים די באָרד וויינִיקער, פלעגט זי לאַכן און מיט שפּאט דאָס צוזען; האט ער שוין אָפּגעלאָזט פון מילכאָמע, אָבער מין האַצאַד, און ער פלעג דאָך דעם שלאָס נאָכקוקן און באַשטענדיק אַף אים זיין אויג האַלטן, ווייל וויסן האָט דאָך געוואָלט, וואָס וועט זיין און ווען וועט די טאָכטער אויסקלויבן, און עפשער וועט ער קאָנען, און עפשער וועט ער כאָטש יענעם שטערן... און אַזויווי ער האָט געזען, אַז די בריוולעך, וואָס די טאָכטער שרייבט, ווערן פון איר אַרוף און העכער וואָלקן געשיקט, און די שיקעכצן, וואָס די פלעדערמויז באַקומט, ווערן דערנאָך פון אַ ווינט איבערגענומען און אַרוף געבלאָזן, — האָט ער געזען, און האָט זיך געמיט, אַז די בריוולעך זאָלן אַהין, וואוהין זיי דאַרפן, נישט אָנקומען, זאָלן נאַס ווערן און צוריק אַראָפּפאַלן.

און אויך די טאָכטער האָט דאָס געזען: ווייל וויפל זי האָט ניט גע־
שריבן, האָט זי קיינמאָל קיין ענטפער נישט באַקומען, און ניט אַנדערש,
אַז עמעצער שטייט אין וועג איר, און ער נעמט אירע בריוו איבער...
און זי האט דאָך נישט אומזיסט געשריבן, און זי איז דאָך זיכער געווען
מיט דעם, צו וועמען זי האָט זיך געווענדט, ווייל נישט זי האָט דאָך
אנגעהויבן און אַרויסגערופן דאָס שרייבן...

און זי איז אומעטיק געוואָרן, און דער פאָטער האָט דאָס צוגעקוקט,
און ער האָט גרויס אנגסט געהאַט, און פרעגן האָט זי ניט געפרעגט,
ווייל אַזוינס פרעגט מען ניט באַ קיין קינד, און זי האָט אים נישט גע־
זאָגט, און זי האָט נאָר פאַר אים שטייענדיק די אויגן אַראָפּגעהאַלטן:
האָט ער דערום געוואוסט, אַז עפּעס געשעט און קומט פאָר מיט איר,
אָבער באַ וועמען זיך דערפרעגן און געוואוירע ווערן, האָט ניט געהאַט,
און אויך מיר, איך מיטן ערש, מיטן פויגל, האָבן דאָס צוגעזען, און מיר
האָבן אים העלפן געוואָלט און מיט וואָס נישט געוואוסט, אָבער
אונזער געטריישאַפט איז גרויס געווען, און מיר — מיטן פויגל באַנאַכט
און מיטן הירש באַטאָג — פלעגן דערפון רעדן און דאָך אַ אייצע זוכן...

און איינמאָל, ווען איך בין מיטן הירש באַטאָג אַמאָל אַף דער וואַך
אין טאָל געשטאַנען, און אַ וואָלקנדיקער טאָג איז געווען, און אַלע
ויילע האָט רעגן געגאָסן און אַלע ווײַלע אופגעהערט, — האָבן מיר
פּלוצים פון אונטער אַ וואָלקן איינעם עפּעס אַ ווייס אַראָפּפאַלן געזען...
און דאָס ווייסע האָט זיך שוין אין דער לופט שווער געהאַלטן, ווייל פון
רעגן איז דאָס נאַס געווען, איז דאָס צו די פיס פון פעלז אַראָפּגעפאַלן
און גלייך האָט דער הירש פון זיין אָרט זיך אָפּגעטיילט, און צוזאַמען
מיט מיר צו יענעם אָרט צוגעריטן, און דער הירש האָט דאָס מיר אופ־
הויבן געהייסן, און איך האָב דאָס אופגעהויבן, און היטן האָט ער מיר
דאָס אנגעזאָגט, און ביז מיר וועלן זיך צום פעלז
אומקערן, און דאַן — אונזער האר דאָס אָפּגעבן, ווייל מעגלעך ער
דאַרף עס...

און מיר האָבן געוואַכט און אָפּגעוועזן דעם טאָג, און איך האָב דאָס
געהיט און געזען, ס'זאָל מער דערוף קיין רעגן נישט קומען. און פאַר־
נאַכט, אַז מיר זיינען אַפן פעלז אַרופגעקומען, און דער האַר איז דאָס

מאָל, ווי ביכלאַל די לעצטע צייט, צום באַגעגענען אונז נישט אַרויס־געגאַן, האָט מיך דער הירש נישט צום שטאַל, נאָר צו דער גאָרטן־פּאָרטקע צוגעפירט, צוגעפירט און מיט מיר שטיין געבליבן.

און דער האַר האָט אונז דערזען, און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז עפּעס נישט־געוויינלעכס האָט אונז צו אונזער נישט־געוויינלעך אָרט געבראַכט, און ער איז צו אונז צוגעגאַן, און גלייך האָב איך דאָס וואָלקן־געפאַלענע דערלאַנגט.

און דאָס איז אַ בריוול געווען, און דאָס האָבן מיר גלייך אין דער האַנט פון אונזער האַר באַמערקט, ווייל מיט פאַרוואונדערונג האָט ער דאָס צענומען און מיט פרייד האָט ער דאָרט עפּעס דערזען, אָבער דאָך דאָס לייענען האָט ער ניט געקאָנט, און מיר — אונזער זאַך אפּטוענדיק, און פון אונזער האַר מער גאָרנישט וואַרטנדיק — האָבן זיך אויסגעקערעוועט און צו זיך און צו אונזער שטאַל אָפּגעגאַן.

און אין דעמזעלבן אָוונט — און דער פויגל האָט מיך באַגעגענט פריילעך:

— גוט, גרינער, וואָס ביסט געקומען, נאָך בעסער, וואָס האָסט געפונען, און, דאַכט מיר, דער האַר איז פריילעך זייער, ווייל דאָס געפונענע איז צום סאָד אַ שליסל...

און ער האָט דערציילט, אַז ער האָט געהערט, ווי דער האַר האָט אַ דינער צוגערופן און אַ באַפעל געגעבן, אַז מאָרגן זאָלן אַהער אַלע ווינטן, אַלע ווייט־פאַרוואָרפענע און דערהויפּט פון די הייסע ערטער, גערופן ווערן, און אַלע וועלן באַ דער זאַך אַרבעטן, און ביז זי וועט טרוקן ווערן, ווייל אַ בריוול איז דאָס געפונענע, און גלייך און שוין פון די ערשטע ווערטער, און דער האַר האָט דער טאָכטערס קסאַוו דערקענט, אָבער לייענען איז אומעגלעך, ווייל דער וואָלקן האָט זי נאַס געמאַכט...

און דער פויגל האָט מיר ווייטער דערציילט, אַז דער האַר שוין שטויסט זיך, און אַז אויך אָן דעם בריוו איז אַף אַ וועג צום סאָד. ווייל יעדער מאָל, ווען די טאָכטער אַליין אין צימער בלייבט און גייט אין גאָרטן ניט שפּאַצירן, קוקט ער איר נאָך, דער פאָטער, אַליין ער, און אויך אַ דינער איינעם האָט אנגעשטעלט, און ביידע זיי האָבן באַמערקט, אַז פאַרנאַכט באַם טונקל ווערן, און ווען דער אָוונט־שטערן אפן הימל

דערשיינט, האַלט זי די אויגן אהין צו יענעם אָרט געווענדט, און זאָגן קאָן זי ניט, און איר וואָרט אַהין דערגרייכט ניט, אָבער. פון איר קוקן און איר האַלטן זיך איז צו זען, אַז עפּעס געשעט צווישן איר מיטן שטערן, און יענער ווינקט איר און מיט אַ ווייטן גאלדן-לאָשן רעדט צו איר, און זי האַלט די אויגן אַראָפּ, אָבער פון צייט צו צייט הויבט אוף די אויגן, פאַרשעמט זיך און לאָזט זיי ווידער אַראָפּ... און דער האַר פרייט זיך און דער טאָכטער וויל די פרייד ניט אַרויסווייזן, און ער וואַרט און קוקט אַרויס, אַז זי זאָל אים אַליין זאָגן, און אויב ניט איצט, איז אַן אַנדערס מאָל...

און נאָך האָט דער האַר געטאָן, און אַזוי ווי ער האָט לעסאָף באַ מיר אויסגעפרעגט און באַ מיר געוואוירע געוואָרן, וואָס זי טוט באַם לאָמפּ באַנאַכט, און איך האָב געזאָגט, אַז, דאַכט זיך, אַז בריוו שרייבט זי.— „און מיט וועמען שיקט זי זיי?"—האָט ער געפרעגט, און איך האָב געזאָגט: „מיט דער פלעדערמויז". און די פלעדערמויז האָט ער געפרעגט, און זי האָט געזאָגט, אַז זי גיט זיי אַ ווינט איבער,—האָט ער זיך צו די ווינטן געווענדט און פון איר שעליעך געוואוירע געוואָרן, אַז אָפּט און קימאַט אַלע אָוונט באַקומט ער בריוו פון איר, און אַ באַפעל פון איר האָט ער: העכער וואָלקן זיי צו לאָזן,— איז אָט, און אַז דער האַר האָט זיך דאָס אַלעס דערוואוסט, און געדענקט האָט ער אויך אין דעם וואָלקן-ראָש זיין סוינע, און זיכער געווען, אַז כאָטש יענער האָט זיך שוין פון מילכאָמע אָפּגעזאָגט, דאָך האָט ער אַן אויג אַפן שלאָס, און זיין ליבע צו דער טאָכטער איז פון זיין שוואכקייט נישט וויניקער געוואָרן, נאָר, פאַרקערט, געשטאַרקט זיך, און ער וועט זען און מיט אַלע מיטלען און קיין אַנדערן צו איר ניט צולאָזן —האָט דערום דער האַר אויך דעם גוירל פון די בריוו געוואוסט, און אַז דער וואָלקן-ראָש וועט פון דער הויט קריכן און העכער קאָפּ זיך שטעלן און זען, אַז די בריוו זאָלן פאַרהאַלטן ווערן, און וואוהין זיי דאַרפן, נישט אנקומען...—„און אָט—האָט דאָ דער פויגל צוגעגעבן—האָסט דו אַ בריוו געפונען און די זאַך וועט אינגאַנצן קלאָר ווערן, און דאַן, און מיר וועלן זען, און וואָס דער האַר וועט פירנעמען.— אַ גוטע נאַכט, גרינער"— האָט דער פויגל געזאָגט, און איך בין שלאָפן געגאַן.

און אַף מאָרגן, אַז ווינטן האָבן פון אַלע וועלט־עקן אנקומען און פאַרזאַמלען זיך ־ גענומען, זיינען איך מיטן הירש קוים אין טאָל דאַן איינגעשטאַנען. און ווי דער הירש האָט זיך ניט געמיט, אָבער די ווינטן זיינען שטאַרקער געוועז און זיי האָבן אים שיר פון די פיס נישט געוואָרפן, און מיר האָבן לעסאָף געמוזט אונטער אַ הענגענדיקער שטיק פעלז אַרונטערגיין און אַ היפשע צייט דאָרט אויסוואַרטן.

און די ווינטן דערווייל האָבן דעם שלאָס און דאַך געריסן און גראָזן און בוימער די קעפ געפליקט, און די טאָכטער איז פון שלאָס אַרויס און באַם האַר געפרעגט, וואָס פאַר אַ ווינטישע אַסיפע איז באַ אים היינט, און ער האָט איר געענטפערט, אַז ער מוז היינט זייערע ערטער בייטן און זיי אנדערש אַף דער וועלט אויסשטעלן, און ער האָט זי געבעטן, זי זאָל אין שלאָס אַריינגיין און איבערוואַרטן, און ביז די ווינטן וועלן זייערע באַפעלן באַקומען און צוריק אַוועקפליען.

און די טאָכטער איז אַריין און דער האַר איז אַליין געבליבן, און די בריוו האָט ער אין די הענט גענומען און זי הויך געהאַלטן, און ווינטן האָט ער בלאָזן געהייסן, און דערהויפט מידבער־ווינטן, און יענע זיינען מיט הייסן און טרוקענעם שטויב געקומען, און דער שטויב איז אַף די וואַסער־אויסיעס געפאַלן און די אויסיעס זיינען בוילעט געוואָרן, און פאַפיר — טרוקן... און דאַן, און דער האַר האָט אַ באַפעל אַף אָפשטעלן זיך און אופהערן געגעבן, און די ווינטן האָבן אופגעהערט, און דער האַר האָט די בריוו אַ טרוקענע געהאַט און אין בריוו איז געשטאַנען:

— „צום גאָלדענעם שטערן, מיין געקרוינטן פון ווייט, — אַ גרוס פון מיר און פון שלאָס, פון מיין טאַטן.

... „שוין וויפל כ'האָב איבערגעשיקט און אַף איינער ניט קיין ענטפער. נישט אַנדערש, אַ סוינע שטייט אונז אין וועג און לאָזט מיינע בריוו צו דיר ניט צו... און וויפל מאָל כ'האָב זיך שוין פאַרנאַכט מיט מיין טאַטן אין גאָרטן צו שפּאַצירן אָפּגעזאָגט, און דער טאַטע פרעגט מיך פאַרוואָס? און איך האָב קיין טערעץ אים צו זאָגן. און איך שטיי אין פענצטער באַ מיר, וואַרט אַף דיין דערשיינען און אַף אַ גאָלדענעם ענטפער פון דיין הימל, און — כאָטש דיינע ווינקן זיינען מיר קלאָר, דאָך וויל איך אויך דיין ליב קסאַוו פאַר די אויגן האָבן, און אויב דיין קסאַוו קאָן צו מיר ניט דערגרייכן, איבערן אייגענעם טאַם, וואָס מיינס צו דיר

ניט — איבערן סוינע — גיב אַ סימען און אַן אַנדער צייכן, ווייל מיין טאַטע איז מיר ליב און ער איז דאָס גאַנצע כּיעס מיינס אַף ערדן, און לאַנג וועל ניט האַלטן און לאַנג קאָן פאַר אים ניט פאַרלייקענען... דו, מיין קרוין, וועסט מיך פאַרשטיין, און וועסט לאַנג מיך ניט לאָזן וואַרטן."

באַ די ווערטער האָט זיך די בריוו מיט אונזער טאָכטערס כּסימע גע־ענדיקט, און דער האַר איז מיט איר אין דער האַנט שטיין געבליבן, און ווינטן האָבן, אַף אים קוקנדיק און זיין גרויסן אינטערעס זעענדיק, אים אויסגעוואַרט, און ביז דער האַר האָט זיך פון זיין פאַרטראַכטקייט אופ־געוועקט און דערזעען, אַז ווינטן וואַרטן... האָט ער זיי דאַן אָפּגעלאָזט און צוריק צו זייערע ערטער פליען געהייסן, און אַליין איז, ווי ער איז געשטאַנען, געבליבן, און אַ שטיק צייט האָט נאָך די אויגן אין פּאַפּיר געהאַלטן... און דערנאָך, אַז ער האָט שוין די גאַנצע בריוו און יעדער וואָרט און יעדער אָס קימאַט אַף אויסנווייניק געוואוסט, האָט ער זיך דאַן אין דער טאָכטער דערמאָנט, און אַז ער האָט איר אין שלאָס אַריינ־גיין געהייסן, און איר ליבע האָט ער פאַרשטאַנען — די גרויסע טאָכטער־דיקע צו אים, און די נאָך גרעסערע צו איר־אין־הימל־געליבטן, — און דעם גוירל פון אירע בריוו האָט ער געזען, און דעם גרויסן מעהאַלעך, וואָס טיילט זי אָפּ פון איר באַשערטן... האָט ער זי באַדויערט און מיט איר גרויס מיטלייד געהאַט, און — כאָטש שיידן זיך מיט איר איז פאַר אים שווער געווען, און — כאָטש איר פאַרלאָזן אים האָט זיך אים ניט פאַרגע־שטעלט, און דאָך האָט זיך פאָטערלעך פאַרינטערעסירט מיט דער זאַך און זיין האַרץ האָט אַ גרויסע פרייד אָנגעפילט, און דעם גאַנצן טאָג האָט מיט דער בריוו און מיט זיך אַליין גערעדט...

און צום סאָף טאָג, ווען איך מיטן הירש זיינען נאָך אין טאָל געווען און אונזער טאָג־דינסט נאָך ניט פאַרענדיקט, האָט דער האַר ניט אויס־געהאַלטן און מיט דער בריוו צום נאַכט־פויגל געקומען, און יענער איז נאָך מיט פאַרמאַכטע אויגן צווישן בוים און בלעטער־געדעק זיין טאָג־שלאָף געשלאָפן, האָט ער אים אופגעוועקט און פריילעך אים די בשורה אָנגעזאָגט: „ער ווייסט, און דער טאָכטערס סאָד איז שוין פאַר אים קיין סאָד ניט, און אָט האָט ער היינט פון איר א בריוו געלייענט און אַלץ איז אים קלאָר שוין..."

און ער האָט די בריוו דעם פויגל איבערגעלייענט, און דער פויגל האָט אין טאָג־ליכט קוים מיט די אויגן געבלינצלט און פון שלאָף נאָך שוואַך פאַרשטאַנען, און דאָך, פאַר קאָוועד פאַרן האַר, האָט אַ וואַכנדיק און פריילעך פּאָנעם געוויזן, און דעם אינהאַלט פון בריוו האָט ער פאַרדענקט, און נאָך דעמזעלבן אָוונט האָט ער מיר איבערגעגעבן דעם אינהאַלט, און צוגעגעבן: און דער האַר האָט זיך מיר צו עפּעס גרייטן געהייסן, און צו וואָס, האָט ער מיר ניט געזאָגט — נאָר צו וואָס האט שוין דער פויגל אַליין פאַרשטאַנען, און פאַרשטאַנען, אַז א וועג שטייט אים פאָר... און איך האב עס אַף מאָרגן דעם הירש איבערגעגעבן, און דער הירש האָט דאָס אויסהערנדיק, מיט זיין פעל דער געטרייער אַ געטרייען ציטער געטאָן, און געזאָגט האָט ער: „ער פאַרשטייט דאָס אויך, און, אויב איך געדענק, האָט ער עס מיר נאָך פאַרפריער פאָרויסגעזאָגט.“

און אַזוי איז טאַקע געווען: נאָכדעם, ווי ס'איז פון יענעם טאָג אַ צייט אַוועקגעגאַן און די בריוו פון דער טאָכטער זיינען צום אָוונט־שטערן נישט אָנגעקומען, און פון אָוונט־שטערן צו דער טאָכטער — קיין ענטפער, און נאָר איבערגעקוקט און נאָר געזען האָבן זיך אַלע אָוונט, אָבער דערגרייכן און נעענטער ווערן פון יענעם זעען־זיך האָבן זיי נישט געקאָנט, און די טאָכטער איז וואָס אַ טאָג טרויעריקער געוואָרן, און דער אָוונט־שטערן — נישט פריילעך.

און דער פאָטער האָט דאָס צוגעזען און דער טאָכטערס באַהאַלטנקייט און נישט־אַנטפּלעקן־וועלן באַמערקט, ווייל — פאַרשטאַנען האָט ער, אַז אויך איר איז די זאַך נישט קלאָר: — „און עפשער, טראַכט זי, קוקט ער נאָר, און עפשער זעט ער זי גאָרניט, דער אָוונט־שטערן, און זיין וואונקן איז ניט צו איר, און זיין מיין איז אַן אַנדערער...“ וואָרום, וואָלט דאָס אַנדערש זיין, וואָלט ער דאָך אַ אייצע געזוכט, וואָלט דאָך פאַרשיידנס אויסגעפּרואווט, און ווי וואָלט ער ניט געפינען קיין וועג איר א צייכן צו געבן? — האָט דאָס אַלץ דער פאָטער געזען, און טרייסטן האָט ער די טאָכטער געוואָלט און איר לייד פאַרגרינגערן: „און עפשער, האָט ער געטראַכט, איז דאָס נישט טאַקע, איז צו וואָס איר צאַער, און צו וואָס אירע אויגן צו א פרעמד גליק ווענדן?“

האָט זיך אבער געטראָפן, און איינמאָל אַ פאַרנאַכט אַ געוויינלעכן, ווען אַפן פעלז איז שוין טונקל און אָוונט צוגעפאַלן, אַזוי האָבן פלוצלים

די דינער פון שלאָס אַפן דאַך פון שלאָס עפּעס א פּייערל דערזען, אַ בלאָווס און גאָלדיק אינמיטן, און דינער האָבן זיך דערשראָקן און געמיינט, אַז דאָס איז פון דאַך, און אַז עפּעס ברענט דארט פונויבן. האָבן זיי געאיילט און אַלעמען צואוויסן געגעבן, און דער האַר איז פון גאָרטן אַרויס, און אויך די טאָכטער מיט אים, און דינער האָבן זיך שוין געוואָלט צו די עמער און צום וואַסער נעמען, אַפן דאַך ארוף און לעשן.

האָט מען אָבער פלוצלים באַמערקט, אַז דאָס פּייערל האָט זיך פון פריערקן אָרט אָפּגערוקט און אַף אַן אַנדער אָרט געקומען, און יענץ, דאָס ערשטע אָרט, ברענט ניט און נישט גערירט און אַפילע קיין רויכל דאָרט רויכערט נישט. און דאָס פּייערל איז וואָס שפּעטער אַלץ גאָלדיקער געוואָרן און פון אָרט צו אָרט געגאַנגען, און לעסאָף איז דאָס צום מיט-דאַך און צום פאָנען-שטאָק געקומען, און ווי א לעבעדיקס און אַ רירעוודיקס האָט עס אַפן שטאָק קלעטערן גענומען און איז ארוף, און אַף סאַמע שפּיץ פון שטאָק; און טונקל איז שוין געווען, און אַלע האָבן די אויגן צום פלעמל געהאַלטן און געשטוינט און געשוויגן...

און דערזען האָבן אַלע פלוצלים, אַז דאָס פלעמל האָט א געשטאַלט פון עפּעס אַ שפּיציקן שטערן באַקומען, און עס שטייט און ווי ס'וואַרט, מ'זאָל אונטער דעם יאָמטעוודיק די פאָן אַרופציען.

האָט דער האַר באַלד טאַקע דעם באַפעל געגעבן, און דינער האָבן די פאָן אַרופגעצויגן, און דאָס שטערנדל האָט זי באַקרוינט אויבן, און אַלע האָבן עפּעס מיטאַמאָל די אויגן אופגעהויבן און דעם אָוונט-שטערן דערזען, און געזען, ער שיינט און ליכטיקט היינט עפּעס נישט ווי אַלע מאָל, און אַ יאָמטעוו, ווייזט אויס, איז באַ אים אַ גרויסער, און ווי אָנגעוויזן האָט ער, אַז זיין יאָמטעוו איז אין שלאָס באַ אונז, און אַז דאָס האָט ער טאַקע זיין פּייערל צו דער שלאָס-פאָן געשיקט, און אז נאָך טייערער פון דער פאָן איז אים צווישן די שלאָס-פאַרזאַמלטע עפּעס, און ער זוכט עס מיט די אויגן און קאָן עס נישט געפינען...

האָבן זיך דאן אומגעקוקט אַלע, און אויך דער האַר האָט זיינע אויגן פון הימל אָפּגעווענדט, און דערזען, אַז די טאָכטער האט זיך הינטער זיין פלייצע פאַרשטעקט, און אַז זי האט אירע אויגן אין זיין קלייד באַהאַלטן. האָט ער זיך אויסגעדרייט צו איר, און זי איז אים צו זיין

ברוסט צוגעפאַלן, און אַ געוויין האָט זיך דערהערט, און דאָס האָט די טאָכטער אין פאָטערס שויס געוויינט, און ער האָט זי געגלעט און איר קאָפּ געקושט, און זי האט נאָך מער געוויינט...

און איך מיטן הירש זיינען פאַרשפעטיקטע דאמאָלט פון טאָג אין טאָל אופגעגאַנגען, און מיר האָבן דאס האַר־און דינער־פאַרזאַמלונג דערזען, און ווי די טאָכטער איז אין האַרס שויס געלעגן,— און מיר האבן זיך פאַר־כידעשט; און אויך דער פויגל האָט דאָס געוויין פון יענער זייט שלאָס דערהערט, און אויך ער איז צופליען געקומען, און אויך ער האָט ניט פאַרשטאַנען; און די דינער האבן אונז דאַן שטיל, אום דעם האר מיט דער טאָכטער נישט צו שטערן, אַפּן דאַך אָנגעוויזן, און מיר האָבן די פּאָן און דעם שטערן צַף דער פּאָן דערזען, און אַלץ איז אונז קלאָר געוואָרן; און — די טאָכטער האט דאמאָלט איר קאָפּ פון פאָטערס שויס אופגעהויבן, און אין וויינען האָבן אירע אויגן און דאָס גאַנצע פּאָנעם געלאַכט, און דרייסט און באָטועך האָט זי דאמאָלט איר קאָפּ צום הימל געקערעוועט און דאָס ערשטע מאָל, און אָן בושע פאַר קיינעם, אַף איר געליבטן און געקרוינטן אַ קוק געטאָן...

און דער געליבטער האָט איר געוויין און איר לאַכן געזען, און ער האָט איבערן גאַנצן הימל אַ זיידענעם וואָלקן־געוועב אויסגעשפּרייט און פון איין האָריזאָנט צום צווייטן — מיט אַ געשטרייפטן גאַרטל דעם הימל פאַרגאַרטלט, און דאַן, און נאָכדעם, ווי ער האָט פריער שטיל זיין קאַלע אָנגעקוקט, דערנאָך איר פאָטער, דערנאָך דעם הויף, דעם שלאָס, פעלז און דינער, און אויך אונז — מיך מיטן הירש, מיטן פויגל — צווישן די דינער, אַזוי האָט זיך באַלד הינטער אים אַ וואָלקן־געשטאַלט באַוויזן, און גלייך און מיר האָבן דערזען אַלע: אַ הירש און אַ אינגל רייט אף אים, און אפן אינגלס אַקסל אַ נאַכט־פויגל האַלט זיך. און אָן ווער־טער, און אַלע פאַרזאַמלטע האָבן דעם צייכן פאַרשטאַנען, און אַז אונז — מיר מיטן הירש, מיטן פויגל — א וועג צום אָוונט־שטערן שטייט פאָר...

און דער האַר האָט באַלד די דינער זיך צעגיין געהייסן, און אונז אַלץ, וואָס מיר דאַרפן אין וועג אַריין, צוגרייטן. און מיך מיטן הירש האָט ער זיך אָפּרוען דערלויבט, אָבער ביז צוועלף און ביז האַלבע נאַכט זאָלן מיר שוין אָנגעגרייט זיין.

און ווינטן האָט ער צונויפגערופן און זיי אַ וועג פּאַר אונז שאַפן באַפוילן, און שטויבן זאָלן שטויבן, און דער וועג זאָל וואָס קורצער זיין. און צו דער טאָכטער האָט ער זיך געווענדט, זי זאָל צו זיך אין שלאָס גיין און אַ בריוו צוגרייטן, און אויך ער, און אויך דער האַר האָט זיך אין שלאָס אָפּגעזונדערט, ווייל אויך ער האָט דעם אָוונט־שטערן אַ בריוו שרייבן געדאַרפט.

און אינגאַנצן אָוונט האָט דאַן אין צימער באַ דער טאָכטער דער לאָמפּ געברענט, און דער פויגל האָט געזען, ווי זי איז שוין נישט ביג־נייווע, נאָר פריי באַם טיש געזעסן און פריי געשריבן, און איינזיצן דאָך האָט זי נישט געקאָנט, און אַלע מאָל איז צום פענצטערל, ווי אַף אָטעם כאַפּן און אַף אָפּקילן זיך, צוגעגאַן. און דינער זיינען מיט אונ־זער אין־וועג־פאַרגרייטן פאַרנומען געווען און דעם גאַנצן אָוונט הין־און הער געלאָפן, און דער שטערן פון דעם פאָנען־שטאָק האָט זיך ניט אָפּגעטאָן און געוואַרט ביז אַלץ וועט פאַרטיק זיין.

און דאַן, און אַז די בריוו זיינען אָנגעשריבן געווען, און דער האַר מיט דער טאָכטער זיינען מיט זיי פון שלאָס אַרויסגעקומען, האָבן איך מיטן הירש שוין אָפּגערוט געהאט, און דינער האָבן דעם הירש פון שטאַל אַרויסגעפירט און אים געשפאַנט, און מיר די לייצעס איבערגעגעבן, און איך האב זיך אַף אים אַרופגעזעצט.

און באַלד האט דער פויגל א באַפעל באַקומען, ער זאָל צו מיר אַף אַן אַקסל זיך שטעלן, און ווינטן האָבן. דערווייל נאָך דעם וועג געמאַכט, און דער וועג האט גראָ און שטויביק אויסגעזען, און מעשופּע איז ער געווען, און מעשופּע האט זיך פון דער ערד צום הימל ארוף אַרופגע־לייגט. און דאָס פייערל אַפן דאַך האט דאס אַלץ צוגעזען, און ווי די דינער זיינען אַרום מיר מיטן הירש, מיטן פויגל פאַרנומען, און ווי דער הויף און שלאָס ווערט מיט לאַמטערנס באַלויכטן, און ווי אַלע זיינען פאַרזאַמלט און טוען בא די לאַמטערנס. האט עס געזען, און דערווייל די שפּיצן אין זיך ארייַנציען גענומען, און צוריק ווי געווען, און צוריק ווי אָנגעקומען אויסגעזען.

און דער האַר מיט דער טאָכטער זיינען צו מיר, וואָס בין שוין אַפן הירש געזעסן, צוגעגאַן, און בײדע האבן מיר זייערע בריוו אָפּגעגעבן, און דער האַר האָט עפּעס מיטן פויגל, ווי מיט אונזער פירשפּרעכער,

געשפּראָכן, ווייל דעם פויגל איז די זאַך איבערגעגעבן געוואָרן, און דער פויגל וועט מיטן אָוונט־שטערן דאַרפן רעדן...

און דאַן, און אַז אַלץ איז שוין גאָר גרייט געווען און צו אונזער אָפּפאָרן — קיין אָפּהאַלט, האָט זיך דער האַר דאַן צום הירשס איין אויער צוגעבויגן און אים איין ווינט אָנגעזאָגט, צום צווייטן אויער — א צווייטן ווינט, און איך האָב די לייצעס אין די הענט גענומען, און דער הירש האָט זיך פון אָרט א ריר געטאָן, און באַלד און באַם ערשטן ריר נאָר פון הירש, אַזוי זיינען מיר שוין גלייך אַפן וועג פון די־ווינטן־געמאַכטן אַרוף, אַרוף — און אין א מינוט ארום האָבן מיר שוין קוים דעם פעלז און דעם שלאָס, די לאַמטערנס און די מענטשן באַ די לאַמטערנס אָנגעזען, און אויך דאָס פייערל האט זיך פון דאַך אָפּגעטאָן, און אייניקע מאָל דעם הויף און די מענטשן אין הויף ארומגערינגלט, ווי ס׳וואָלט זיך געזעגענען מיטן הויף און מיט די מענטשן, און באַלד, און דערנאָך און אויך דאס פייערל האט זיך א הויב געטאָן און — צו אונז און צום וועג, און ס׳איז אונז פאַרלאָפן דעם וועג...

און דאס פייערל איז אונז צו די אויגן געקומען, און דאָס פייערל די גאַנצע נאַכט האָט פון פאַר אונז ניט אָפּגעטראָטן. און אָן דעם וואָלטן מיר בלינד געווען, און מיט דעם — זעענדיק און זיכער..:

און די נאַכט איז אונז ווי־ניט־איז פאַרגאַנגען, און פאַרטאָג, אַז ס׳איז שוין ליכטיק געוואָרן, האט זיך דאס פייערל אויסגעלאָשן, אָבער דאַמאָלט איז שוין פאַר אונז אַליין אַלץ קלאָר געווען, און דער הירש האט גע־וואוסט וואוהין צו גיין, און איך — וואוהין צו פירן.

און דער פויגל האט באַ מיר אַפן אַקסל געדרעמלט, און וואָס גרעסערער טאָג ס׳איז געוואָרן, אַלץ טיפער האט ער דעם קאָפּ אין די פעדערן אַריינגעטאָן און אלץ געשמאַקער געשלאָפן.

און דער הירש איז פריילעך געוואָרן מיטן טאָגלעך, און הירש האָט פיס גענומען שטעלן, און דער וועג איז גלאַט געווען, און דאס מעשופּע־קייט האט אונז ניט אויסגעמאַכט.

און באַטאָג האבן מיר זיך אָפּרוען אַוועקגעלייגט און דאס עסן־טרינ־קען, וואָס מ׳האט אונז מיטגעגעבן, פון די פּעק אַרויסבאַקומען, און מיר האָבן איבערגעכאַפּט און זיך דערפרישט, און אונזער ברודער, דעם נאַכט־פויגל, האָבן מיר פון שלאָף געוועקט, ער זאָל אין אונזער סודע

אין אַנטייל נעמען, אָבער ער האט זיך אָפּגעזאָגט און זיך באַ אונז געבעטן, מיר זאָלן אים צו רו לאָזן, ווייל דער שלאָף איז אים ליבער פון עסן.

און אַז מיר האָבן אָפּגעגעסן, האבן מיר זיך ווידער אין וועג געלאָזט, און איך מיטן הירש האבן אַלע ווײַלע אַף צוריק און אַף הינטן זיך אומגעקוקט, און געמיינט דעם שלאָס און כאָטש א סימען פון אים דערזען,— איז דאָס שוין אָבער זייער וויַט געווען, און נישט נאָר פון שלאָס, נאָר פון דער גאַנצער ערד איז ווי קיין זייכער נישט געבליבן.

האָבן מיר פאַר זיך נאָר דעם ציל און דעם פּאָרויס געהאַט, און דער הירש האָט שוין אַף הינטן נישט געקוקט, און איך האב די אויגן נאָר צו דער זון געווענדט,— און אַזוי און זיי ווענדנדיק, און אַזוי און פון דער זון די אויגן שוין נישט אָפּטועדיק, האָב נאָר געקוקט און געוואַרט, ווען דער טאָג וועט אופהערן, און ווען די זון וועט אַפן האָריזאָנט פאַרגיין...

און די זון איז פאַרגאַנגען, און מיר זיינען שוין נאָענט צום ציל געווען, און אַז ס׳איז טונקל געוואָרן, האָבן מיר ווידער דאָס פייערל דערזען, און דאַמאָלט זיינען מיר שוין אין אָוונט-שטערנס גרענעצן אָנגעקומען, און דאָס פייערל האָט זיך אַף א טויער איינעם געוויזן, און מיר האָבן גלייך צוגעריטן צום טויער.

און דער טויער האט זיך געעפנט און אַליין דער אָוונט-שטערן מיט פיל שטערן-באַגלייטער זיינען אונז באַגעגענען אַרויסגעקומען, און באַלד בין איך פון הירשס רוקן אַראָפּ און דעם אוונט-שטערן די בריוו דערלאַנגט. און ער האָט זיך געפרייט און ער האָט באַלד געהייסן מיך מיטן הירש אַף אָפּרו אָפּפירן, און דעם פויגל, דעם פירשפּרעכער, האָט צו זיך, אין זיין שלאָס איינגעלאַדן...

און דערציילט האט דערנאָך דער פויגל, אַז וואונדער אַף וואונדער האָבן אים אין שטערן-שלאָס באַגעגנט, און אַז אַף א בלאָ-ליכטיקער שטול האט מען זיך אים זעצן געהייסן, און אַנקעגן אים האָט זיך דער אָוונט-שטערן געזעצט.

און אויספרעגן האָט אים גענומען וועגן אונזער טאָכטער און וועגן האַר, איר פאָטער, און דער פויגל האָט, וואָס ער האָט געוואוסט, דערציילט, און נאָך מער, וויפל ער האָט געוואוסט, האט ער פון ז י י נ ע ם צוגעלייגט.

און געפרעגט האט אים דער אָונט־שטערן, פאַרוואָס פון אונז האָבן זיך קיינע בריוו ניט באַקומען, און דער פויגל האָט אים וועגן סוינע, וועגן וואָלקן־ראָש דערציילט. און געפרעגט האָט אים ווידער, וואָס מאַכט אונזער טאָכטער, און דער־פויגל האט אים איר בריוו לייענען געהייסן, און באַלד האט דער אָונט־שטערן טאַקע איר בריוו געלייענט און אויך איר פּאָטערס בריוו.

און פאַרן פויגל האָט מען דאַן הימל־קיבעד געשטעלט. און דער שטערן האט מיט אים וועגן פיל זאַכן געשמועסט און אויך וועגן דעם, אַף ווען מע זאָל די כופּע אָפּשטעלן. און דער פויגל איז דאָך דערוף פון אונזער האַר געשיקט געווען, און ער האט אָפּגעשמועסט און דעם טאָג באַשטימט, און דאַן, און אויך דער אָונט־שטערן האָט פון זיין זייט בריוו שרייבן גענומען — איינע פאַר דער טאָכטער און איינע פאַר איר פּאָטער — און אין א פּאָר שאָ אַרום, אַז מיר האָבן אָפּגערוט און ווידער אף זיך אומקערן גרייט געווען, האָט דער אָונט־שטערן אַרויסגעטראָגן די בריוו און איך האָב זיי באַ אים גענומען, און דעם הירש האָט מען מיט מאַטאָנעס באַהאַנגען און זיינע הערנער האָט מען מיט וואָס מע האָט געקאָנט און פול מיט הימל־זאַכן אויסגעצירט, און אויך דאָס פייערל האָט מען אונז ביז אין טאָג צו באַגלייטן מיטגעגעבן, און מיר האָבן זיך אָפּגעזעגנט און פון טויער אַרויס, ארויס — און מיטן זעלבן וועג אַראָפּ — און פון הימל צו דר׳ערד צו נידערן...

און מיר זיינען אַהיים אָנגעקומען. און אז מיר זיינען אָנגעקומען, האָט מען זיך געפרייט מיט אונז, און פון דעמזעלבן טאָג האָט מען זיך צו דער כאַסענע גרייטן גענומען, און דער האַר איז שטאַרק פאַרנומען געווען, און די טאָכטער האט דאַמאָלט גאַנצע טעג אליין אין גאָרטן פאַרבראַכט, און אין די באַנאַכטן יענע האָט שפּעט באַ איר דער לאָמפּ געברענט, און אָפט איז זי צום פויגל געקומען און פאַר בושע נישט געפרעגט בא אים גאָרנישט. אָבער דער פויגל האָט פאַרשטאַנען און ער האָט איר אליין דערציילט... און אויך דעם הירש האָט זי אָפט דאַן דעם האַלז געגלעט, און דער הירש האָט זיך געלאָזט, געלאָזט און ער האָט איר ליבער האַנט מיט א לייכטן הויט־ציטער נאָר געענטפערט...

און די כאַסענע האָט זיך דערנעענט און דער פּאָטער מיט די דינער זיינען שטאַרק באשעפטיקט געווען. און אינם לעצטן פאַרנאַכט, וואָס אַף

מאָרגן האָט די טאָכטער שוין באַדאַרפט צו איר כאָסן און צום הימל פאָרן, האָט זי זיך אײַנמיטן הויף פאַרן גאָרטן און פאַרן שלאָס אַף די קניעס אַראָפּגעלאָזט און מיטן לעצטן טאָג איר־דאָ־פאַרבראַכטן זיך גע־זעגנט, די ערד געקושט און געוויינט שטאַרק, און אַלע זײַנען ארום איר אַרומגעשטאַנען און אַלע האבן מיט איר מיטגעוויינט...

און אף מאָרגן, און אַלע דינער זײַנען מיטגענומען געוואָרן, און אַלע ווינטן האָבן זיך פאַרזאַמלט, און פאָטער און טאָכטער זײַנען אין דער קאַרעטע געפאָרן, און אַלע איבעריקע זײַנען צופוס געגאנגען און נאָר איך און דער פויג, אף מײַן אַקסל האָבן אַפן הירש געריטן, און דער הירש איז איצט מיט פאַרשיידענע געשענקען, מיט קאַלע־קליידער און מיט קאַלע־באַדאַרף, באַלאָדן געווען...

און ארויסגעפאָרן זײַנען מיר פאַרטאָג, און צום כאַסענע־אָרט איז ניט ווייט געווען, ווײַל די כופּע איז אף מיטוועג, צווישן הימל און ערד, אָפּגעשטעלט געווען. האָבן מיר זיך דערום נישט געאײַלט און אונזער נעסיע איז אנגענעמען געווען. און באַטאָג האָבן מיר גערוט, און נאָך באַטאָג זײַנען מיר ווייטער געפאָרן, און אַזוי ביז די זון איז פאַרגאַן, און אזוי ביז מיר האָבן דאס פּיירל דערזען, וואָס איז דאָס ערשטע אונז צו באַגעגענען אַרויסגעשיקט געוואָרן...

און נאָך דעם פּיירל, און ווען ס'איז שוין גוט טונקל געוואָרן, האָבן זיך כאָסן מיט מעכוטאָנים, הימל־לייכטער מיט ליכט אין די הענט באַוויזן, און כאָסן־קאַלע האָבן זיך באַגעגנט און האבן זיך געפרייט, ווי בעשאַס באַגעגענען, און אַ כופּע איז געשטעלט געוואָרן, און איך מיטן הירש, מיטן פויגל האָבן די שטאַנגען געהאַלטן...

און נאָך דער כופּע האָט זיך די סודע אָנגעהויבן, און ווינטן און שטורעם־ווינטן און אַלע געסט אונזערע אײַנגעלאַדענע האָבן אין מויל אַרײַן גענומען, און פון געטראַנק און פון נישט געוואוינט זײַן צו טרינ־קען, האָבן זיך בא זיי באַלד די קעפּ פאַרדרייט, און אויך מיר, איך מיטן הירש, מיטן פויגל, מיטן פּיירל, האָבן איבעריקס געכאַפּט, און מיר האָבן זיך קוים אַף די פיס געהאַלטן...

אָבער, אַז טענץ האָבן זיך אָנגעהויבן, און זון און לעוואָנע, שטערן און שטויב פון שטערן האָבן זיך צעטאַנצט, איז צו אונזער פרייד — צו

מיינער און דעם הירשס, פון איין זייט, און פויגל און פייערלס, פון דער צווייטער — קיין גרענעץ נישט געווען, און איך מיטן הירש זיינען צו דער קאַלעס קלייד געפאַלן און דאס געקושט, און פויגל און פייערל האָבן זיך שיקער און אָן אופהער ארום כאָסנס קאָפּ געדרייט, — און דערנאָך — און אַלע פיר האָבן מיר זיך אָנגענומען, און מיר האָבן פון קיין אָנהויב און קיין סאָף, פון קיין שיר און קיין מאָס נישט געוואוסט און נישט געוואָלט וויסן...

און הימל האָט אַף אונז געקוקט, און יענע שטערן, וואָס זיינען צו אונזער סימכע נישט איינגעלאַדן געוואָרן, ווייל זיי האָבן געמוזט אינ־דר'היים בלייבן און דעם הימל־סיידער היטן, האָבן אונז מעקאַנע געווען, און כאָטש פונדערווייטנס מיט אונזער פרייד זיך געפרייט...

און דער האַר האָט די ווינטן און שטורעם־ווינטן פריי געגעבן, און וויפל זיי ווילן און וויפל זיי קאָנען טרינקען דערלויבט, און יענע האָבן געטרונקען, און קענען קענען דאָך ניט, און זיי זיינען אַוועק און מאַיסים אָפּגעטאָן, און גרויסע איבערקערענישן געמאַכט און אַף דער ערד דאַן קיינעם שלאָפן נישט געלאָזט...

און אַז מענטשן זיינען פון די הייזער אַרויס און געפרעגט: „וואָס איז דאָס און וואָס געשעט היינט?" האָט מען זיי אין הימל אנגעוויזן, אַז ס'איז עפעס אַ כאַסענע אין הימל...

און ווינטן זיינען ווייטער געפלויגן און דעם וואלקן־ראָש אין לאָדן אנגעקלאפּט. און ער איז אַרויס און דערזען, אַז אַן עק, און אַז אַלע האפּענונגען זיינען צו נישט געווארן, האט ער זיינע קליידער צעריסן, און פון גרויס צאַער זיין באָרד אין שטיקער געפליקט און אַף ווינט זיי צעשפּרייט... און ווער ס'האט פון זיין באָרד שטיקער אין אָנדענק דאַן געכאַפּט — האט געכאַפּט, און ווער ניט — דער האט ניט, און ווינטן האָבן זיך געיאגט נאָך זיי, און וואָלקנס האבן אַף זייער האַרס צאַער טרערן געגאָסן און געוויינט...

און אַז דער אוילעם איז מיד געוואָרן, דער אָוונט־מאָלצייט געענ־דיקט, און כאָסן־קאלע זיינען צו זיך אַוועקגעגאַן, האבן דאַן הימל־לייכטער די ליכט אויסגעלאָשן און שטילערהייט יעדער אַף זיין אָרט אַוועקגעגאַן, און דעם האַר אונזערן האבן זיי פיל גוטס געוואונטשעוועט

און אים פאַרלאָזט, און דער האַר איז אַליין געבליבן און די גאַנצע נאַכט פון זיין איינציקער און זיין בעסטער געטראַכט...

און אינדערפרי, אַז דער כאָסן האט זיין קאַלע אַרויסגעפירט און זי אין הימל באַזעצט, און פאַר דער גאַנצער וועלט און אַלע אירע אייגענע איר שיינקייט באַוויזן: אַ שטערן פאַר טאָג, אַ שטערן פאַר אנזאג, דעם העלסטן און ליכטיקסטן פרימאָרגן-שטערן — האבן מיר, איך מיטן הירש און פויגל מיטן פייערל, דאַן פון שלאָף דערוואַכט און אַלע זיינען מיר אַף די קני געפאַלן און דעם נייעם טאָג מיט זיין זויבערער מאַטאָנע געבענטשט, און אויך דער פאָטער, אונזער האַר, האָט דאס דערזען, און ווי שווער ס׳איז אים דאָס שיידן-זיך ניט געווען, דאָך, אַז ער האט דער טאָכטערס הויכע אָרט דערזען, האט אויך ער זיין קאָפּ פאַר איר גליק געבויגן, און אַזוי — מיר קניענדיק און דער האַר דעם קאָפּ אַראָפּהאַלטנדיק — האבן שטיל און אונזער אָפּשייד גענומען, האָבן שטיל אונזער אָפּשייד באַדויערט...

און כאָסן-קאַלע האבן פאַרן געזעגענען זיך אונז אַלע דינער מיט מאַטאָנעס באַשאַנקען און אַלע אונז געבענטשט: — און דעם הירש איז קראַפט און פלינקייט אין די פיס אויסגעפאַלן, דעם פויגל — שיין, און דעם פייערל — שעליכעס, און מיר: איך זאָל אייביק גרין זיין און אַרום גרינס אַרומגיין, און טאָמעד אַף דער ערד פון אונטן, ווען איך וועל זיך אין פייער נויטיקן, אַזוי זאָל איך נאָר מיין האַנט אויסשטרעקן, און — אַלע הימל-לייכטער איז פאַרזאָגט, און קיינער זאָל מיר ניט אָפּזאָגן, און טאָמעד פייער מיר דערלאַנגען, אָמיין!

און די מאַיסע איז שוין לאַנג געווען, און פון יענער צייט איז שוין אַ היפּש ביסל וואַסער אויסגערונען, און היפּש טעכער אויסגעטריקנט, און דער הירש האָט דאַן זיין בראָכע גענומען און גלייך מיט איר, נאָך דער נאַכט און פיל טרונקן, אַף אָפּקילן זיך אין די צאָפּן-לענדער אַוועק, דער פויגל — זיינע, און ער איז אַף די טעג און יענע וועלדער שלאָפן געגאַן, און איך — מיינע, און ווי גרין איך בין געווען, אַזוי גרין בין פאַרבליבן...

— איר הערט, מאָכיקע? —

און דאָ האט דער גרינער זיין דערציילן פאַרענדיקט און שוין מיד געווען פון דערציילן. און זיין ליולקע האט ער גענומען און זי פון

אויסגעלאָשענעם אַש אויסגעאַשט, און אַף די מאָכיקע האט ער אַ קוק געטאָן און געזען, אַז פון פייער, וואס ער האט פאַרנאַכט זייערע קעפ אנטליען, רויכערן זיי זיך נאָך איצטער, און אליין איז ער שוין מיד און צייט אים צו שלאָפן, — האָט ער זיך נעבן איינעם א מאָכיקן אַוועק־געלייגט, און די נאַכט איז מילד געווען, אַ מיטזומעריקע און קיין ווינטל האט אין פעלד קיינעמס שלאָף נישט געשטערט. איז ער איינגע־שלאָפן, און מאָכיקע האבן גערויכערט און מיטגעשלאָפן, און ווען־ניט־ווען־נאר האט זיך באַ אַ קאָפ פון איינעם אַ פלעמל צעפלאמט...

האָבן זיי אַזוי שטיל גערויכערט און אופגעפלעמלט פון צייט צו צייט, ביז זיי האָבן אויסגעברענט. און אינדערפרי, אַז די זון איז אופגעגאַן און דעם גרינעמס פּאָנעם מיט אַ פרימארגן־וואַרעם אַ וואַרעם געטאן, אים אופגעוועקט, ווייל צייט אים אופשטיין, — איז ער אופגעשטאנען, זיך אַרומגעקוקט און דאַן אויך אין די מאָכיקע זיך דערמאנט. איז שוין אבער פון זיי פון קיינעם קיין סימען ניט געווען, און נאר אַף דער ערד, און אַף די ערטער, און וואו זיי זיינען נעכטן און איבערנאכט גע־שטאנען, האבן איצט און אַפן פעלד נאר שוואַרצע קויל־פלעקן זיך געשוואַרצט...

האט זיך דער גרינער מאַן אויסגעקערעוועט, און ווי יעדער טאג, אויך היינט, צו זיין אַרבעט — צו זיין גרינס און גרינען — אַוועקגעגאן.

I

... אין יאָר פינף טויזנט זעקס הונדערט אַכציק פון דער וועלט־רע־כענונג, וואָס מיר רעכענען, און אין יאָר טויזנט אַכט הונדערט פופציק איינע נאָך אונזער פאַרטריבן־ווערן־ציילונג, וואָס מיר ציילן, און איי־ניקע יאָר נאָך אונזער ניי־נעוואוע, — בין איך, פינכעס דער זון פון מענאַכעם דעם קויהען, אין איינעם אַ באַנאַכט אַמאָל אין הימל אופגע־גאַנגען; אָנגעקומען און אין גאָטס אַ הויז, אין אַן אַלטן, און ווי אין אַ מישקן אַן אַמאָליקן זיך געטראָפן; אַריינגעגאַנגען, און פאַר אים, און פאַר וואָס ס׳קומט פאָר אין אים, זיך פאָרגעשטעלט.

און דערזען האָב איך אין יענעם הויז פון גאָט און אַף זיין שוועל שטיל־שטייענדיק, ווי דרעמלענדיק און אַלטלעך האָט אַ וואָלקן די שטוב און דעם גאַנצן כאָלעל דאָרטיקן אָנגעפילט.

און אַלט איז דאָס הויז געווען, און אויך דער וואָלקן האָט ווי פאַר־עלטערט אויסגעזען, און ווי פון לאַנג, אַז ער ליגט און שטענדיקט דאָרט, און ווי שוין אַ צייט, אַז ער איז נישט אַרויס און זיך נישט אָפּגעטאָן פון הויז.

האָט ער דאָס גאַנצע גאַנצע געביי, זיין לענג און זיין ברייט, פאַרפולט. איז דאָרטן נאַכט און שלעפעריק געווען, און אין אַ זייט און אין אַ ווינקל איינעם איז אַ ברענענדיק לעמפעלע און וואָס באַשטענדיק ברענט, דאָרט געשטאַנען, און דאָס לעמפעלע האָט שוואַך דאָס ווינקל באַלויכטן, און די שיין פון דעם האָט נאָך שוואַכער אַפן גאַנצן געביי און אַף זיין שלעפערדיקייט געצאַנקען...

האָב איך דאָך דערזען פאַר דער שיין, ווי באַ אַ מיזבייעך, וואָס איז באַ דער זייט געשטאַנען, באַ אַן אויסגעלאָשענעם און אָפּגעקילטן איז

אַף אַ טרעפּ אַף איינער און באַם באָדן אונטן, אַ קויהען, אַ נאַכטישער און אַ דאָרט נעכטנדיקער, געזעסן.

און געשלאָפן איז דער קויהען, און זיין קאָפּ איז אים געווען אַף דער ברוסט אַראָפּגעלאָזט, און אין שטיל־דרעמל איז ער פאַרטאָן געווען און זיינע קליידער האָבן אים דעם קערפּער און זיינע פיס געדעקט. און נישט דערקענען האָט מען זיין אויסזען געקאָנט, און אויך זיין פּאָנעם נישט צו זען, און ווי אַלט איז ער, און וויפל איז אים — נישט צו וויסן.

איז ער אַזוי שטיל געזעסן, און גאָטס הויז און גאָטס נאַכט מיט זיין קערפּער און מיט זיין שלאָף באַוואַכט. האָט זיך דאַן פון דער מיזרעך־זייט און פון אונטער דעם פּאָרויכעס אַפּיר אַ קאָל דערהערט, אַ שטילס און אַ וואַכנדיקס, און אַליין ווי נאָרוואָס אופשטייענדיקס, און צום קויהען גערופן; האָט עס אויסגערופן און אַזוי געזאָגט:

— שטיי אוף, אישמאָעל קויהען גאָדל, האַלבע נאַכט איז שוין פּאָרי־בער און די נאָך־האַלבע קומט אָן שוין, און דער מיזבייעך, און דער אויסגעלאָשענער וואַרט אף דיר, אַף דיר און אַף דיין אַוואוידע דער נאָך־האַלב־נאַכטיקער.

האָט דער קויהען דערהערט דאָס קאָל, האָט ער דעם קאָפּ פּאַמעלעך פון שלאָף אופגעהויבן און נאָך פּאַמעלעכער זיינע אויגן פון פאַרמאַכט־קייט אופגעמאַכט.

האָט ער זיך פון דער טרעפּ אופגעשטעלט, און זיין אויער צום אָרט, פונוואַנען דאָס קאָל איז געקומען, אָנגעשטעלט, און ווי אַפן ווייטערדיקן און ווי אַף אַ צווייט מאָל רופן געוואַרט.

האָט זיך דאָס קאָל ניט וואַרטן געלאָזט. און ווידער איז דאָס פון אונטער דער פּאָרויכעס־זייט אַפּירגעקומען, און נאָך אַ מאָל האָט זיך עס פון דער פאַרשטעלטקייט אַפן גאַנצן מישקען דערהערט; האָט עס גערופן און נאָך אַ מאָל געזאָגט:

— אישמאָעל קויהען גאָדל, גיי צום מיזבייעך צו, און צינד אַף אים פייער אָן, ווייל די צייט פון מיזבייעך איז געקומען, און דער מיזבייעך וואַרט שוין אַפן פייער.

האט שוין ניט געוואַרט מער אישמאָעל קויהען גאָדל. האט ער צום מיזבייעך גענענט און אף אים געטאָן, וואָס געטאָן: אף אים פייער אָנ־געצונדן, און אויסגעוואַרט ביז ס׳האט זיך צעבערענט דאס פייער, דער־

נאָך דערויף רויכערוואַרג געגעבן, און ער האט געקוקט און אַכטונג געגעבן אף דעם אופגעגעבענעם.

האָט זיך צעברענט און גערויכערט אַכן מיזבייעך, און אישמאָעל קויהען גאָדל האט געזאַמט און די גאַנצע צייט געקוקט דערויף, דערנאָך פון דאָרט די אויגן צוגענומען און זיי אף דער טיר אופגעהויבן, און מיך אף דער שוועל שטיין דרזען. האָט ער מיך די ערשטע ווײַלע באַטראַכט פאַרוואונדערט, און נאָך דער ערשטער, ווי שוין היימישער, און נאָך דער צווייטער — האט זיך שוין צו מיר און צו מײַן פּונווייטן־שטייענדיקייט געווענדט. האט ער מיך צוגערופן און מיר אַזוי געזאָגט:

— קום אהער און גיי פון דער שוועל אַראָפּ, קום ארײַן און טרעט דעם מישקן אריבער.

האב איך אים געפאָלגט: בין איך פון דער שוועל אַראָפּגעגאַן און צום מיזבייעך גענענט, און איך האָב זיך פאַר אים אָפּגעשטעלט. און ער האט זיך בא מיר דערפרעגן גענומען: „... ווער בין איך, און וואָס דאַרף איך דאָ, און ווער האט מיך געבראַכט אַהער?"

האָב איך אים געענטפערט: „א יונגער און א קויהען, און פון די זין פון די קויהאַנים בין איך און מיט דער הילף פון מײַן צייט, און פון ניי־נעוואוע, בין איך אופגעבראַכט אַהער."

האט ער מיך אויסגעהערט, און דאַן אָפּגעגאַן פון מיר. איז ער צום אָרן און צום פּאָרויכעס צוגעגאַן און באַ איינעם א ווינקל זיך געשטעלט, זיך אוועקגעשטעלט און שטיל דאַן מיספּאַלעל זיין גענומען: לאַנג פאַר דער האַלבער נאַכט שוין־אוועקגעגאַנגענער, און נאָך לענגער פאַר דער אַנדערער, דער ע ר ש ט אָנקומענדיקער, און שטיל און פאַרן פּאָרויכעס אַזוי שטייענדיק, און נאָך שטילער — און צו א ברעג פּאָרויכעס מיט זיין פּאָנעם געווענדט. האָט ער אזוי לאַנג פונדאָרט נישט צוגענומען דאָס פּאָנעם, און זיך אַזוי לאַנג און געזאַמט אין טפילע. האָט זיך דאַן ווידער און פון הינטערן פּאָרויכעס אַפיר דאָס קאָל דערהערט, דערהערט און ווידער גערופן:

— פאַרענדיק, אישמאָעל קויהען גאָדל, לאָז די טפילע איבער און קערעווע זיך צו מישקען אויס, קערעווע זיך אויס אַהין, און אין דעם קויהען, וואס ער וואַרט אף דיר, דערמאַן זיך.

האָט זיך אישמאָעל קויהען גאָדל אופגעכאַפּט פון לאַנגן אין־טפילע־פאַרטיפט זיין, האט ער זיך אויסגעדרייט, און צו מיר, און צו מיין אָף־אים־וואַרטן צוגעגאַן, און אזוי געזאָגט:

— זיי מיר מויכל, קויהען, וואס איך האָב אין דיר און אין דיין זיין־דאָ פאַרגעסן, דאס האָב איך אף דיר און אף דיין מאָרגן מיספּאַלעל געווען. און איצט, און קום ארויס מיט מיר, און איך וועל דיר דיין נאַכט, און ביז דיין מאָרגן ווייזן.

און דאָ האט מיר אישמאָעל קויהען גאָדל אף אים נאָכגיין א וואונק געגעבן, און ער האט זיך פון מישקען ארויסגיין געלאָזט, און איך האב זיך נאָך אים נאָכגעלאָזט און אים נאָכגעגאַן פונהינטן.

זיינען מיר ביידע אין דרויסן ארויסגעקומען. האט ער מיך פון מיש־קען און פון זיין נאָענטקיים אָפּגעפירט, און אף א גרויסן פּלאַץ און פון א פאַרנעם א גוואַלדיקן מיך ארויסגעבראַכט.

זיינען מיר אַהין אָנגעקומען ביידע און מיר האבן זיך אין זיין מיטן אַוועקגעשטעלט. האט זיך דאַן אישמאָעל קויהען גאָדל געווענדט צו מיר און דעם קאָפּ מיר ארוף און די אויגן צום הימל אופהויבן געהייסן. האב איך אים געפאָלגט און געטאָן, וואָס ער האט געהייסן; האָב איך דאַן באמערקט אין הימל, און דאָרט אט וואָס דערזען:

האָט זיך אין הימל פּלוצים א לייכטער מיט א ליכט באַוויזן, און נישט פון קיין מענטשן געבראַכטע און נישט פון קיין האַנט געטראָגענע, נאָר אַליין א לייכטער מיט א ליכט א ברענענדיקער. און די ליכט, און איר שיין האט ווי אין א שטוב ברענענדיק אויסגעזען: גאָלדיק און היימיש; הויך אין הימל אויבן, און דאָך צום האַרצן עפּעס נאָענט.

האט זיך דאַן אונטערן לייכטער א שטענדער — א הילצערנער און א געוויינלעכער, און ווערליק פאַר א מענטשן־וואוקס די הויך — א שטעל געטאָן, און דער לייכטער איז אף אים שטיין געבליבן.

האט זיך דאמאָלט אָפן שטענדער אויך א סייפער באוויזן. און אופגע־מישט האט ער זיך פון זיך אליין און אָן קיין האַנט. האט ער זיך גע־בלעטערט, און נאָך אייניקע מינוטן מישן און בלעטערן, האָט זיך אָפּגע־שטעלט און פאַרהאַלטן אף א בלאַט, און באַרוט און אָפן, גרייט און ווי אַף עמעצנס צו אים צוקומען און אין אים צו לייענען געבליבן.

האָט ער אזוי אויסגעוואָרט. האט זיך דאַן אויך דער עמעצער באַ־וויזן: — א שטילער מאַן און פון הימל זיך־ווייזנדיקער, און פאַרן שטענדער און פאַרן ליגנדיקן סייפער זיך געטראָפן. האט ער אין סייפער די אויגן אריינגעטאָן און די גאנצע צייט פון לייענען זיי נישט שוין ארויסגענומען פונדאָרט. האט ער אָנגעהויבן און אזוי געלייענט:

„— און אין יענע צייטן וועט זיך א קאָל צעטראָגן, אז אין יאַם האט זיך א אינזל אָפגעריסן, און אז דאס אינזל שווימט ארום אין יאַם. און יאַם־לייט האבן דאס באַגעגנט שוין נישט איינמאָל, מיט שטעט און מיט אישעוון, מיט דערפער און מיט פיל דערשראָקענע און מיט מענטשן און מיט כאַיעס דאָרט ארומלויפנדיקע.

און שיפן האבן עס געזען, און שיפן האבן זיך ניט איינמאָל אָנגע־שלאָגן אין דעם. און יענע, וואָס האָבן זיך נישט געהיט און דאס נישט באַמערקט פונוויטן, זיינען ניזעק געוואָרן און איבערדעם צו גרונט גע־גאַנגען, און די, וואָס האבן עס באַמערקט פונוויטנס, האבן פון אינזל עפעס קוילעס און געשרייען געהערט, און מענטשן און כאַיעס האָבן זיך באַ די ברעגעס פאַרזאַמלט און אלע האבן צום יאַם, ווי נאָך הילף גע־רופן, און אלע האבן אַף הילף און ראַכמאָנעס צו די דורכפאָרנדיקע די הענט און די העלזער אויסגעשטרעקט...

ווען דאָס די יאַם־לייט באַם ערשטן ברעג דערציילן, און דער ער־שטער ברעג וועט דאס א צווייטן איבערגעבן, און דער צווייטער — א דריטן, און אַזוי וועט זיך די יעדיע פון אָרט צו אָרט צעטראָגן.

און דערציילן וועט מען ווידער, אַז די פאַרבייפאָרנדיקע די לעצטע צייט האָבן אפן אינזל אַ פייער־רעגן גיסן געזען... אַפן גאנצן יאם איז שטיל און רואיק געווען, אַפן גאַנצן הימל אַרום איז קיין וואָלקנדל און קיין אומלויטערקייט נישט געווען צו באַמערקן, נאָר אינמיטן און אַפן קאָפּ פון אינזל האָט אַן אָנשיקעניש און אַ פינצטערניש געהערשט, און פון פינצטערניש און פון פאַרכמאַרעטקייט דעם גרויסן, האָט אַ רעגן און אַ פייערדיקער געשמיסן.

און נישט צו זען איז שוין געווען אַפן אינזל קיינעם, און פוסט און אָפגעראָמט האָבן אלע ברעגעס פון דעם אויסגעזען, און נאָר זעלטן, און נאָר וואו־ניט־וואו, האט זיך אַ כאַיע אַן עלנטע, אַ פאַרשטויסענע און ווי אַ לעצט־פאַרבליבענע באַוויזן. און געוואָיעט האט די כאַיע, און באַם

ברעג פון אינזל איז זי געשטאַנען און דעם קאָפּ צום יאַם אויסגעשטרעקט און אַף כורבן און אַף אינזל־ווײַ געוואָיעט...

און איבערגעבן וועט מען ווידער, אַז דאָס אינזל פון מאָל צו מאָל אַלץ קלענער און קלענער ווערט, און ברעג און ברעגעס ברעכן זיך אָפּ פון דעם, און שטיקערווײַז און טײַלווײַז שווימען אָפּ און פאַרלאָזן דאָס אינזל. און די לעצטע צײַט איז דאָס שוין גאָר אַ קלײנס געבליבן, און פון צײַט צו צײַט דערוף אײנער אַ מענטש, אַ לעצטער און שפּור־פאַרבליבענער, פאַר די יאַם־לײַט און פאַר די שיפן די פאַרבײַפאָרנ־דיקע באַווײַזט זיך—אַמאָל אַף אַ באַרג און אַף יאַם־ווײַט קוקנדיק, און אַמאָל באַם וואַסער אונטן און באַם ברעג אַ שטײענדיקער.

און ווײַזן ווײַזט זיך אויס, ווי דער מענטש אַן אָרט זיך אויסזעט, אַף דער שאָ און אַף דער לעצטער, פאַרן פאַרגײן און פאַרן פאַרשוואונדן־ווערן פון אינזל, און דערווײַל נאָך רואיק איז, און ביזן לעצט, און ביז־וואַנען ס'איז מעגלעך נאָך, דאָרט צו בלײַבן און דאָס נישט צו פאַרלאָזן רעכנט...

און צום לעצטן וועלן יאַם־לײַט דערצײלן, אַז זײ האָבן דאס אינזל אַ קלײנס און אַ נישטיקס שוין זיך טרינקען און אונטערגײן געזען...

און איבערגעקערט האָט זיך עס און אַפן רוקן האָט זיך עס געשטעלט, און אַ לאַנגע צײַט האָט זיך עס מיטן יאַם געראַנגלט, און ביז קויכעס און ביז מעגלעכקײַטן אַף ראַנגלען זיך האבן זיך באַ דעם אויסגעלאָזט.

האָט זיך דאַן אַפן לעצטן יאַבאָשע־שטיקל דער מענטש און דער לעצט־פאַרבליבענער באַווויזן. האט ער זיך אַף אַ ברעט געהאַלטן, און מיט דער ברעט אין וואַסער זיך אַראָפּגעגליטשט און מיט איר אין יאַם אַרײַן אַוועק. און די כוואַליעס האָבן אים אַ נעם געטאָן און אַף די רוקנס זײַערע אַרופגעכאַפּט, און טראָגן און אונטערטראָגן האבן זײ אים גענומען, און אײן כוואַליע האט אים צו אַ צווײטער איבערגעענטפערט. און ביז זײ האבן אים ווײַט אַפן האָריזאנט און פון אַלעמענס אויגן, און פון אַלע דאָס דאַן־צוזעענדיקע פאַרשוואונדן געמאַכט.

און איבערגעבן וועט מען ווידער, און דערצײלן וועלן דאָס שוין ניט קײן יאַם־לײַט, נאָר יאבאָשע־ און ברעג־לײַט פון יאבאָשעס, אַז אײנ־מאָל נאָך אַ שטורעם אַ גרויסן, האט דער יאם צו אַ ברעג צו אײנעם עפּעס אײנעם אַ מענטשן אַ האלב טויטן־שוין אַרויסגעוואָרפן.

און אָפּגעטריקנט און אופגעמינטערט האט מען אים, און באַ אים, „פונוואנען ער איז", און „וואָס ער איז" זיך צעפרעגן געגומען. און דער מענטש האָט ניט געענטפערט, און דער מענטש האָט קיין איבע־ריקס ניט געלאָזט זיך דערפרעגן.

און אַרויסגערוקט האָט ער זיך, און די אים־אַרומרינגלענדיקע אינ־דערמיט געלאָזן, און זייערע שטיבער און זייערע הייזער האט ער פאַר־לאָזט. און אַף אַ באַרג אַף אַ פעלזיקן האט ער זיך אופגעהויבן, און דאָרט, און צווישן שטיינער צעוואָרפענע, האָט זיך אַ שטיין־הייל אָפּ־געזוכט.

און געזען, און באַמערקט האבן די מענטשן, אַז דער מענטש האט פון יאם אָנקומענדיק עפּעס געבראַכט און געראטעוועט פון יאם, אָבער וואָס אַזוינס, האט מען אים נישט טראָגן געזען, און וואָס אַזעלעכס, האט מען אים נישט באַמערקט צו האָבן, נאָר דאָך, אַף זיין אָרט אָנקומענ־דיק, האט עפּעס באַגראָבן און נעבן זיין הייל באַהאַלטן...

און אַף יענעם אָרט האט ער עפּעס אַ קייווער אָנגעשיט. און אַרומ־געצאַמט און אַרומגעגרויזט האט ער אים, און באַוואָרנט און אָפּגעהיט אַף קייווערשאַפט, און אַלע באַנאַכט באַפוילט ער אים, און אַלע נאָך־האַלבע־נאַכט פונדאָרט אויך עפּעס אַ פייער באַווייזט זיך...

און געזען האט מען ווידער, אַז נאָכן נאַכט־פייער יענעם, דער הימל איבער קאָפּ פון באַרג שפּאלט זיך, און דורך אַ לייטער, דורך אַ פון־ליכט־געמאַכטן, עפּעס אַ מאַן איינער, פון דער הויך און פון הימל אַראָפּ לאָזט זיך.

און אויסגעלאָשן ווערט נאָכן אַראָפּלאָזן זיך פון מאַן דער לייטער, און נישט בלייבן בלייבט ער פון פאַר די אויגן, נאָר אַפן אָרט, וואו דער מענטש דעם קייווער באַזוכט, שטעלט זיך צו אים צו דער איינער, און אַף לאַנג, און אַף נאַכט, און אַף שאָען גאַנצע, און ביזן טאָג פאַר־ברענגט דאָרט...

און זאָגן וועט מען זאָגן, אַז אַ מאַלעך און רעבע באַפוילט דעם מענטשן, און איבערגעבן און דערציילן וועט מען, אַז דאָס לערנט ער אים, און דאָס גרייט ער אים צו צו עפּעס...

און דער קלאַנג וועגן דעם מענטשן וועט זיך אין יענעם אָרט פאַר־שפּרייטן, און דעם נאָמען זיינעם וועט מען ווייט און אַרום, אויך אויסער

יענעם אָרט דערהערן, און ציען וועט מען זיך אַהין נעמען, און אָנקו־מען, און אָנקומען פון אַלע זייטן, און אַ איידע און אַ ווילד־נייע וועט זיך דאָרט בילדן, און אַלטע־טאַלמידים און נייע־טאַלמידים וועלן אַהין צוגענומען ווערן, אַף אַרויסגיין פונדאָרט און אַף אַלע יאַמען און יאַם־ברעגעס צו צעשיקט ווערן, אַף נישט געהערטס צו צוהערן מאַכן און אַף נישט־געשעענס צו געשעען לאָזן...

און די צייט פון אָט דעם אַלעם וועט באַלד קומען, און די צייט פון אָט דעם פאַרויסגעזאָגטן וועט שוין נישט געדויערן לאַנג, ווייל אַזוי זאָגט דער גייסט, און אַזוי איז דאָס פאַרויסגעזאָגט פון אים, און אַזוי איז דאָס שוין פון לאַנג אַף אָט דעם סייפער אַף אַ זיקאָרן פאַרשריבן...״

און דאָ האָט דער מענטש זיך אָפּגעשטעלט פון לייענען, און פון סייפער און פון לאַנג אַהין אַריינקוקן די אויגן צוגענומען.

איז ער אַזוי אַ ווײַלע פאַרן שטענדער מיטן ליכט געשטאַנען, און דאָס ליכט האָט געברענט, און דאָס פייער האט אין איין מאָס אין דער שטילער און אין דער גאלדענער זיך געהאַלטן.

האָט אַזוי ווי אויסגעוואַרט דער מענטש, און אויך איך און אישמאָעל קויהען גאָדל האָבן אַף אונזערע ערטער און אונטן שטייענדיק, ווי אַף נאָך עפּעס, און אַף נאָך און ווידער צו הערן, אַרויסגעקוקט. האָט זיך דער מענטש דאַן שוין אַזוי ווי אָפּגערוט פון וואַרטן, האָט ער זיך דאַן נאָכאַמאָל צום סייפער געווענדט, און אַהין אַ צווייט מאָל אַריינ־געקוקט, אַריינגעקוקט און אָט וואָס געלייענט:

— און דאָס אַלץ, און דאָס ביז אַהער געזאָגטע, איז אַ מאָשל נאָר געמאָשלט, און וואויל איז דעם, וואָס וועט הערן דעם מאָשל, און דעם איז וואויל, וואָס אים אויסהערן וועט ראָע זיין, און אישמאָעל קויהען גאָדל, וואָס וועט אין יענער צייט קויהען גאָדל זיין, דאַרף אים צו פאַר־שטיין געבן, און דעם קויהען, וואָס וועט פאַר אים געבראַכט ווערן, אים אופקלערן און קלאָר מאַכן דעמאָלט...

און דאָ האט דער הימל־לייענער שוין זיין לייענען פאַרענדיקט. האט ער דעם סייפער פאַרמאַכט און זיך צו אים אָנגעבויגן און אים אַ קוש געטאָן פאַרן פון אים אָפּגיין.

איז ער אַוועק, און באַלד נישט געבליבן אַף אַ נישט־בלייבן־אויפן. האט זיך נאָך אים אויך זיין אָרט פאַרמאַכט, האָט זיך באלד אויך דער

שטענדער פון זיין אָרט אָפּגעטאָן, און נאָכן שטענדער האָט דאָס ליכט נאָך געברענט אַ ווײַלע און באַלד דערנאָך איז אויך דאָס ליכט נישט געבליבן.

זיינען מיר אַזוי, ישמאָעל קויהען גאָדל און איך, נאָך דעם אַלעם גע־זעענעם שטיין געבליבן, און ביידע זיינען מיר אין הימל און אין יענעם אָרט פונויבן פאַרטאָן געוועזן. האָט זיך ישמאָעל קויהען גאָדל פּלוצים אופגעכאַפּט פון פאַרטיפט זיין, און די אויגן פון הימל צוגענומען און צו מיר, און צו מיין נעבן־אים שטיין זיך געווענדט. האָט ער זיך צו מיר אָנגערופן און אַזוי געזאָגט:

— און איצט, קויהען דער זון פון קויהען, שטעל זיך אַוועק און גרייט זיך צו, און איך וועל דיר דאָס נאָרוואָס געוויזענע, מיט אַ צווייטן און מיט אַן אַנדערן אופקלערן.

און ישמאָעל קויהען גאָדל האָט מיך פון מיין אָרט, וואוהין איך בין ביז אַהער מיט מיין פּאָנעם געווענדט געווען, אויסגעדרייט און מיך צו מיזרעך־זייט אויסגעקערעוועט.

האָט ער מיך אַהין אַזוי אַוועקגעשטעלט און מיר אַהין קוקן און לאַנג קוקן געהייסן, און אַליין, און אויך ער נעבן מיר, און אויך ער האָט אַהין זיין פּאָנעם געווענדט, געווענדט און מיר האָבן אָט וואָס דערזען:

האָט זיך אַפן הימל, וואָס אַפן האָריזאָנט אַף ווייטן, פּלוצים ווי אַ טייכל מיט אַ באַגרינטן ברעג באַוויזן, אַ שטילס און מיט בוימער באַוואַקסנס, אַ זיך־דרייענדיקס, און קרום ערגעץ אונטער בוימעריקייט פאַרגייענדיק.

האָט דערויף די ענדע נאַכט און אַן ערעוו־טאָג רואיקייט גערוט. און די ברעגעס מיט בוימלעך האָבן אַרומגעשטעלט דאָס טייכל און נאָך אין נעכטיקייט און אין פאַרטאָגיקייט געדרעמלט; און דאָס וואסער האט געשטראָמט און געקילט קווענדיק, און דעם סאָף־נאַכט־הימל אָפּגע־שפּיגלט און אָנגעזען געמאַכט אין קילן.

איז דאָרט קיינער נישט געווען און די ברעגעס זיינען פּוסט גע־שטאַנען, און קיין בריע און קיין לעבעדיקע האָט זיך נישט געוויזן אַף קיין ברעג. נאָר אַף אַן אָרט אַף איינעם, באַ אַ צום־טייכל־אַראָפּלאָז, איז אַ זאַמד אַזאַ, אַ ווייס־גלאטע און אַ באַדר׳ערדיקע גע־לעגן, אַן איינגעלעגערטע און גלייך אין וואַסער אריינפירנדיקע, אַ

וואַרטנדיקע און, ווי עמעצער זאָל זיך באַלד דורך איר צום וואַסער אָנ־טרינקען קומען, געוואַרט.

האָט זיך טאַקע באַלד פון צווישן די בוימער און פאַרצווייגטקייט זייערע אַ בריע אַרויסקומען באַמערקט... אַ גרויסע און אַ שטילע דאָרט, אַ געהיטע און צום וואַסער גייענדיק.

איז דאָס אַ הירש געווען. און די פעל איז אים שטייף צו דער הויט צוגעשטאַנען און די הערנער זיינע האָבן זיך הויך און פאַרצווייגט אַרויסגעזען, און יעדער האָרן האָט צו אייניקע צווייגן געהאַט, און יעדער צווייג צו ביי־צווייגלעך קליינינקע. איז ער אַרויסגעגאַנגען פונדאָרט און מיט זיין אָנקומען, ווי אַ גרוס פון אַ יענער־בוים־זייט, און ווי אַ יעדיע שוין פונערגעץ אַ הינטערוואַלדיקן פאַרטאָג געבראַכט.

האָט מען טאַקע דערזען: אַף אַ האָרן זיינעם איינעם און אַף אַ שפּיץ אַ דאָרטיקן, האט ווי עפּעס אַ לעמפּעלע געשיינט. און געלויכטן האט עס און מיט מילדער ווייס־שיין געמילדעוועט, און מיט מאָרגנשטערנדיקייט און מיט טאָג־בראָכע האָט געהעלט.

האָט עס דער הירש אַפן האָרן געהאַט און מיט דעם זיך צום וואסער דערנעענט, און אָנקומענדיק זיך אַף אַ ווײַלע פאַרהאַלטן באַם וואַסער.

האָט ער זיך דאַן אַף אַרום אַרומגעקוקט, ווי ער וואָלט זיך עפּעס געשראָקן און עפּעס מוירע געהאט פאַרן אַרום. האָט ער זיך דערנאָכ־דעם און ווי באַרואיקט פאַר דער מוירע, און דעם קאָפּ צום טייכל האט אָנגעבויגן, און פונדאָרטן טרינקען גענומען.

האָט זיך דאַן איינעם מיטן קאָפּ זיינעם אויך דאָס לעמפּעלע אָנגע־בויגן, און דאָס לעמפּעלע האט אַ שפּיגל און אַ בענטש געטאָן דאָס וואסער.

האָט זיך טייקעף אַלץ געביטן: — און דער הירש איז נישט געבליבן, און דער האָרן זיינער מיטן לעמפּעלע אַף דעם, האָבן זיך שטיל אין הימל אויבן און פונקט איבערן טייכל אַראָפּשיינענדיק באַוויזן, און אַפן אָרט פון הירש, אַפן אָרט פון זיין שטיין פריערדיקן, האָבן זיך צוויי מענטשן, מיטאַמאָל ווי דאָרט אויסוואַקסנדיק און מיטאַמאָל זיך דאָרט באַווייזנדיק, געטראָפן...

איז דאָרט איינער אויסגעטאָן געשטאַנען, און ווי שוין אין טייך אַריינגייענדיק געגרייט זיך, און דער צווייטער — אָנגעטאָן, אַף צו שטיין און אַף צו ביי זיין באַ זיין אַריינגיין.

האָט זיך דער ערשטער אײניקע ווײלעס אופגעהאַלטן און נאָך געזאַמט. איז ער אָבער לעסאָף אַרײן. און אָנגעקומען איז ביז האַלבן קערפּער, און שטײן געבליבן און פאַר אונטערטיקן נאָך אויסגעוואַרט.

האָט ער זיך דאַן אונטערגעטיקט, און אײן מאָל, און צוויי מאָל, און דער צווייטער איז אַפן ברעג געשטאַנען, און איבערן ערשטן און איבער זיך־טויוולענדיקן די הענט אויסגעשפּרייט. האט ער זיי אַזוי געהאַלטן און געבענטשט און געהײליקט זײן טווילע.

און אויך דאָס מאָרגן־לעמפּעלע, דאָס, וואָס ס׳האט אין הימל אויבן און אַפן הירש־האָרן געלויכטן, האָט צום טויוולענדיקן און צו זײן טוקן זיך אַראָפּגעהעלט, און זײן לײב מיט טאַרע, און דאָס וואַסער מיט פרײשיין געהײליקט.

האט ער זיך אָפּגעטויוולט, דער ערשטער, איז ער פון וואַסער אַרויס און אַפן ברעג געקומען. און דאַן, און פון צווייטן און אים־וואַרטנדיקן, זײנע קלײדער באַקומען. האט ער זיך אָנגעטאָן און צו עפּעס גרייט געוואָרן נאָכן אָנטאָן.

האָט זיך דער הירש דאַן ווידער באַם ברעג באַוויזן, און נאָענט פאַר די־אַפן־ברעג־שטײענדיקע זיך צוגעשטעלט. האָט ער געקניט פאַר זיי, און פריער דעם ערשטן און דערנאָך דעם צווייטן אַף זיך גענומען, און פלוצים... ווי יענע האָבן זיך נאָר דאָרט אַרופגעזעצט אַפן הירש, אַזוי האָבן מיר, אישמאָעל קויהען גאָדל און איך, א ו נ ז א ל י י ן, און אַפן הירש דאָרט רײטנדיק, דערזען... און דער הירש איז אין די בוימער אַוועק, דאָס לעמפּעלע אַף זײן האָרן האט זיך אויסגעלאָשן מיט זײן נישט־בלײבן, און דאָס טײכל איז פארהוילן געוואָרן, און דאָס וואַסער מיט די ברעגעס, און אויך די בוימער דאָרט, זײנען אונז פון די אויגן פאַרשוואונדן געוואָרן...

פאַרשוואונדן — האָב איך זיך צו אישמאָעל קויהענגאָדל דאַן אויסגעקערעוועט און מיט מײן קוק, און מיט מײן פאַרוואונדערטן אַן ענטפער און באַשײדונג בא אים געמאָנט: —

— וואָס הײסט עס?

— דאָס האָסט דו זיך צו דײן טאָג און צו דײן מאָרגן געטויוולט, און איך בין בא דײן טווילע בײגעווען, און איך בין דיר אַ אײדעס אַף דײן טווילע.

— און ווייטער?

— און איך וועל דיר אויפקלערן.

און דאָ האָט זיך פּלוצים אַפּן אָרט, וואו מיר זיינען געשטאַנען ביידע, עפּעס אַ שטיין, אַן אַלטער און אַ מאָכינער, אַ פאַרוואָגלטער און ווי פון קאַדמויגים, זיך באַוויזן, האָט ער זיך געבן אישמאָעל קויהען גאָדל גע־טראָפן, און פונקט נעבן די פיס זיינע, און דאָרט, וואו ער האָט זיך אַראָפּזעצן באַדאַרפט.

האָט ער זיך צו אים אויסגעדרייט און אַף אים אַ קוק געטאָן, דער־נאָך זיך אַף אים אַראָפּגעלאָזט און אַף אים זיצן געבליבן. און דאַן, און ער האָט זיך געווענדט צו מיר, געווענדט און אַזוי געזאָגט:

„און היינט, אין סאָף נאַכט נאָך, וועסט דו צוריק אַף הינטן, און פונ־וואַנען דו ביסט אַהער אופגעגאַן, אַראָפּגעלאָזט ווערן.

און וויסן זאָלסט דו זיין, אַז דיין אָרט איז נישט פונויבן דאָ, און דיין זאַך איז נישט דעם מישקן דאָ צו באַדינען, נאָר דיין באַרוף איז אונטן זיין, און מיט אַנדערע און מיט דיין גלייכן דאָרט אַ נייעם מישקן בויען.

און וויים: און לערנען, און אויפקלערן וועסט דו זיי דאַרפן, ווי מיט זאַכן, און ווי מיט קיילים הייליקע זיך באַגיין, און דערציילן און פאַר־שטיין געבן, ווי מיט מישקן און ביכלאַל זיך פירן, ווייל שוין לאַנג, אַז מע איז דאָרט אָפּגעוואוינט פון מישקן, און ווייל לאַנג און פון אַ צייט שוין, אַז גאָטס וואָרט און גאָטס קאָל האָט זיך נישט געהערט צווישן קוי..אַנים... און — ווי דו זעסט דעם שטיין... און אַזויווי איך לערן דיך דאָ, אַזוי וועסט דו אויך דאָרטן אַף דיין שטיין לערנען, און אַ שטיין איז שוין אָנגעגרייט פאַר דיר, און אַ שטיין וואַרט שוין דאָרט דיין קומען... און איך זאָג דיר צו: יעדעס מאָל, ווען פאַר דיר וועט אַ שווועריקייט קומען, און יעדעס מאָל, ווען פאַר דיר וועט אַ שווערע זאַך געבראַכט ווערן, — אַראָפּקומען און ווייזן וועל איך זיך צו דיר, און דאָס שווערע דיר אויפקלערן, און דאָס אומפאַרשטענדלעכע אַף קלאָר אַרויס־פירן. און הער: און דיין האַלבע נאַכט איז שוין פאַריבערגעגאַן, און צו דיין אָנהויב־טאָג זיינען נאָך איייניקע שאָען פאַרבליבן, שטעל־זשע זיך אַוועק פאַר אָנהויב־טאָג, און פאַרן פאַרלאָזן דיך, וועל דיר נאָך עפּעס און אַ דריטס באַווייזן.“

און דאָ האָט זיך אישמאָעל קויהען גאָדל פון זיין אַפן שטיין־זיצן אופגעהויבן, פון אים אָפגעגאַן און אויך מיך מיט זיך פון אים אָפגערופן.

האָט ער מיר דאַן ווידער די אויגן צום הימל אופהויבן געהייסן, און איך האָב אים געהערט און ווידער אופגעהויבן די אויגן. האָב איך אַהין געקוקט, און וואוהין ער האָט מיר אָנגעוויזן, לאַנג. האָב איך זיך געזאַמט אין קוקן, און דאַן און נאָכן זאַמען שטילן, האָב אָט־וואָס דערזען: —

האָט זיך אין הימל אַן אָרט, אַ קיילעכיקס און אַ פאַרטיפטס, אַן אָפנס און וואָס פון אונטן ברייט און אַרוף־צו שמאָל, זיך באַוויזן.

האָט עס אַ פאָרם פון אַ גלאָק געהאַט; און פוסט איז דאָס אָרט געווען, און דערווייל נאָך הויל דעמאָלט; האָט זיך טאַקע דאַן אַ גלאָק דאָרט באַוויזן, און אינם גלאָק, און אין זיין אינעווייניקסט האָט מען אויך אַ קלינגער דערזען — אַ גרויסן, אינדערמיט אַראָפהענגענדיקן, מיט אַ גראָב פאַרגרעבטקייט פון אונטן, און העכער אַרוף־צו, איז פון גלאָקס ווענט פאַרשטעלט געווען.

האָט זיך דאַן פון אונטער־גלאָק, און פון אונטער זיין אינעווייניקסט ארויס, אַ קראָ איינע באַוויזן: אַ שוואַרצע און אַן ארומפליענדיקע, און אַפן גלאָק און אַף זיין גלאַט־ראַנד איז אַרויס און אַף איין אָרט דארט זיך פאַרהאַלטן. און געגליטשט זיך דאָרט, און געדראַפעט פאָרפלענדיק, און מיט די פיסלעך און מיט די דאַר־פויגלדיקע זיך נעגלדיק געטשעפעט פאַר יענעם אָרט. איז זי לעסאָף שטיין געבליבן.

האָט מען דערזען, ווי באַלד נאָך דעם האָט זיך אונטערן גלאָק אַ לייטערל באַוויזן, מיט שטאַפלעך און מיט טרעפלעך, און עטוואָס אָנגעבויגן, און ווי אַ לייטערל שטייט איז געשטאַנען. און נישט צו זען איז געווען, אַף וואָס עס האַלט זיך דאָס לייטערל, און נישט צו באַמערקן איז אויך געווען, אין וואָס ס'שפאַרט זיך אָן מיט שפיץ.

האָט מען באַלד צו דעם די קראָ אַראָפפליען באַמערקט, און זי האָט זיך אַפן אויבערשטן און העכסטן שטאַפעלע געשטעלט. איז זי שוין דאַן נאָענט און נעבן קלינגער געשטאַנען, און אין מויל באַ איר האָט זיך אַ שטריקל, וואָס איז צום קלינגער צוגעבונדן געווען, געטראָפן.

האָט זי אַזוי אַ ווײַלע און צוויי אַפן שטאַפעלע אָפגערוט — פון אַרומפליען און שלעכט־איינשטיין פריערדיקן, פון זיך־דראַפן און פון שוואַך

זיך האַלטן אַפן גלאָק. האָט זי דערנאָך דאָס שטריקל אַ צי געטאָן, און מיט גאַנצן קויעך, ווי אין דער זייט זיך אַ נעם געטאָן.

האט זיך דער קלינגער נישט גערירט פון אָרט. האט זי נאכאַמאָל געצויגן — און ווידער האָט ער זיך נישט גערירט. האָט די קראָ דאַן צום דריטן מאָל און מיטן לעצטן קויעך אַ שלעפּ געטאָן, און דער קלינגער האָט אַ גיי געטאָן און אין דער גלאָק־וואַנט זיך אָנגערירט, און שוין אַ קלאַנג און אַ קופער־גלאָקישן באַם גלאָק אַרויסגערופן. און די קראָ האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט פון ציען, און דער קלינגער איז זיך שוין רירעוודיק צעגאַנגען. און די קראָ האָט ווידער געשלעפּט, און דער גלאָק האָט קוילעס און ווידער־קוילעס שוין אַרויסגעלאָזט.

האָט זיך עס אין הימל דערהערט, און דער געקלאַנג איז זיך אין לופט צעשוואומען, און די קלאַנגען האבן דעם גאַנצן ארום אָנגעפילט, און די קרא האט זיך אויך איצט נישט אָפּגעשטעלט, און ווי עמעצן רופן, און ווי עמעצן אַרויסרופן געוואָלט.

האט אָבער דער עמעצער נישט געהערט און קיינער איז נישט אַרויס־געקומען אַפן רוף. איז אָבער אויך די קראָ באַטוטעך געווען, און אַלץ איר זאַך געטאָן: און זאל נישט וועלן קינדער, און זאל קיין אויער נישט הערן, אָבער זי וועט צו קלינגען נישט אופהערן, און סאפקאָלסאָף וועט מען מוזן דערהערן...

איז טאַקע אַזוי געווען: האָט זיך לעסאָף און נעבן גלאָק דאָרט אין הימל, נאָך אַן אָרט און עפּעס אַ נייס אופגעעפנט, און ווי אַ הייל אין אַן ערד־באָדן האָט זיך באַוויזן. און וואָלקנס האָבן זיך דאָרט עפּעס אי זאַמלען, אי ווי צעגיין זיך גענומען, און מיט אַ צענעמעניש און מיט אַ וואָלקן־צעגיין־זיך, ווי אונטער אַ זון אַמאָל, ווען וואָלקנס דאַרפן דער זונס שיין און איר ליכטיקייט דורכלאָזן.

האָט די הייל דאַן געוואַרט און צום אנהויב נישט אַרויסבאַוויזן פון זיך קיינעם, און אייניקע מינוטן און גאָרנישט נישט אַרויסגעשטעלט פון איר פאַרבאָרגנקייט. האָט זיך דערנאָכדעם פון הייל־אַרויס אַ קאָפּ באַ־וויזן, דערנאָך אַ האַלז און דערנאָך אַ האַלבער קערפער, און דערנאָך אַ גאַנצער, און דאַן און אויך מיט פיס ארויס.

און גרויס איז געווען דער אַרויסגייער, און ריזיק געוואַקסן איז ער בעשאַס זיין אַרויסשטעלן־זיך פון הייל, און אַז ער האָט זיינע פיס אַף

דער ערד אַראָפּגעלאָזט, האָבן זיי לאַנג און ביז דער ערד אַראָפּ דער־גרייכט, און באַלד און ווי ער האָט זיך נאָר אַנידערגעשטעלט אַף דער ערד, אַזוי האָט שוין זיין קאָפּ ביזן הימל אהין, און ביזקל אין העכסטן אָרט דאָרט דערלאַנגט. איז ער אַזוי שטיין געבליבן.

האט זיך דאַן — און ווידער פון דער הייל, — א מענטשעלע און א קליינס, א נידעריקס און א נישטיקס זיך באַוויזן. און אַז דאָס מענטשע־לע איז פון הייל אַרויסגעקומען, איז דאס קינדערש און אומבאַהאָלפן שטיין געבליבן, און פון אַף־דער־ערד אַראָפּגיין, האט צו טראַכטן נישט געקאָנט, און פון אַראָפּצוקוקן אַפילע, האט מוירע און פּאַכעד געהאַט.

האט עס אַפן ריז מיט אָפּשיי און מיט פאַרוואונדערונג געקוקט, און צוריק — דער ריז דאָס מענטשעלע — האט מיט שפּאָטווערדיקייט און מיט גרינגשעצונג באַטראַכט.) זיינען זיי אַזוי אָפּגעזונדערט און אָפּגע־טיילט געשטאַנען, און ווי פאַרפרעמדטע ביידע, און א ווײַלע אזוי גע־זאַמט אין אָפּגעזונדערטקייט.

האט זיך דאַמאָלט אין הימל און איבערן קאָפּ פון ריז א שטערן באַ־וויזן, אַן אָנעווו־שטערן, אָבער א גאָלדן־לייכטנדיקער, א ציכטיקער און א כעסעדיקער, און מיט איניקייט און מיט שיין־בראָכע אַרום זיך פאַר־שפּרייטער.

האט אים דער ריז דערזען און צו אים די אויגן ארופגעריסן און אים געגלוסט מיט די אויגן. האָט ער צו אים אַרופגעקוקט און פון אים נישט צונעמען געקאָנט זיין בליק און אים געגאַרט און באַגערט און ווי פאַר־שטוינט און פאַרקישעפט געוואָרן פון זיין איבער־קאָפּ־לייכטן. האָט ער צו אים זיינע הענט אויסגעשטרעקט און מיט געהיטקייט און מיט גירי־קייט גרויסער אים אָנעמען און אַראָפּנעמען גערעכנט.

האָט ער אָבער נישט דערלאַנגט צו אים, ווייל דער שטערן איז עס־וואָס העכער און עטוואָס ווייטער פון זיין דערלאַנגען געווען. האט זיך דער ריז דאַן אַף די שפּיץ פינגער געשטעלט, און אויסגעצויגן האט ער זיך, און וויפל ער האָט נאָר בעקויעך געהאַט זיך אויסציען, און די הענט האט ער אויסגעשטרעקט, און אָט באַלד, און אָט־אָט... און אָט וועט ער אים דערלאַנגען...

האָט ער אָבער אויך דאַן נישט דערלאַנגט. און א קלייניקייט האט אים געפעלט, און א גאָרנישט שוין צום שטערן, און דאָך, און

געפעלט האט אים דאס קלייניקייט, און אָן דעם האט ער זיך נישט באַגיין געקאָנט. האט ער זיך דאַן אַף אַלע זייטן געדרייט, און ווי א אייצע פון אַל־אַרומיקן געזוכט. האט ער אָבער נישט געזען און נישט געפונען קיין אייצע.

האט ער זיך אין קליין מענטשעלע, וואס איז בא דער הייל — און די גאַנצע צייט, ווי אַף עפּעס וואַרטנדיק — געשטאַנען, דערמאָנט. האט ער זיך צו דעם געקערעוועט, און דאס אַף זיינע הענט א נעם געטאָן, און אופגעהויבן און איבער זיין קאָפּ דאָרט העכער. האט ער עס אזוי באַ די פיסלעך געהאַלטן און דאָס קערפערל און די הענטעלעך פון דעם צום שטערן און אַרוף אופגעשטעלט.

האָט דאָס מענטשעלע דעם ריזס מיין געוואוסט: האט עס די הענטעלעך אויסגעשטרעקט און פון הימל דעם שטערן דאַן באַקומען און פון דער הויך אים אַראָפּגענומען. איז ער אין די הענט פון מענטשעלע צו א קרוינדל געוואָרן, צו א זעלטנס און צו א טורעם־פּאָרמיקס, און אַפן טורעם, און אַפן שפּיץ פונויבן האט דער שטערן און דער מיט בראָכע־שיין געבענטשטער, געשיינט. האט דאס מענטשעלע דאָס קרוינדל איבער אייגן קעפּעלע און העכער ריזס קאָפּ געהאַלטן, און אַזוי און דאָס האַלטנדיק, און אַזוי און מיט דעם זאַמענדיק, האט עס נישט אַף זיך און נישט אַפן ריז אַראָפּגעלאָזט.

— לייג עס אַף מיין קאָפּ אַוועק, און זאָל עס מיין קאָפּ באַקרוינען — האט דער ריז דעם מענטשעלע באַפוילן.

— ס'איז נישט פאַר דיר און נישט פאַרדינט פון דיר.

— פאַר וועמען דען?

— פאַר דעם, וואָס האָט עס אַראָפּדערלאַנגט, פאַר קאָפּ פון דעם, וואָס האָט עס דערגרייכט פון אויבן.

— פאַר דיר?

— יאָ, פאַר דעם, וואָס שטייט אַף די אַקסל פון ריז...

האט זיך דאַן דער ריז פאַרן מענטשעלעס רייד דערשראָקן. האט ער זיך אויך פאַרוואונדערט־פאַרכידעשט אַף די רייד, און וואָס צו טאָן, און ווי אַזוי די קרוין צו באַקומען נישט געוואוסט. האט ער זיך דאַן צום אָרט, וואו איך מיט אישמאָעל קויהען גאָדל זיינען געשטאַנען, גע־ווענדט, האָט ער א קוק געטאָן און ווי א פרעג געטאָן בא אישמאָעל קויהען

גאָדל, און אַזוי און אַף אים קוקנדיק, ווי אַף אים און אַף זיין ענטפער, אַף זיין זאָג און אַף זיין לעצט וואָרט געוואַרט...

האט זיך דאַן אופגעהאַלטן אישמאָעל קויהען גאָדל און גאָרנישט נישט געזאָגט און קיין וואָרט פון מויל נישט אַרויסגעלאָזט. האָט ער נאָר מיט זיין האַנט צו דער הייל, פונוואַנעט דער ריז מיטן מענטשעלע זיינען אַרויסגעגאַנגען, א מאַך געטאָן, און שטיל, ווי א וואונק געטאָן אַהין.

האָבן זיך דאַן וואָלקנס זילבער-ליכטיקע, פוכיק-רירעוודיקע און אומגייענדיקע, ארום דער הייל און אַרום איר מויל זיך קלייבן גענומען, און זי אַרומגערינגלט און קיילעכיק אַרום איר אַרויסגאַנג-טיר ווי זיך אויסגעשטעלט.

האָט זיך דאַן אויסגעטיילט איר טיר. האָט זיך פונדאָרט באַלד א כאַיע באַוויזן, א בעריש-ווייסע און א פעלציקע, מיט א קאָפּ א ווייס-באַהאָרטן און אויך מיט קערפער און פיס האָריקע. האט זיך נאָך דער כאַיע א שעפעלע באַוויזן, א שוואַרצס און געגרייזלטס, און מיט קעפעלע צום באָדן אַראָפּ, און מיט פענעמל, ווי שמעקנדיק דעם באָדן, און פון אונטן און הינטער כאַיע זיך געהאַלטן.

זיינען זיי אַרויס איינס נאָכן אַנדערן. אוןביידע זיינען זיי שאָלעם געווען, און ביידע באפריינדעט פון הייל, און כאַיע ווי כאַיע, און שע-פעלע הינטער כאַיע, און מיט קיין מוירע, און נאָר מיט אַניוועס און מיט אונטערשטעליקייט שעפלדיקער. האָבן זיי זיך אזוי געהאַלטן גלייך, און ביידע האָבן זיך פאַר אישמאָעל קויהען גאָדל פאָרגעשטעלט.

און כאַיע האט צו אים גלייך געקוקט, און כאַיע האט אים „וואָס ער האט באַדאַרפט" געפרעגט, און שעפעלע באַ זייט פון כאַיע, און — אויך שעפעלע דאסזעלבע. האט אישמאָעל קויהען גאָדל פריער ווי באַקוקט און באַטראַכט זיי ביידע און אין אייניקע מינוטן אַף זיי זיין קוק געהאַלטן, האט ער זיך דערנאָך געווענדט צו זיי, און אַזוי, און זיך ווענדנדיק, אַפן ריז און אַפן מענטשעלע, אַף ביידע און אַף דער קרוין זיי אָנגעוויזן: —

— וועמען קער זי און וועמען קומט די קרוין?

— ביידע!.. האבן ביידע מיטאַמאָל, די כאַיע מיטן שעפעלע, געענט-פערט.

— און ווי געשיקט זיך עס? אַף צוויי קעפּ איין קרוין, ווי איז מעגלעך?

— זאָל זשע זי אין הימל בלייבן, און זאָל זי אַף ביידנס דערגריי־
כונג פֿאַר איין לוין־קרוין דינען...

און דאָ האָט זיך די כאַיע מיטן שעפּעלע פֿון פֿאַר אישמאָעל קויהען
גאָדל אָפּגעקערעוועט, און אויסגעדרייט זיך און אָפּגעגאַן, און צוריק אין
הייל זיך אומגעקערט, און דאָרט זיך געזאַמט א צייט.

האָבן זיי זיך אָפּגעזאַמט. און די כאַיע האָט זיך מיט א שטענדער
אומגעקערט, און דאָס שעפּעלע נאָך דער כאַיע, מיט א לייכטער און מיט
א ליכט אַן אָנגעצונדענער, האָבן זיי זיך אַזוי אַרויסגעוויזן מיט דעם
געטראָגענעם, און די כאַיע האָט דעם שטענדער פֿאַר דער הייל אַוועק־
געשטעלט, און דאָס שעפּעלע — דאָס ליכט מיטן לייכטער פֿונויבן.

האָבן זיי ווי אָפּגעטאָן זייערס און אין די זייטן זיך אָפּגערוקט. זיינען
זיי אַזוי שטיין געבליבן, און ווי אַף עפּעס, און וואָס נאָכדעם וועט
קומען, געוואַרט. האָבן זיי זיך אויסגעוואַרט: און אַפֿן שטענדער האָט
זיך ווידער א סייפֿער באַוויזן, און דער סייפֿער איז אויך איצט אָפֿן און
גרייט אַף צו לייענען אין אים געלעגן. האָט ער נאָר ווי אַף עמעצן,
וואָס זאָל צו אים צוקומען, געוואַרט.

האָט זיך דעמאָלט ווידער דער הימל־לייענער באַוויזן און ווידער א
שטילער און ווידער א הימלש־קומענדיקער, און ווידער איז ער גלייך
צום סייפֿער צוגעקומען, און ווייטער האָט ער זיך פֿאַר אים אַוועקגע־
שטעלט שטיל. און דאַן, און נאָכן אָנקומען, און אַזוי אין נאָכן אַוועק־
שטעלן זיך פֿאַרן שטענדער, האָט באַלד אין סייפֿער לייענען גענומען,
לייענען און אַזוי צו זאָגן: —

„און דער גלאָק און די קראָ אין גלאָק — זיינען א מאָשל, און ריז מיט
מענטשעלע, און כאַיע מיט שעפּעלע — זיינען א מאָשל אין א מאָשל,
און קראָען וועלן אין גלאָקן וואוינען, און קראָען וועלן ריזן פֿון די
היילן ארויסרופֿן, און ריזן וועלן געקרוינט ווערן וועלן, און ריזן וועלן
ניט דערלאַנגען די קרוינען. און צו קליינע מענטשעלעך און צו קליינע
העלפֿערלעך וועלן אָנקומען, און קליינע מענטשעלעך וועלן יאָ דערלאַנ־
גען, און קליינע העלפֿערלעך וועלן אַליין געקרוינט ווערן וועלן...
און ריזן מיט מענטשעלעך וועלן פֿאַר כאַיע און שעפּעלע זיך מישפּעטן
קומען, און כאַיע מיט שעפּעלע וועלן זיי מישפּעטן, און שעפּעלע מיט
כאַיע וועלן דאָס לעצטע וואָרט דאַן זאָגן...“

אזוי האט דער הימל־לייענער אין סיי זער אויסגעלייענט, אויסגעלייענט און אים פאַרמאַכט, דערנאָך זיך צו אים צוגעבויגן און אים א קוש געטאָן פאַרן אָפּגיין. האט ער זיך אופגעהויבן פון אים צו קושן, און זיך דאַן צו אישמאָעל קויהען גאָדל מיט די אויגן געווענדט און ווי א וואונק געטאָן צו אים, און אים אַפּן הימל און אַף מיזרעך־זייט אָנגעוויזן, און אישמאָעל קויהען גאָדל האט א בליק געטאָן צו מיזרעך.

האט שוין דאַן די נאַכט באַ זיך־ענדיקן געהאַלטן, און אין מיזרעך האָבן אַף שאַריען, אַף טאָג און אַף אָנהויבן, סימאָנים ווייזן זיך גענומען. האָט אישמאָעל קויהען גאָדל זיך דאַן א קער געטאָן צו הימל־לייענער, און הימל־לייענער איז נישט געבליבן. און כאַיע און שעפעלע האָבן דעם שטענדער און דאָס ליכט אין הייל אַוועקגעטראָגן — און כאַיע מיט שעפעלע זיינען שוין מער נישט ארויס פון הייל...

האט דער ריז דאַן אויך דאָס מענטשעלע פון אינדערהויך־דאָס־האַלטן אַראָפּגעלאָזט, און מענטשעלע איז פונוואַנען ס'איז אַרויס, אריין. האָט זיך דאַן אויך דער ריז צו דער הייל געקערעוועט, און פריער מיט קאָפּ און דערנאָך מיט קערפּער, און דאַן מיט צווייטער האַלב, און לעסאָף אויך מיט פיס אַהין פאַרשוואונדן.

זיינען זיי נישט געבליבן קיינער, און אויך גלאָק און קראָ פון גלאָק האָבן זיך פון זייערע ערטער אָפּגעטאָן, און איך און אישמאָעל קויהען גאָדל זיינען פאַר אַל־דעם נישט־בלייבנדיקן און פאַר דעם אַלץ־פאַרשוואונדן־ווערנדיקן געשטאַנען.

און שטיל איז געוואָרן פונויבן און אַלעס אופגעעפנטע האט זיך פאַרמאַכט און פאַרשלאָסן ווי געווען, און פון דער הימל־הייל איז קיין זייכער נישט געבליבן, און פון מויל פון הייל און פון די וואָלקנס, וואס האבן זיך אַרום דעם געזאַמלט, איז שוין קיין סימען און קיין שפור נישט צו באַמערקן געווען.

האָט דאַן, ווי טאָמעד און ווי אַלע נאַכט, דאָרט דער הימל געטונקלט און ווי פאַר פאַרטאָג דאַן אויסגעזען. האָט זיך דאַן אישמאָעל קויהען גאָדל געווענדט צו מיר און מיר אַפּן מיזרעך און אַפּן אָנהויב־טאָג אָנגעוויזן, און אַז די נאַכט שוין באַ פאַרגיין האַלט, און אַז אויך זיין צייט צום מישקן זיך אומצוקערן איז געקומען. האָט ער מיך אָפּגעזעגנט

און מיין קאָפּ געבענטשט. האָט ער זיך דערנאָך פון מיר אָפּגעקערעוועס, און שטיל צום מישקן און צום איבערגעלאָזטן זיך אַוועקגעלאָזט...

בין איך דאַן אַזוי געבליבן אָן אישמאָעל קויהען גאָדל, און פלוצים, און מיין שטיי־אָרט האָט זיך גערירט פון אונטער מיר, און דערפילט האָב איך, אז איך זינק און ערגעץ לאָז איך זיך אַראָפּ מיטן אָרט. און די אויגן האָבן זיך מיר צוגעמאַכט, און אַלץ גרינגער און גרינגער, און נידעריקער און נידעריקער האָב אַראָפּגעזונקען, און אַ צייט און אַ לאַנגע צייט האָב איך גענידערט אזוי.

און פלוצים האָב עפּעס אַ באָדן דערפילט: אַ גוטן און אַ היימישן, און אין אַן ערדישן און אין אַ פרימאָרגעדיקן האָב זיך אנגעשלאָגן. האָב איך באַלד די אויגן פון פאַרמאַכטקייט אופגעעפענט, האָב איך זיך פאַר מיין היים דערזען: פאר מיין שטוב און פאַר מיין שוועל, און פאַרטאָג און אין אישעוו פאַרטאָגיקן, און נעוויאים און יונג־נעוויאים, אין רעדלעך און אין בינטלעך, האָבן פון לאַנג און פון נאָך באַנאַכט אַף מיר און אַף מיין אָנקומען שוין געוואַרט...

II

... און אַזוי האָב איך געזאָגט צו די אַלט־און יונג־נעוויאים אין דער ערשטער נאַכט, ווען מיר האָבן זיך אַף אונזער באַרג און אין אַ הייל דאָרט אַ געמאַכטער זיך צונויפגעקליבן, — אזוי האָב איך זיי גע־זאָגט:

— ברידער און פריינט מיינע צו איין דאָר און צו איין געדאַנק אונ־זערן!

אומגעהויער איז דער צאַער פון האָבן־זיך און זיך־פאַרלירן. גרעסער און אומגעהויערער איז די פרייד אָבער פון צוריק און נאָכאַמאָל זיך געפינען...

און אין יעדן דאָר, און אין יעדן גילגל האָבן מיר אונזערן אַ ברודער און אונזערן אַ אייגענעם געהאַט, וואָס האָט זיין לעבן־לאַנג א זינס־גלייכן און כאָטש נאָך אַ איינעם צו זיך געזוכט; געזוכט, און זיינע יאָרן ארומגעבלאָנדזשעט, גערופן, און זיין קאָל האָט ווי אין אַ מידבער אָפּ־געקלונגען.

און נישט באַשערט איז אים געווען נאָך אַ זאַ איינעם צו געפינען, ווייל דער דאָר איז נישט ווערט געווען, און די צייט זיינע איז נישט ראָע געווען מער ווי צו איינעם.

און צוזען און בייזיין האָט באַדאַרפט אַליין ער, און גלוסטן און שטאַרק גלוסטן פלעג צו אַ ברודער צו זיינעם, אום מיט אים זיך וועגן זיינס און זייערס און וועגן אלגעמיין־ברידערשעס זיך צו טיילן, האָט ער נישט געהאַט און ס'איז אים נישט באַשערט געווען צו האָבן. און אָפּ־לעבן פלעג זיין וועלט, און אוועקגיין פלעג פון איר נישט קיין אויס־גערעדטער, און זיין זאַך איז מיט אים אָפּגעשטאָרבן, און קיין יורעש, און קיין איבערנעמער איז באַ זיין טויט און באַ זיין צוקאָפּנס נישט גע־שטאַנען.

און אופגיין פלעג די נעשאָמע זיינע אַן עלנטע, און שטיל צום נע־שאָמע־טויער פלעגט צוקומען, און אָנקלאַפּן פלעגט זי דאָרט אַ שטילע, און אַ שטילער טויער־מאַלעך פלעג זי באַגעגענען ארויסגיין.

און דערזען פלעג זי דער מאַלעך און נישט פרעגן פלעג שוין באַ איר גאָרנישט, ווייל אויך נישט געפרעגט, האָט שוין אַליין פאַרשטאַנען, אַז אָרעם און פאַרשמאכט איז איר לעבן פארגאַן, און אין טרויער און פאַרצאַרט איז זי צוריק צו איר היים געקומען. האָט דער מאַלעך פאַר איר קיין וואָרט און קיין טרייסט נישט געהאַט, פלעג ער זי נאָר באַ־געגענען און באַטראַכטן, און אַף איר קוקן אָן ווערטער, און שטיל און בעשאַסן באַגעגענען זי, פלעג אַ נעשאָמע און אַן ענלעכע צו איר ארויס־פירן, און שטיל און אויך יענע, איינע אַליין און אַף דער וועלט זי אַראָפּ־לאָזן...

זיינען מיר אַזוי איינציקע און פאַרלאָזטע געווען, און אין פאַרשיי־דענע וועלט־טיילן און אין פאַרשיידענע לענדער־ערטער זיינען מיר אַף דער וועלט אַראָפּגעלאָזט געוואָרן, און קיינע סימאָנים און קיינע איבער־בלייבונגען האָבן מיר נישט געלאָזט נאָך זיך אַף אונזערע ערטער.

און ביז די צייט איז געקומען, און ביז די דוירעס זיינען ראָע גע־וואָרן, און אַלע מיטאַמאָל, און אַלע איינייִנעם זיינען מיר געבראַכט געוואָרן.

און אויסגעשטאַנען זיינען מיר אין אונזער צייט, וואָס אין קיינע צייטן איז מען נישט אויסגעשטאַנען, און בייגעווען זיינען מיר אַזוינס, וואָס

קיין צייט האָט זיך אַזוינס גאָרנישט געכאָלעמט. און אַלץ געוואָרן זיינען מיר פאַר אונזער עלטער, און פאַרעלטערט אין אונזער פרי־יוגנט, און אַף אונזער וועלט איז אַ בראָך געקומען, און מיר האָבן זיך נישט גע־ריכט אַף אים, און אַף אונזער לעבן — אַן אומגליק, און מיר האָבן אים אַפילע באַם נאָמען נישט געקאַנט אָנרופן. האָט עס אונז נידערגעשלאָגן זייער און מיר האָבן זיך פאַרלאָרן אַף אַ צייט.

זיינען מיר יעדערער צו זיין גאָט געגאַן פאָרשן, אַף אונזער קיעם און אונזער וויטערדיקן צו פרעגן. האָט מען אונז געענטפערט: אַז וואָס געווען, איז געווען, און איצט און מיר מוזן זיך געפינען אַלע. האָבן מיר זיך זוכן גענומען, האָבן מיר זיך געמיט אַ צייט, און שווער איז דאָס אונז אָנגעקומען, און אישמאָעל קויהען גאָדל האָט אונז געהאָלפן אין דער זאַך. און איצט, און מיר זיינען זיך צונויפגעקומען אַלע, און היינט און מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט אַהער, צום גליק אונז — אַף באַרג, און צום מאַזל — אין דער הייל פון באַרג געפינען זיך...

ברידער און פריינט מיינע צו איין וועלט און צו איין געוועזענעם אונזערן!

און וויסן זאָלט איר זיין, אַז ערגעץ קוקט מען אַרויס אַף אונזער וועלט, און וויסן דאַרפט איר אויך, אַז ערגעץ וואַרט מען אַף אונזער קומען, וויל פעק מיט גוטס האָבן מיר פון אונזערע וועגן געבראַכט, און מיט אונזער גוטס קאָנען מיר אַסאַך און פיל־פאָלק פאַרטיילן. לאָמיר־זשע איצט צעפּאַקן אונזערע פעק, און לאָמיר איצט אַליין פון אונזער גוטס און געבראַכטן וויסן...

ברידער הייליקע!

און געווען איז דאָס דאַן, ווען איך האָב זיך צו מיין גאָט געלאָזט, און געשען איז דאָס מיט מיר, ווען איך האָב אַ לאַנגן גאָלעס אָפּגעריכט, בין איך אַמאָל אין אן עק־לאַנד געקומען, וואו אף די גרענעצן דאָרט זיינען צוויי בערג געשטאַנען. האָט אַף איינעם אַ באַרג דער באַרג־גייסט געוואוינט, און אַף דעם צווייטן — אַ שאָף דאָרט אַ פאַרבלאָנד־זשעטע.

האָב איך דערזען דעם באַרג־גייסט, ווי ער איז אָפּגעריסן און ווילד, פאַרשטויבט און פאַרוואָרלאָזט ארומגעגאַן, און גאַנצע טעג האָט אַף די ווענט פון באַרג באָרוועס און אַף די שטיינער דאָרט געקלעטערט, און

אַפן צווייטן באַרג האָט זיך די שאָף געפּאַשעט, און אָן אַ באַלעבאָס, און אָן אַ האַר אַף זיך, האָט איינע אַליין און אין אַ הייל דאָרט גע-וואוינט...

בין איך אהין אָנגעקומען און זיך דאָרט באַזעצט צווישן די בערג, און שוין פון ערשטן טאָג, און באַלד נאָך מיין באַזעצן זיך, האָב דעם גייסט און דער שאָף, דער שאָף און דעם גייסט גאָכקוקן גענומען.

האָב איך געזען, ווי אין אַ טאָג, אין אַ מיטן אַמאָל, דער גייסט אַף באַרג אין פון קלעטערן שטעלט זיך אָפּ, האַלט זיך אויף און גלייכט זיך אויס און מיטן פּאָנעם צום צווייטן באַרג דאַן שטעלט זיך.

געפינט זיך דאָרט די שאָף אים אַנקעגן און אין עסן און אין פּאַשן-זיך איז פאַרטיפט און פאַרטאָן דאַן, קוקט אַף איר דער גייסט און לאַנג אין אויג זי האַלט און ביז די שאָף זיין קוק און זיין בליק אַף זיך דער-פילט, און זי שטעלט זיך אָפּ און האַלט זיך פון פּאַשען אָפּ, און דעם קאָפּ צום גייסט דאַן קערעווועט; באַטראַכט און באַקוקט אויך זי דאַן דער גייסט, און דאַן, און נאָכן אָנקוקן זיך ביידנס, אַ שמועס און אַ מיטן-טאָגעדיקן פאַרפירט דאַן דער גייסט. און אַזוי זאָגט ער צו שאָף:

— ווער זעט דיך און ווער הערט דיך, אז דיין האַר איז פאַרהוילן? ווער מעלקט דיך און ווער שערט דיך, אַז קיינער דיך דאַרף ניט? שאָף, גיי אין אישעוו...

— שאָף, גיי אין אישעוו... און אַף וועג וועל דיך בענטשן, ווייל גייסט האָט די בראָכע, און נישט פאַר דיר איז דאָס עק-לאַנד, און נישט פאַר שאָף דאָ צו וואוינען: אַף גראָזן, אַף פּאַשע, מיט שאָף און דיין גלייכן, אַ האַר זאָלסטו האָבן, און לעמער געבוירן, געמאָלקן זאָלסט ווערן און ווערן געשוירן, אַף נערונג און נוצן דיין האַר אין די נויטן — און גייסט דאָ דיך דאַרף נישט, ווייל גייסט אַף עק-לאַנד איז...

— שאָף, גיי אין אישעוו: א הונגער אין לאַנד איז, א הונגער אַף פּי דאָרט, אַ הונגער אַף ברויט און אַ הונגער אַף גראָזן, און לאַנד-לייט פאַרשמאַכט און זיי וואַרטן אַף הילף דאָרט, און מוטערס נישט האָבן די קינדער צו זויגן, און אַ מאַלעך אין הימל איז דורכגעפלויגן, און געזאָגט האָט דער מאַלעך, אַז שווערע נאָך צייטן דעם לאַנד שטייען פאַר, און נאָך הונגערן, נויטן, און מאָרדן, געשלעגן און שלאַפקייטן, טויטן. — נעם צו זשע די בענטשונג פון גייסט, וואָס ער בענטשט דיך,

נעם אָן זיך דאָס גוטס פונם גייסט און פון עק־לאַנד, און לאָז זיך אַהין מיט די הייטערלעך־בראָכע, און לאָז זיך אהין און קום דאָרט צום מענטש אָן, שלאָג אָן זיך אין טיר און בלייב שטיין ביז ער עפנט, און עפנט אוף, דאַן קני פאַר אים קניענד, און זאָג אים: מיין האַר, איך קום פון דער ווייטן, כ׳האָב געהערט פון דיין נויט, און אין לאַנד, וואָס סע טוט זיך, און אַז הונגער דאָ הערשט, און אַז לאַנג וועט נאָך הערשן, און דיין קינד איז פאַרשמאַכט און ס׳האָט נישט צו זויגן, — בין געקומען אַצינד מיט צוויי הייטערלעך פולע, מיט קריגעלעך צוויי און מיט שאָפענער מילך, געבענטשט פון דעם גייסט און מיט ציגענער בראָכע, פאַר קינד פון דיין ווייב אַף דאָס שפייזן און נערן, פאַר קינד, וואָס דיר ליב, און אף ציפ־צאַפ זיך צאַפען!"

און אויסהערן פלעג די שאָף די רייד פון גייסט, פלעג זי אים אַזוי אַ צייט אין די אויגן קוקן, קוקן און נישט איבערשלאָגן, אים אויסהערן און ביז ער האָט זיינע רייד געענדיקט. און דאַן, און אַז ער האָט אופגעהערט צוריידן, פלעג זי די אויגן פון אים־צו־באַטראַכטן צונעמען און דאָס קעפעלע אַף דער ערד אַראָפלאָזן, פלעג זי דאָס אַראָפבויגן, און ווי גאָרנישט נישט געווען, ווייטער זיך צום גראָז צופן נעמען...

פלעג זיך אויך דער גייסט פון זיין אָרט דאַן אָפטאָן, און ווייטער האָט ער אַף זיינע שטיינער קלעטערן גענומען, און ווידער, און ווי זיין שטייגער, אַזוי דעם גאַנצן טאָג צו פאַרברענגען, און אַזוי, און שוין אָפגעזונדערט און נישט אָנקערנדיק זיך איינס מיטן אַנדערן, דעם גאַנצן טאָג, און זיך שוין נישט באַגעגענען איינס מיטן צווייטן.

גאָר פאַרנאַכט, ווען שטיל און אָוונט־רו פלעג אין די בערג אָנקומען, און קיין קלאַנג און קיין קאָל האָט שוין נישט פון טאָל און נישט פון ערגעץ אהין דערגרייכט, באַגעגענען פלעג ווייטער דער גייסט מיט שאָף זיך, און ווייטער זיך דערזען, און ווידער איינס אַנקעגן צווייטן זיך שטעלן. פלעג דער גייסט זיך ווידער צו דער שאָף קערעווען, קערעווען און איר אַזוי זאָגן:

— שאָף, שאָף, און אז די נאַכט וועט זיך אַף אונז אַראָפלאָזן, ווער וועט דיך דערמאָנען? און אַז די בערג־רו וועט אונז באַרויִקן, ווער וועט דיך געדענקען? און דער גייסט וועט דאָך באַלד שלאָפן גיין, און אין שלאָף וועט מיט כאַלוימעס פאַרנומען זיין, און אין כאָלעם וועלן

זיך אים לייטערס אופשטעלן, און דורך די לייטערס וועט אין הימל אופ־גיין, און זען וועט ער דאָרט טשערעדעס אַף פּאַשע פּאַשן זיך, אַף גרינער און אַנקעגן הימלען ליכטיקער, און אַלע שאָף דאָרט אינײנעם זײנען און נאָר אײנע אַף אַ בערגל און אָפּגעזונדערט שטײט. און פרעגן וועט ער: „פאַר וואָס שטײט די שאָף באַזונדער?" און ענטפערן וועט מען אים, ווײל זי האָט פאַרדינט און זי איז געוואָרן אַזוי צו שטײן. און אַז ער וועט ווידער „פאַרוואָס?" פרעגן, וועט מען אים ענטפערן, דער־פאַר, ווײל זי האָט דעם שאָף־געבעט נישט געהערט און די שאָפּענע מיצוועס נישט אָפּגעהיט... שאָף, שאָף! און וויסן זאָלסטו זײן, אַז אין די בערג זײנען וועלף פאַראַן, און וועלף אַף דײן קערפּערל לאָקערן, און די וועלף האָבן שוין אַף דיר גורל געוואָרפן, און צווישן זיך דײן הויט און דײן בײן צעטײלט... און וואָס וועט זײן, אַז זײ וועלן אַף דיר אָנפאַלן, ווער וועט דיך דאַן שיצן, און וועמעס הינט וועלן דיך דאָ אפשרײען? — אַז באַנאַכט ביסט אַלײן, און דער גײסט איז מיט זיך פאַר־נומען, און דער גײסט דאַן כאַלומעס זעט, און די כאַלומעס שלעכטס דיר זען?.. שאָף, שאָף!

אַזוי פלעג דער גײסט דאַן צו דער שאָף פאַרנאַכט רײדן, און אַזוי אײן טאָג, און אַזוי אַ צווײטן, און אַזוי געהערט האָב איך אַ דריטן טאָג, און דאַן, און נאָך דער נאַכט דער דריטער, און אינדערפרי און אפן פערטן טאָג, האָב געזען ווי די שאָף האָט פון באַרג אַראָפּגענידערט און פּאַמעלעך אין טאָל אַראָפּגעקומען. האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און מיך דערזען אין טאָל, האָט זי מיך באַטראַכט אַ ווײלע, און שטיל, און מיך אָפּבאַטראַכטנדיק, האָט זיך אויך פון טאָל און פון באַרג זיך אַרויסגע־לאָזט...

בין איך נאָך געבליבן נאָך אַוועקגײן פון שאָף, האָב איך זיך צום באַרג און צו זײן הויך צוגעהערט, און אַ צײט אויך אַרופגעקוקט אַרוף, האָט זיך דאַן פון אויבן דעם גײסטס אַף די־שטײנער־קלעטערן זיך דערהערט, און באַלד און איך האָב אויך דערזען דאָרט דעם גײסט, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און פּלוצים אַף זײן אָרט זיך פאַרהאַלטן, און אַזוי גע־בליבן, און ווי זײן שטײגער, מיטן פּאָנעם צום צווײטן באַרג זיך געקע־רעוועט. האָט ער זיך געווענדט צום באַרג, און אַזוי געזאָגט צו אים אַנקעגנדיקן:

— און זאָל דאס הערן, ווער ס'וועט הערן," און זאָל זיך דאס פאַר־צייכענען אויך דער, וואס אין טאָל געפינט זיך, אַז די שאָף האט אונז געפאָלגט, און אויך אַלע דאַרפן אונז פאָלגן, און דאָ איז איצט קיין אָרט ניט פאַר קיינעם, און אלע דאַרפן פאַרלאָזן מיך דא, און זאלן זיי גיין, וואוהין מ'נויטיקט זיך אין זיי, און זאָלן זיי דעם גייסט דא אליין און אף זיינע שטיינער לאָזן...

האבּ איך דאס אויסגעהערט און באַלד געפאָלגט דעם גייסט, האבּ איך זיך באַלד פון טאָל אַרויסגעלאָזט, און באַלד מיין וועג צום אישעוו אָנגע־ריכט, און באַלד האבּ איך פאַר זיך די שאָף גיין געזען, און דאַן, און שוין נישט אָפּגעשטאַנען פון שאָף...

„ברידער און פריינט מיינע!

„און דאס גיב איך אייך איבער, און דאס בעט איך אייך געדענקען, און נישט זאָגן זאָל פון אייך קיינער, און נישט טראַכטן זאָל פון אונז קיין איינציקער, און נישט מיינען זאל מען, אַז די צייט אונזערע איז אף אָפּצוזונדערן זיך אַצינד, און אַז דאס גוטס, און אז דאס געבראַכטע אונזערע, איז נאָר פאַר אונז געבראַכט,— ווער ס'טראַכט אזוי, דער נישט צו אונז געהערט, ווער ס'מיינט אזוי, דער איז פון פאלש פארפירט.

„ברידער און פריינט מיינע צו איין דאָר און צו איין דייע אונזערער!

„און וויסן דאַרף אונזער דאָר, אז דאס ביז־אהעריקע און דאס פון איינציקע געזאַמלטע, דארף איצט צווישן פיל־פאָלק צעטיילט ווערן, און געדענקען דאַרפן אויך מיר אלע, אז אונזערס און דאס געבראַכטע פון אונז, איז אַדאַנק פ י ל ע געבראַכט געוואָרן, און מער נישט, ווי שעליכים זיינען מיר געווען, און נישט צו אונז געהער דאס, וואס מיר פאַרמאָגן, און נישט קיין אייגנס איז דאס, וואס מיר האבן, און נאָר אף א צייט און אף אַ שלעכטער איז דאָס אונז איבערגעגעבן געוואָרן, און אַצינד, און או י ס איז די צייט, און די צייט, אף אונזערע באַגלויבערס דאס אומ־צוקערן איז געקומען, דאַרפן מיר דאָס אומקערן אונזערע באַגלויבערס: און ביז א קליינינקייט, און ביז אַ מינדסט, און נישט איבערלאָזן באַ זיך גאָרנישט, און נישט פאַרלייקענען, כאָלילע, קיין זאַך, און כאָלילע זיך נישט גרויס צו האַלטן, אַז דאס, וואס איז באַ אונז פאַרבליבן, א י ז מ ע ר נ י ש ט פ א ר אַ נ ע ן און נישטאָ באַ קיינעם. אומקערן און אָפּגעבן גיט עס אַלץ, פריינט מיינע, ווייל אַף דעם באַדינג נאָר איז דאָס אייך

איבערגעענטפערט געוואָרן, און אַף דעם אויפן נאָר איז אייך געטרויעט און באהאַלטן געגעבן געוואָרן דאס אַלץ...

און אָט געפינען מיר זיך דאָ אין הייל אצינד, און נאַכט און באַרג פאַרשטעלן און זונדערן אונז אָפּ פון אַלץ פון אויסער הייל, אָבער באַלד וועלן מיר זיך אַרויסלאָזן איגגיכן, און קיינער וועט דאָ נישט בלייבן, און קיין איינציקנס טריט וועט דאָ אין אָפּגעזונדערטקייט נישט טרעטן, נאָר אַלע אין פאָלק אַריין, נאָר אלע אַף טרייסט אין פאָלק!"

און אזוי האָט מיר אישמאָעל קויהען גאָדל געזאָגט:

„פון אייער כורווע קוקט א גראָז אַרויס, און אין אייער שטוב דער איינגעפאַלענער שטילע וואונדער באַווייזן זיך...

און באַנאַכט, ווען די כורווע-פיקסלעך באַפוילן אייך, אַף צו נישטערן און עפּעס אין אייערע איינפאַלונגען צו זוכן, און ווי נאָר איינס פון זיי א מינדסט שטיקל ליים, צי אַ ליאַדע ציגל, צי א ברעטל, מיטן פיסקל, צי מיט א פיסל צערודערט, אזוי טוט דעם באַלד אין די אויגן עפּעס א שיין א בלענד, און נישט קיין נאַכט זעט שוין פאַר זיך דאָס פיקסל, און נישט קיין פינצטערניש, וואָס אין נאַכט-כורוועס, נאָר עפּעס אונ-טערכורוועדיקס טוט דעם א ליכטיק, א ווייז זיך און אין די אויגן א שלאָג, בלייבט עס שטיין און ס'איז פאַרבלענדט א צייט, און דערנאָך, און ס'געוואוינט זיך צו צום אומגעוואוינלעכן, און דאַן, און ס'דערזעט עפּעס, דערזעט און בלייבט פאַרגאַפט דאן אויסן...

און זען זעט דאָס פיקסל: —

אונטער דער ערד א פאַלאַץ באווייזט זיך, א ליכטיקער און מיט פיל ליכט באַלויכטן, און דער פאַלאַץ איז פון ווייסן שטיין געבויט, און מיט גאָלד און גינגאָלד איז פארזעצט און אויסגעצירט אין ווייס-שטיין, און די ווענט זיינען מיט געמעלן און מיט פאַרשיידענע בי'לדער אויסגע-מאָלט, און די סטעליע איז הויך דערהויבן, און די מיט אירע, ווי עפּעס א באַרג און אַן ארופגייענדיקער זעט אויס.

און גרויס און ברייט איז דער פאַלאַץ, און זיין בריק איז מיט גלאַט-שטיינער געפלאַסטערט, און ליידיק און נישט פאַרנומען מיט גארנישט איז ער, און קיין זאַך און קיין הויז-ראָד געפינט זיך נישט אין אים, און נאָר אינדערמיט, אַף זיין בריק עפּעס א שטול מיט א הויכער אָנשפּאַר-וואַנט דאָרט שטייט.

און הויך איז די שטול און טרעפ פירן צו איר אַרוף, און איר געזעס איז נישט פאַרנומען פון קיינעם, און מיט איר שטיל-און לײדיק-שטײן, ווי אף עמעצנס קומען, און אף עמעצנס אף-איר-אַרופגײן וואַרט. וואַרט זי אַזוי, און קײנער ווײזט זיך נישט צו איר...

עפנט זיך דערנאָך א טיר אין פאַלאַץ און מענטשן פון פאַרשײדענער גרויס און פון פאַרשײדענער עלטער גײען ארײן, און אין די הענט און אין די אופגעהויבענע פון די מענטשן די אַרײנקומענדיקע, צו פאָר לײכטער מיט ליכט אין זײ אָנגעצונדענע געפינען זיך. און די מענטשן זײנען שטרענג געקלײדעט, און דאָס אָנטאָן זײערס איז נעזיריש-שוואַרץ, און די קלײדער זײערע זײנען לאַנג אַראָפּגעלאָזט, און די פּאָלעס ביזן בריק אַראָפּ דערגרײכן. און יעדעס קלײד פון יעדן אײנעם איז מיט א גארטל פאַרגאַרטלט און דער גאַרטל די לענדן פאַרשמאָלט, און די צוויי עקן פון גאַרטל אף אראָפּ און פון פאָרנט אראָפּלאָזן זיך...

גײען זײ אַרײן און קומען אָן, און די ליכט בא זײ מיט פײערלעכקײט און מיט יאָמטעוו ברענען, און די לײכטער, וואָס אין די הענט באַ זײ, זײנען זילבערנע און פון העלקײט און פון יאָמטעוודיקײט באהעלט. קומען אָן און שטעלן זיך אין צוויי שורעס אויס, און די שורעס פון דער טיר ביז דער שטול דערגרײכן, און אַ וואַרע א מענטשישע, א צוויי-שורעדיקע און א רואיקע בילדן. וואַרטן זײ אזוי א ווײלע...

באַווײזט זיך דאַן אין דער טיר אײנער א שטילער און געקרוינטער, מיט א שטילן אויסזען און מיט א פאַרהוילענעם ארײנגאַנג אזוינעם...

און אָנגעטאָן איז דער אײנער אין ווײסן, און זײן קלײד איז פון עכטן און פון ווײסטן שטאָף געמאַכט, און אויך ער איז באגאַרטלט, און אויך פון זײן גאַרטל צוויי עקן אַראָפּלאָזן זיך, און אויך בא אים די גאַרטל-עקן צו זײנע פיס און צו זײן קלײד אַראָפּהענגען. ווײזט ער זיך און קומט אָן אין טיר, האלט ער זיך אף איר אויף א ווײלע, און דאַן, און גײט די וואַרע דורך, און צו דער שטול גענענט און אף איר זיך זעצן גײט אַרויף...

עפענען זיך פון אלע וועגט דאַן טירן, און פיל מענטשן און פיל פאָלק באַווײזט זיך, און דאָס פאָלק פולט דעם זאַל דאַן אָן.

און פון אלע וועגט און פון אלע טירן פון די וועגט און אויך פון דער סטעליע און אויך פון באַרג-הויך פון אירער, שפּילערס און

זינגערס מיט קיילים אַלערליי און מיט קאַפּעליעס גאַנצע באַווייזן זיך. און די שפּילערס צו די קיילים נעמען זיך, און די זינגערס און די קאַפּעליעס זיך אויסשטעלן. און פון סטעליע־שפּיץ, און פון סאַמע באַרג־הויך פון אירער, איינער אַ שפּיל־און זינג־מאַיסטער באַוויזט זיך, און צו די זינגערס און צו די שפּילערס באַלד אַף שטיל־זיין און אַף צו־גרייטן־זיך אַ סימען גיט.

גרייטן זיך דאַן צו דאָרט אַלע, און איבער זאַל אַ פאַרשפּילען און אַ קיילים־אויספּרואוון דערהערט זיך.

טוט דאַן פּלוצים און פון אַלע וועגט מיטאמאָל עפּעס א שיין א שלאָג, און דער זאַל דאַן העל באַלויכטן ווערט, און די ליכטיקייט אף אַלע פּענעמער און אפן פּאָנעם פון דעם, וואס אף דער שטול זיצט, רוט. האלטן זיך דערווייל אוף און גרייטן זיך צו דאַן אַלע. און דאַן, און דער שפּיל־מאַיסטער טוט אַ וואונק און אַלע מיטאמאָל דאס זינגען־שפּילן הויבן אָן...

און א געזאַנג דאַן דערהערט זיך, און דאָס געזאַנג ווערט פון די קיילים באַלייט, שטאַרקט זיך און דערהויבט זיך פון וויל צו וויל, און שפּיל־קיילים שטייען נישט אָפּ און איניינעם מיטן זינגען דערהויבן זיך. און שפּיל־קיילים אף בערג גייען אוף, און אין טאָלן נידערן, און שפּיל־קיילים ווידעראמאָל דערהויבן זיך, און אף הויכע און ווייטע בערג שוין בלייבן...

און זען זעען דאָרט די קיילים, ווי אַ נאַכט אף וועלט און אף דר׳ערד איז אויסגעשפּרייט, אבער די נאַכט שוין באם סאָף, און די פינצטערניש שוין פארן נישט־בלייבן האלט...

און פּלוצים, און דער הימל אַף בערג דאָרט עפנט זיך, און מיטאמאָל, אין סאַמע מיט, זיך שפּאַלט... און נישט ווי דער שטייגער און נישט ווי אלע טאָג דער טאָג איצט ווייזט זיך: נישט פון קיין הימל־עק און נישט פון קיינע האָריזאָנט־פאַרוקטקייט, נאָר פון הימלס אינדערמיט, און מיט זון אין מיטאמאָל קומט ארויס, און די זון שוין הויך און גרייט איבער בערג דאָרט שטייט...

און פּלוצים, און ארום דער זון עפּעס קליינע זונעלעך ארויסקומען, און ארום דער מיטלסדיקער, אין א ראָד און אין א קיילעכדיקער שטעלן זיך אויס, און ארום יעדער זון אַ פויגל־ראָד דאָרט דרייט זיך, מיט אַ

געמאָסטן דרייען זיך און מיט א געזעצמעסיקן אזוינעם, מיט א שטיל־שוועבן און מיט א הויך־זיך־האלטן פון פויגלען. שוועבן זיי פאמעלעך און דרייען זיך אזוי ארום די זונען, אליין נאָר די זון די מיטלסדיקע אָן א פויגל־ראָד און נאָר מיט די זון־באגלייטערס איז ארומגע־רינגלט...

קוקן אהין און דערזען דאַן די קיילים, ווי פון אונטן און פון איין אָרט ערגעץ אויסגעוואַקסן א פויגל איינער,— א שטילער, און א איינ־ציקער, אן אָפּגעזונדערטער און פון אלע אַנדערע אָפּגעטיילט באַווייזט זיך, און גלייך צו זון, און גלייך צו מיטלסדיקער לאָזט זיך...

און קיילים ארופשרייען נעמען צום פויגל, און קיילים וואָרענען נעמען דעם פויגל, אז נאָענט צו זון איז א סאַקאָנע פאַר פויגל, און אז איינ־דערהויך און נאָענט צו איר אַ פויגל פאַרפאַלן דאָרט און פאַרסאַרפעט ווערט. הערט ער זיי אָבער נישט: און אַלץ ארוף, און אַלץ צו זון ציט זיך, און אַלץ נענטער צו איר פליט...

און אומרואיק ווערן די קיילים, און ארופרופן נעמען צום פויגל: און זאָל ער הערן, און זאָל ער דערהערן, די געפאַר ווערט גרעסער, און זאָל ער זיך פון זיין וועג אומקערן... הערט זיי אָבער אלץ נישט דער פויגל, און הויך איז ער שוין, און פיצלדיק אין זיין אויסזען, און באַלד וועט ער שוין ווי א שוועלבעלע זיין, און באַלד וועט ער פון אויג, ווי א שוועלבעלע פאַרשווינדן...

דערשרעקן זיך דאַן און ציטערן אוף די קיילים,און אַ שעליעך נאָך א שעליעך, און א לויפער נאָך א נאָכלויפער דאן שיקן, און א וואָרנונג נאָך א וואָרנונג, און א געשריי נאָך א געשריי א גרויסן. איז ער אָבער שוין הויך און זייער הויך, און זייערע געשרייען נישט דערגרייכן שוין צו זיין הערן, און זייערע וואָרנונגען און קאָל־שעליכים שוין צו ווייט פון אים אים צו דעריאָגן...

און אָט איז ער שוין ווייט ארוף, און אָט איז ער צו דער זון שוין אונטערגעקומען, און באַלד, און ער וועט פאַרשווינדן ווערן, און אָט איז ער שוין פאַרשוואונדן...

און קיילים אויסן בלייבן, און קיילים פאַרלוירן ווערן, ווייל דער פויגל איז פאַרפאַלן געווים, און דער פויגל האָט פאַר נישט־הערן מיט לעבן און מיט לייב באצאָלט... און שוין נישט־ריכטן ריכטן זיך אף

אים די קיילים, און שוין נישט אַף זיין געביין, און נישט אַף זיין צוריק־קערן, און נאָר אַפן אָרט, וואו ער איז ערשט געווען און איצט נישט געבליבן, קוקן, קוקן און באַדויערן יענץ אָרט... און איינציקע קיילים שטיל צעווײנען זיך אַף אַ קאָל, און אַלע איבעריקע זייער שטיל־געווײן פאַרנעמען. און פלוצים, און די גאַנצע קאַפעליע און אַלע מיטאַמאָל כאַפן זיך אוף פון געווײן, און אַלע מיט אַן אויסגעשריי, מיט אַ פרייד און מיט אַ סימכע אַ נישט־קיין אופגעהאַלטענער:

— דער פויגל! דער פויגל צוריק!!!

און דערזען דערזעען דאַן די קיילים: ווי דער פויגל, נאָכן זאַמען זיך אין זון, צוריק ארויסקומט און קערט זיך אום פון דער הויך, און קליין און פיצלדיק צוערשט, און דערנאָך—גרעסער און גרעסער אַלץ ווייזט זיך. און נישט אַליין, און נישט ווי אוועקגעפלויגן קומט ער איצט, נאָר מיט עפּעס נאָך באַלייט, און ווי מיט נאָך עפּעס אַ פליענדיקס אַף זיין וועג... און נישט צו זען, און נישט צו באַמערקן איז דאָס אים־באַלייטנדיקע, צי אַ פויגל, צי עפּעס אַן אַנדער זאַך פליט אים נאָך.

ווייזט ער זיך דאַן פון דער הויך ארויס, און אַלץ נידעריקער און נידעריקער אַראָפּלאָזט זיך, און די זאַך פון אונטער אים, שטייט נישט אָפּ פון אים, און די זאַך, וואָס נאָך אים פליט, אונטער זיין קערפּער נאָכשוועבט...

דערזען דאַן די קיילים אַף די בערג:

און אַז דער פויגל אַלץ גרעסער און גרעסער ווערט, אַ טוך, אַ ווייס־זיידענער און ווי פון דער זון אַרויסגעבראַכט, פליט אים נאָך. און קיינער האַלט נישט דעם טוך, און נישט דער פויגל אין מויל טראָגט אים, נאָר אַליין און אין לופט זיך לופטלט און נאָענט און נעבן פויגל האַלט זיך. צעוויקלט ער זיך און באַווייזט זיך דאַן: און גרויס איז ער און פאָנענ־דיק צעוואַרפט זיך, און קיין פינטעלע און קיין שפרענקעלע איז נישט צו זען אַף זיין ווייסזיידנקייט. דערפרייען זיך מיט אים די קיילים און נאָך מער, ווי מיט דעם פויגל דעם אַרויסקומענדיקן. און די סימכע זייערע אַ דאָפּלטע און אַ געצווייטע איז, און די פרייד זייערע שטאַרקט זיך זייער, און די קיילים דאַן אַ געשאַל אַרויסלאָזן און אַן אויסגעשריי אַ גרויסן:

— דער טוך! דער כופּע־טוך!!

דערזעט דאָס דאַן דאס פּיקסל, און ווי ס'דערזעט דאס אַלץ, אזוי עפנט דער פּאַלאַץ די ווענט זיינע אוף, און פאַרשוואונדן ווערט די סטעליע, אָבער די שפּילערס און די זינגערס אַף זייערע ערטער און אַף זייערע פּריערדיקע, אין זייער סיידער און אין זייער אויסגעשטעלטקייט שטייען, און אויך דאָס פּיל־פאָלק בלייבט. בלייבט דאָרט דאַן אַלץ ווי געווען אַף אָרט, און אויך די שטול און אויך דער שטילער מאַן, און אויך די וואַרע די געמאַכטע מיט די לייכטער און מיט די ליכט אין די הענט.

דערזעט דאָס דאַן אויך דער אוילעם: ווי דער פויגל קומט צו דער ערד אראָפּ און דער טוך שוועבט אים נאָך צו דער ערד, און זון און הימל באַלויכטן זייער פליען, און זונען, וואס ארום דער זון, דאס פליען זייערס צו באַלויכטן העלפן...

האט שוין דער פויגל צום פּאַלאַץ־אָרט גענידערט, און אויך דער טוך נאָך אים, און דער טוך אַפן קאָפּ פון שטול און שטילן מאַן פאַרשפּרייט זיך, און ווי א כופּע זעט אויס.

שטייט שוין און שוועבט אַף זיין קאָפּ די כופּע, און דער שטילער מאַן זיצט אונטער איר און אַלע קוקן אַף אים בעשאַס זיצן, און אַלע זיין פּאָנעם און אַלע זיין שטיל־דערהויבנקייט זען.

געדויערט עס א ווײַלע. דערהויבט זיך דאן די שטול מיטן מאַן מיט שטילן פון בריק אינדערלופט און אינדערהויך ארוף, און כופּע פונאויבן, און אויך כופּע דערהויבט זיך, און נאָך דער כופּע די וואַרע די געמאַכטע, און נאָך דער וואַרע דאָס פּיל־פאָלק, און אונטער פּיל־פאָלק די שפּילערס מיט די קיילים זייערע און אַלע און נאָך דער פאָרויס־שוועבנדנקער שטול דאן לאָזן זיך, און פארפרי־ר און פאָרויס פאַר אַלע, דער פויגל, דער זיך־אומקערנדיקער, פליט. און אזוי גייען זיי אין הימל און אין פרימאָרגן אוף, און זונען, וואָס אַרום דער זון, לאָזן זיך פון זייערע ערטער אַנקעגן די אָנקומענדיקע צו באַגעגענען, אליין נאָר די זון, די שטענדיקע און די מיטלסדיקע אַף איר אָרט דאָרט שטייט און אף דעם אָנקומען און אַף דעם דערנענטערן־זיך פון די אופגייענדיקע וואַרט...

דערזען דאָס די קיילים, און אינדערהויך און אף אַ קאָל צעשאַלן זיך און אויך דאָס פּיל־פאָלק באַוועגלעך ווערט, און אויך דאס פּיל־פאָל

אין באַוועגונג קומט, און דאָס פיל־פאָלק מיטאַמאָל די אויגן צו דער כופע דערהויבט.

און אַלע מיטאמאָל, און אלע מיט איין אויסגעשריי צעלאָזן זיך:

מיילעך, מיילעך האַמאָשיעך!!

און מוזיק שאַלט, און פיל־פאָלק שרייט אויס מיט מוזיק, און די וואַרע די ליכט מיט די לייכטער טראָגט, און כופע אף דער שטול דאָרט שוועבט, און זונען קומען אנקעגן אָן, און מיט אלע איינינעם צו דער גרויסער מיט־זון דערהויבן זיך:

— מיילעך, אונזער מיילעך דער מאָשיעך!.

אזוי זעט דאָס פיקסל אין כורווע און אזוי זעען אלע די, וואס אונזערע כורוועס באַפוילן, און דאָס דערציילט מען צווישן מענטשן אַצינד, און דאָס דערציילט מען אויך נ י ש ט צווישן מענטשן.

ברידער און הייליקע מיינע! — און אָט איז די נאַכט פאַרביי, און אָט גייט דער טאָג שוין אוף, לאָמיר־זשע איצט פון אונזער הייל אַרויסגיין, און די ערשטע דאָס ליכט אונזערס באַגעגענען.

און ארויסגעגאַנגען זיינען מיר דאַן אַלע פון הייל אַף באַרג און אף זיין שפיץ דעמאָלט; און איך בין דאַן אינדערמיט געווען, און ארום מיר די אַלט־ און יונג־נעוויאים אלע, און מיר האבן זיך מיטן פּאָנעם צום מיזרעך געשטעלט.

און אויסגעזען האבן מיר דאַן, ווי שעליכים געשיקטע, אום פאַר דער וועלט און פאַרן טאָל דעם טאָג און זיין אָנקומען באַגעגענען. און געפילט האבן מיר זיך ווי פון גאַנצן־ארומיקן אויסדערוויילט, אום די ערשטע דעם ליכט־אָנהויב צו בענטשן, און אום די ערשטע פון ליכט־זכוס צו זויכע זיין.

האבן מיר זיך טאַקע דערפילט פאר זויכע. האָבן מיר די אויגן צום מיזרעך געהאלטן, און דערנאָך און איינס מיטן אַנדערן זיך איבערקוקן געוומען, און זיך פאַרשטאַנען, און אין יענער נאַכט זיך פאַרייניקט אַף דעם פארשטאַנד, און דאַן האבן זיך שטיל אַף די קניעס אַראָפּגעלאָזט, און איך האב דאָס וואָרט גענומען און אַזוי געזאָגט פאר אלע:

— „מיזרעך, מיזרעך!! דיין טאָג גייט באַלד אוף און אַף די בערג ער געפינט אונז, און ליכט דיין אונז זען וועט אין גרויסן אַכראיעס: מיר ווייסן וואָס ווילן. און נאָך וואָס מיר דאָ קניען, אויך ווייסן דאָס

גוטס, וואָס ציסט אויס פון טאָגן, און לאַנג זיך געהיילִיקט מיר האָבן צו טאָגן, און לאַנג זיך געמיט ביזן איצטיקן אופגיין. און יאָרן געוואָגלט מיר האבן באַנאַכטן, און קימאַט שוין פארגעסן דיין פּאָנעם און אויסזען, און שטיל זיך גענערט נאָר מיט פיצעלעך שיינען, מיט ברעקעלעך ברויז פון דיין ליכטיקן אָפּפאַל, מיט קילבלעכן גליק נאָר פון שטערן־נעדאָוועס.

און אָרעם געוואָרן מיר זיינען אין וואָגלען, און מיינען געמיינט, אַז מער אונז גאָר קומט נישט, גלייך קינדער נישט זיינען: קרוין־קינדער צו פּאָטער, צו מיזרעך־וועלט־האַרן, און צו מאַמע־פרימאָרגן, און אַ טיש איז געגרייט דאָך פאַר קינדער באם פּאָטער, — מאַך גרייטן דיין טיש־זשע איצט, היילִיקער מיזרעך, מאַך גרייטן דיין טיש אונז אף די הויכע בערג דאָ, און קום מיט דיין קרוין אונז אַהער צו באַדינען, מיט אַלץ, וואָס פאַרמאָגסט, און מיט אַלץ, וואָס באַהאַלטן פאַר קינדער דו האָסט, אין די פינצטערע צייטן פאר קינדער געזאַמלט — אַצינד, אין דער ליכטיק, אַרויסקום אַצינד מיט דיין אַלץ, וואָס דיר היילִיק — דו היילִיקער מיזרעך!

— אונזער היילִיקער מיזרעך!

מיר האָבן געמיט זיך! און איידעס אונז זיינען אָט זיינען די שטערן, וואָס שטייען נאָך הויך, און אָט קאָנען זיי זאָגן, אין מאירעוו די לעצטע — און דו קאָנסט באַ זיי פרעגן: וואס האבן געטאָן די אַף בערג דאָ פאַר־זאַמלט, די איידע, וואָס ליגט און וואָס קניט איצט אַף הויך דאָרט, צי האָבן געוואַרט, און אַף וואָס, און אַף וועמען, צי האָבן געגלויבט, און צי וואָר זייער גלויבן, — אָט זאָלן זיי זאָגן...״

עס זאָגן די שטערן:

— יאָ וואָר און ס׳איז וואָר, ווי מיר באַלד פארגייען; ס׳איז עמעס־באַגלויבט, ווי מיר באַלד נישט בלייבן: געדינט האָבן נידער, ווי מיר דאָ די הויכן, די ערד און פון אונטן אין די פינצטערסטע פּאָסטנס, און שטיל־שיין געטראָגן און ליכטלעך־לאַמטערנס, און יעדער פאַרשטעלט האָט זיין ליכטעלע פייער, און יעדער געהיט עס פאַר ווינט און פאַר־לעשן, באַנאַכט אינדערשטיל און געציטערט בא פּאָלע, כאָלילע אָן דעם אינדערפינצטער נישט בלייבן, — און האָבן פאַרהיט עס און ציטעריק געהאַלטן, ביז איצט און ביז היינט אין פאַרטאָגיקן קניען, און זכוסים געהאַט, אויך ביז איצט עס דערטראָגן.

— „נעם צו־זשע עס היינט באַ זיי, הייליקער מיזרעך, נעם צו־זשע עס איצט באַ זיי לעצטס און געציטערטס, און נעם עס אַריין אין דיין כעשבן פון פייער, און צייל עס אריין אין דיין גרויס פלאַם פאַרעכנט, און רעכן עס זיי פאַר קאָרבאָנעס־נעפאַשעס, — ווייל שטערן מיר זיינען, און איידעס מיר שטערן, אַז עמעס זיי זאָגן, און וואר זייער גלויבן, אַז עמעס און וואר, און —- אָמיין וועאָמיין.

# אינהאַלט:

זייט.



*) אינערגעץ ניט געדרוקט געווען.